LEON S. GLASER

# FROM MOSCOW TO JERUSALEM

## The Morale Perishes

*LIFE-STORY*



Translated from German by
ISAAC SINGER

NEW YORK, 1938

Published by
MAX JANKOWITZ
181 East Broadway, New York

לעאָן ס. גלאַזער

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

(די מאָראַל שטאַרבט)

## א לעבנס-באַשרייבונג פון א רעוואָלוציאָנער



איבערגעזעצט פון דייטש
יצחק זינגער

ניו-יאָרק, 1938

פאַרלאַג מאַקס יאַנקעוויטש
181 איסט בראָדוויי,
ניו-יאָרק, נ. י.

# אינהאַלט

# בילדער פאַרצייכניש

# פאָרוואָרט

דערציילונגען, סיי פון פיקציע, סיי פוןווירקלעכן לעבן, נאָוועלן און ביאָגראַפיעס, זיינען אין אַלע ליטעראַטורן נישט קיין זעלטענע דערשיינונגען, אָבער זייער ווייניק פון זיי נעמען זיך אָן און מאַכן אַ רושם. דאָס בוך „פון מאָסקווע ביז ירושלים“, וואָס ליגט פאַר אונדז, איז איינע פון די גליקלעכסטע אויסנאַמען.

דאָס בוך איז אַן אויטאָביאָגראַפיע, וואָס דערציילט שטאַרקע דורכלעבונגען. דער פּראָפעסאָר, לעאָן גלאַזער, האָט דערזען דאָס ליכט פון דער וועלט אין ווילנע אין 1895, און זיין ווערק נעמט אַרום 30 יאָר, פון זיין צען־יאָריקן עלטער ביז דעם יאָר 1937. דער פּראָפעסאָר און זיין ווערק זיינען איצט באַרימט צו פאַרדאַנקען דעם גינסטיקן אורטייל, וואָס פיל ליטעראַטור־קריטיקער האָבן אַרויסגעטראָגן וועגן זיין ליטעראַרישער שאַפונג. וואָס האָט געצוימען די ליטעראַרישע וועלט? אָט דאָס ווילן מיר וויזן.

ליטעראַטור־קריטיקער, שאַצנדיק שאַפונגען פון שריפטשטעלער, זוכן אין זיי געוויינטלעך ליטעראַרישע קונסט. אָבער לעזנדיק גלאַזערס בוך, האָבן די ליטעראַטור־קריטיקער אין אייראָפּע געפונען, אַז דאָס ווערק דאַרף נישט געמאָסטן ווערן מיט דער מאָס, מיט וועלכער מען מעסט געוויינטלעכע ליטעראַטור־ווערק, נעמלעך — נאָך דער שריפטשטעלערישער קונסט, סטיל, פאָרם א. אַ. וו. נאָר נאָך זיין טענדענץ, נאָך זיין צוועק, אַלזאָ, גראָד וואָס אין אַ ווערק מיט אַן אַנדערן אינהאַלט וואָלט אָפּגעשטויסן, האָט אין דעם פאַל די קריטיקער צוגעצויגן.

דער אינטערעס אין דעם בוך איז קודם־כל, פאַרשטייט זיך, די שטאַרקע פּאַסירונגען, דעם העלדס טעטיקייטן אין דינסט פון דער רוסישער רעוואָלוציע אַלס אַרמיי־קאָמאַנדיר און זיינע איבערלעבונגען פון גרויסע געפאַרן. צו דעם ווערט דער לעזער פאַראינטערעסירט אין דעם פּראָפעסאָרס קאָמענטאַרן, וואָס ער גיט אויף די עוולות און פאַרברעכנס,

# פ אָ ר וו אָ ר ט

וואָס ער זעט, און די געוואַלד־טאָטן פון פּאָגראָמען און מלחמות, און זיין מוסר־זאָגן קעגן אוממענטשלעכקייט. אין דער מוסר־זאָגעריי ווייזט דער פאַרפאַסער כסדר, אַז „די מאָראַל שטאַרבט״; קלאָגט אויף די עוולות פון דער וועלט, וואָס זי לאָזט צו די ווילדקייטן, די רציחות, די פאַלשקייט, שנאת־חנם צווישן מענטש און מענטש.

מיר ציטירן דאָ די אָפּשאַצונגען פון צוויי ליטעראַטור־קריטיקער אין אייראָפּע.

1. די קריטיק פון ק אָ ר י אַ ל אַ ן, פּאַריז:

„דאָ שרייבט אַ מענטש, וועלכער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער און דיכטער, אָבער וועלכער האָט אין זיך קינסטלערישע שאַפונגס־קראַפט. עס איז די לעבנס־געשיכטע פון איינעם, וועלכער איז אַ נאַטור־מענטש, וועמען דער גורל האָט דאָ געלאָזן זיין סיי דער האַמער, סיי די קאָוואַדלע. עס לויפט ווי אין אַ ראָמאַן און דער לעזער איז ביז צו דער לעצטער זייט אַ געפאַנגענער פון דעם בוך, ווייל דאָ זיינען נישט בלויז אויסגעצייכנט די סטאַנציעס פון לעבן, נאָר ווייל פון דעם תוהו־ובוהו פון דעם גורל פון אַן איינצלנער פּערזאָן, וועלכע האָט געמוזט דורכבראָדיען דורך דעם זומפּ פון דער ציוויליזאַציע, האָט ער געזוכט דעם לעבן צו געבן זין און צוועק״.

„די פּאַסירונגען שפּילן זיך אָפּ אין רוסלאַנד און אין ארץ־ישראל. מיט זיין גוף און נשמה האָט ער דורכגעלעבט אין דער יוגנט אַלע דערנידערונגען פון זיין פאָלק. די מאָראַל שטאַרבט, אַ נייע אידעאָלאָגיע דערלויבט די מענטשן צו דערנידעריקן, צו פאַרפאָלגן, צו מאָרדן צוליב נאַציאָנאַליטעט, צוליב הויט־פאַרב. אַזוי ווי די שטימע פון דעם געוויסן האָט אַמאָל געפאָדערט דין וחשבון פאַר דעם פאַרגאָסענעם בלוט פון דעם ברודער הבל, אַזוי פאָדערט דער דיכטער דין־וחשבון פון דער מענטשהייט פאַר דער געמאָרדעטער מאָראַל״.

„די אַלע, וואָס זיינען קעגן דעם געזעצלעכן אומרעכט, וואָס שטייען היינט אין אַנגסט און צווייפל פאַר דער שוין אויפגייענדיקער זריעה, וועלן דעם פּראָפעסאָר דאַנקבאַר זיין פאַר דעם, וואָס ער האָט מיט דעם בלוט פון זיין האַרצן באַשריבן זיין גורל, און זיין רוף וועט אין די הערצער, וואָס מוזן היינט שווייגן, געפינען אַן עכאָ".

2. די קריטיק פון פּראָפ. אַ נ ט אָ ן מ ו נ ד י נ ג, פּראָג: אוניווערסיטעט:

„דאָס בוך פון לעאָן ס. גלאַזער „פון מאָסקווע ביז ירושלים" איז דורכאויס אָריגינעל. דאָס בוך שמעקט מיט דער מוטער־ערד — מיט דער נאַטור. דאָס בילד, וואָס ער גיט, איז ריין, נישט פאַרדאָרבן. אומגלויבלעכע באָאַבאַכטונגס־פיייקייט פון דעם שריפטשטעלער, וואָס לעבט דורך טיף, וואָס ער שרייבט און אַרבעט אויס טיף, דער סטיל איז גראַד, הגם נישט שריפטשטעלעריש געפּאָלירט, דאָך פּסיכאָלאָגיש קרעפטיק און שטאַרק אינטערעסאַנט. — זיין פאַנטאַזיע איז רייך און דאָך דורכגעפירט מיטן אמתן רעאַליזם. ער נעמט שטענדיק זיינע בילדער פוןווירקלעכן לעבן — פון דעם, וואָס ער האָט דורכגעלעבט. צום אינטערסאַנטסטן איז ווי ער מאַכט אויספירן צום צוועק פאַר מוסר אין לעבן. ער טוט עס נישט מיט אַן אויסרעכענונג פאָראויס, נאָר פון אינערלעכער נייגונג פון דער נשמה".

דאָס פענאָמענאַלע ווערק איז שוין אַרויס אין פינף שפּראַכן. די איצטיקע אויסגאַבע אין אידיש איז אין דער זעקסטער שפּראַך און אומגעזאָמט וועט עס דערשיינען אין ענגליש. מיט דער צייט וועט „פון מאָסקווע ביז ירושלים" אפשר ווערן אַ הויז־בוך אין די שפּראַכן פון אַלע ציוויליזירטע פעלקער און ווירקן צו וועקן דאָס געוויסן פון דער מענטשהייט קעגן די רציחות און אומגערעכטיקייטן פון דער וועלט.

**אַלכּסנדר האַרקאַווי.**

14טן סעפּטעמבער, 1937.

## פאָרוואָרט

# וואָס החכם דר. מ. גאַסטער, אויבער־ראַבינער פון ענגלאַנד שרייבט אין זיין בריוו פון 29טן אָקטאָבער, 1936.

טייערער פריינט מר. גלאַזער:

איך דאַנק אייך זייער פאַר צושיקן מיר אייער בוך.

נאָכדעם ווי איך האָב דאָס בוך דורכגעלעזן, מוז איך זאָגן, אַז אַלע פאַקטן וואָס איר ברענגט אַרויס, האָבן מיך זייער פאַראינטערעסירט.

ס'איז — ווי מאַקס בראָד זאָגט אין זיין פאָררעדע — אַ בילד פון אַ צעריסן לעבן, אין דער ווילדער פעריאָדע פון היינטיקער צייט.

ס'איז אַן אויטאָביאָגראַפיע פון אַן אויסערגעוויינלעך לעבן, וואָס פון אָנהויב ביזן סוף איז דאָס שפּאַנענד, אינטערעסאַנט, און דערגרייכט אַ הויכע שטופע.

# פאָררעדע

איך האָב דורכגעלייענט דאָס בוך, אין וועלכן לעאָן ס. גלאַזער באַשרייבט די געשיכטע פון זיין לעבן, און עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ געוואַלדיקן איינדרוק.

איך האָב דורכגעלייענט דאָס בוך מיט שפּאַנונג און מיט אַ פאַר־כאַפּטן אָטעם פון אָנהויב ביז צום סוף. ערשטנס צוליב דעם, ווייל אין דעם בוך ווערט באַשריבן אַווירקלעך שטורמיש לעבן, פול מיט אמתע, נישט אויסגעטראַכטע פּאַסירונגען און ליידן. עס מאַכט נישט אויס, וואָס דער שרייבער זאָגט אַרויס פון צייט צו צייט זיינע געדאַנקען. דערפון ווערט דאָס בוך נאָך מער מערקווירדיק.

די פאַקטן, וואָס ווערן דאָ באַשריבן, זיינען לעבעדיק, פול מיט נאַ־טירלעכער רייכקייט. עס איז אוממעגלעך צו פאַרגעסן דעם איינדרוק, וואָס עס מאַכט די באַשרייבונג פון דעם פּאָגראָם אין אָדעס אין 1905, די סצענע אויף דעם בית־עולם, דאָס אויסגעפינען דעם טויטן קערפּער פון דעם מחברס עלטערן ברודער און פון די איבעריקע קרובים, פּונקט אַזוי מאַכט אַן איינדרוק די באַשרייבונג פון דעם מחברס ערשטער רעוואָלו־ציאָנערער טעטיקייט, און אַזאַ יונגלערישער אויפטו ווי אָנקלעפּן אַ רוסישן פּאָליציאַנט אַ פּראָקלאַמאַציע אויפן מונדיר. באַלד ווערט אַלץ פאַרזונקען אין דער שוידערלעכער סימפאָניע פון דעם וועלט־קריג. די גרויזאַמקייט פון דעם אָרגאַניזירטן מאַסן־מאָרד ווערט אָפּט געשילדערט מיט צופיל איינצלהייטן. די שילדערונג פון דעם טייך, וואָס איז פול מיט טויטע קערפּערס, די באַשרייבונג ווי די צוויי פיינטלעכע אַרמייען באַגעגענען זיך, אָדער דאָס בילד פון דער באָמבאַרדירטער שטאָט סמירנע, געזען פון אַ שיף („די גאַנצע שטאָט האָט געשריען ווי איין גרויס משוגעים־הויז און די היימען פון טויזנטער מענטשן זיינען אויפגעגאַנגען אין פלאַמען״), — דאָס זיינען טייוולאַנישע סצענעס, וואָס וואָלטן געקאָנט דינען פאַר אַ וואָרענונג פאַר דער צוקונפט, אויב מענטשן זיינען איבער־

# פ אָ ר ר ע ד ע

הויפּט פּייאיק עפּעס זיך אָפּצולערנען אויף אַט דעם געביט. די רוסישע רעוואָלוציע — פריער קערענסקיס און דערנאָך די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע — זיינען געשילדערט פון אַ מענטשן, וואָס כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין קלאָרן פּראָגראַם, האָט ער דאָך אַלעמאָל זיך אָנגענומען פאַר די אונטערדריקטע. ער האָט אָנטיילגענומען אין פּאַרטיידיקן אָדעס קעגן די ווייסע, ער האָט געקעמפט אַרום קיעוו קעגן פּעטליורען, איז אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, איז געזעסן מאָנאַטן לאַנג אין תּפיסה, איז געוואָרן געפּייניקט און געמאַטערט. עס איז אויך אינגאַנצן מענטשלעך און פאַרשטענדלעך, אַז ער איז שפּעטער באַהערשט געוואָרן פון אַ מידקייט און זיך אָפּגעקערט פון דעם לאַנגיאָריקן קאַמף.

עס איז נאָך דאָ אַ צווייטע אורזאַך פאַרוואָס דאָס בוך האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ שטאַרקן איינדרוק. עס איז פאַראַן אין דעם ווערק אַ סצענע, איינע צווישן פיל אַנדערע, וואָס אין אַ געוויסן זין איז זי דער הויפּט־מאָטיוו פון דעם בוך. עס איז אַ סצענע אין שפּיטאָל, וואו דער דאָקטאָר זאָגט צו אים, דעם שווער־פאַרוואונדעטן סאָלדאַט, מער־ווייניקער אַזוי: „ווייסטו דען נישט, אַז די מענטשן זיינען ווילדע בעסטיעס ? איך, וואָס בין באַשטימט צו העלפן דער מענטשהייט, זאָג עס דיר". אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס דער אויטאָר טרעפט זיך צונויף מיט אַזויפיל ברוטאַליטעט ביי מענער און מיט אַזויפיל פאַלשקייט ביי פרויען, בלייבט ער אין גרונט פעסט אין זיין פאַלקסטימלעכן גלויבן, אַז די מאָראַל מוז סוף־כל־סוף זיגן. אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם שטייט אויך זיין גלויבן אין ציוניזם, די אויפלעבונג פון דעם אידישן פאָלק אין אַן אייגענער היים. דער מחבר שרעקט זיך נישט פאַר קיין ווידערשפּרוכן. ער קעמפט קעגן פּעטליורען, און ווייסט גאַנץ גוט, אַז טעראָר קאָן בלויז באַקעמפט ווערן דורך טעראָר. דערביי בענקט ער פונדעסטוועגן „נאָך דעם קורצן גוטן וואָרט, דאָס וואָרט פון ליבע און פריינטשאַפט". ער האָט ליב פאַלעסטינע, אָבער ער קאָן זיך ניט קעגנשטעלן דעם טיפּיש אידישן דראַנג צום וואַנדערן. דאָס לעבן רייסט אים אַהין און אַהער. מיר האָבן דאָ פאַר זיך אַ מענטשלעכן שיקזאַל, וואָס האָט זיך נאָך נישט אויסגעפאָרמט, נאָר געפינט זיך נאָך אַלץ אין אַ געוויסער מאָס אין אַ רויען צושטאַנד. נישט

# פ אָ ר ר ע ד ע

אַלעמאָל קען מען איינשטימען מיט אים און זיין האַנדלונג, אָבער אַלץ, וואָס ער דערציילט, ווירקט שטאַרק, מאַכט אַז מיר זאָלן זיך פאַרטראַכטן, רופט אַרויס אַ צווייפל אין אַלע דערגרייכונגען פון דער היינטיקער צייט, און זאָגט אָן, אַז די געפאַר פאַר אַ נייער קאַטאַסטראָפע איז נאָנעט. אָט דער אָנזאָג דרינגט אַדורך גלאַזערס בוך פון אָנהויב ביז צום סוף מיט אַ באַזונדערער איבערצייגונגס-קראַפט.

**מאַקס בראָד.**

# דער אָנהויב

איך בין געבוירן געוואָרן אין ווילנע, אין יאָר 1895. אין צוויי יאָר שפּעטער האָבן זיך מיינע עלטערן אַרויסגעצויגן קיין אָדעס. איך האָב געהאַט אַ גוטע זאָרגלאָזע יוגנט. איך האָב זיך וועגן מיין יוגנט נישט קיין סך אַריינגעטראַכט. זי איז פאַרבייגעלאָפן גלאַטיק און איינפאַך. עס זיינען געווען יאָרן פול מיט נאַאיוויטעט און קינדישן גלויבן. זיי געהערן צו דער שענסטער צייט פון מיין לעבן.

אָבער עס האָט נישט געדויערט לאַנג. אין 1905, ווען איך בין קוים אַלט געווען צען יאָר, האָט שוין פּאַסירט עפּעס, וואָס האָט איבער־געלאָזט טיפע שפּורן אין מיין פּסיכיק און, אין אַ געוויסן זין, געהאַט אַן איינפלוס אויף מיין גאַנץ לעבן. דאָס לעבן האָט פאַר מיר געעפנט נייע פּערספּעקטיוון. עס איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז איך געהער צו אַ פאָלק, וואָס ווערט פון אייביקע צייטן פאַרפאָלגט און געפּייניקט. איך האָב דערשפּירט דעם טעם פון זיין אַ איד.

דאָס, וואָס האָט דעמאָלט פּאַסירט, האָט זיך טיף איינגעקריצט אין מיין זכרון. איך האָב מיט די אייגענע אויגן צוגעזען וואָס אידן האָבן אויסצושטיין. אין אָדעס איז פאָרגעקומען אַ פּאָגראָם. איך האָב געזען ווי אַ צערייצטער המון האָט זיך אַריינגעריסן אין דער אידישער געגנט, געהרגעט, געשלאָגן, געבראָכן מעבל, צעריסן בעטגעוואַנט, און אַרויסגע־שליידערט דורך די פענצטער. דאָס געשריי פון ווייבער און קינדער האָט געמאַכט אויפציטערן מיין קינדיש האַרץ. אידיש אומשולדיק בלוט איז בוכשטעבלעך גערונען איבער די גאַסן. דריי טעג און דריי נעכט האָט געדויערט דער פּאָגראָם. עס האָט געטראָפן, אַז מען האָט געטויט אַ פרוי, אויפגעשניטן איר בויך און אים אָנגעפילט מיט שטרוי. אַזוי אַרום האָבן די כוליגאַנעס זיך לוסטיק געמאַכט איבער די אידישע קרבנות. דריי טעג און דריי נעכט איז די שטאָט געלעגן ווי אין אַ קאָשמאַר. קיין שום איד האָט נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. איך האָב



ל. גלאַזער אַלס סטודענט
פון קאָנסערוואַטאָריום

אַט דער אינסטרומענט
האָט באַרוהיגט דעם יונ
סטודענט אין זיינע
שווערע שעה׳ן



פּראָפעסאָר אַלעקסאַנדער האַרקאַווי
און ל. גלאַזער



ל. גלאַזער אין
דער דינסט פון
דער קערענסקי
רעגירונג



ל. גלאַזער אַלס
צאַרישער
סאָלדאַט



ל. גלאַזער אַלס
גימנאַזיסט

# דער אָנהויב

געזען דעם טויט־שרעק אויף די פּנימער פון מיינע עלטערן. איך האָב געוויינט ווען איך האָב זיי אָנגעקוקט, און זיי האָבן מיט מיר מיטגעוויינט.

די הייזער זיינען געווען אויסגעליידיקט, ווייל אַלע זיינען געלעגן אין די קעלערס און אויף די בוידעמער. אַנדערע האָבן זיך פאַרשלאָסן און פאַרבאַריקאַדירט די טירן. אָבער די רוצחים האָבן זיך אַריינגעריסן. פרויען זיינען געוואָרן געשענדעט פאַר די אויגן פון זייערע מענער און קרובים. מען האָט אפילו נישט געשוינט קליינע קינדער. ווען דער פּאָגראָם האָט זיך געענדיקט און מיליטער איז געקומען מאַכן אָרדענונג, האָט מען אַרויסגעפירט די טויטע קערפּערס אין לאַסט־וועגענער צום בית־עולם. די מתים זיינען געלעגן איינגעהילט אין פאַרבלוטיקטע מלבושים, פאַרשמירטע מיט בלאָטע. איך וועל דאָס בילד קיינמאָל נישט פאַרגעסן. צענדליקער יאָרן זיינען אַוועק זינט דעמאָלט, אָבער איך מוז יעדעס מאָל פונסניי טראַכטן וועגן יענע שוידערלעכע סצענעס.

ווען עס איז געוואָרן אַביסל שטילער, און איבער די אידישע גאַסן האָבן זיך באַוויזן פּאַטרולן פון סאָלדאַטן, זיינען מיינע עלטערן אַוועק זוכן מיין דערוואַקסענעם ברודער, וואָס איז אין דער צייט פון פּאָגראָם נישט געווען אין דער היים, און ער איז מער נישט צוריקגעקומען. מיר זיינען אַלע אַוועק אויף דעם בית־עולם, וואו הונדערטער מענער און פרויען האָבן זיך צונויפגענומען און יעדער האָט צווישן די טויטע געזוכט זיינע קרובים. יעדעס מאָל האָט זיך פונסניי דערהערט אַ האַרצרייסנדיק געשריי, ווייל אַן אייגענער, וואָס מען האָט געהאָט אַ האָפענונג, אַז ער לעבט נאָך, איז געפונען געוואָרן צווישן די טויטע. פּלוצלונג האָב איך דער־הערט דאָס געשריי פון מיין מוטער. זי האָט דערקאָנט מיין ברודער. ער איז געווען דורכגעלעכערט פון עלף קוילן, און זיין קערפּער איז געווען שרעקלעך צעשניטן. מיינע עלטערן האָבן זיך אַנידערגעוואָרפן אויף דער ערד מיט אַ געיאָמער. איך האָב מיט איינמאָל דערפילט די גאַנצע טראַגעדיע פון לעבן. מיין ברודער, ישראל, איז געווען אַ סטודענט, דריי און צוואַנציק יאָר אַלט, אַ שיינער, הויכער בחור. טאַטע־מאַמע זיינען געווען מיט אים שטאָלץ. פאַר מיר איז ער געווען דער „גרויסער ברו־דער", מיט וועלכן איך האָב מיך געקאָנט באַרימען פאַר מיינע חברים.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

איצט איז ער געלעגן טויט, מיט אַ פּנים, וואָס איז אויסגעקרימט געוואָרן פון פּיין, און עס האָט זיך אויסגעדוכט ווי ער וואָלט נאָך איצט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג אַרויסצולאָזן אַ געשריי...

נאָך לאַנגע זוכענישן, האָבן מיר אויך געפונען דעם אָנקל, מיין מו־טערס אַ ברודער, און די גאַנצע משפּחה זיינע, וואָס איז באַשטאַנען פון פיר נפשות. די קולות פון די לייט, וואָס האָבן אַרומגענישטערט צווישן די טויטע, זיינען נישט צום באַשרייבן. די טויטע זיינען געלעגן קופּעס־ווייז, מיט וואַקס־געלע פּנימער. אַ סך פּנימער זיינען געווען שרעקלעך צעקאַליעטשעט, פאַרלאָפן מיט בלוט, און עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי זאָגן שטומערהייט צו דער מענטשהייט:

„וואָס האָבן מיר אַזוינס געטאָן, וואָס מען האָט אונדז אַזוי גע־מאַטערט? פאַרוואָס? פאַר וועלכע זינד?"...

עס איז געווען ווי אַ שטומע גרויזאַמע באַשולדיקונג קעגן דעם צאַר, קעגן סטאָליפּינען, קעגן אַלע יענע, וואָס האָבן פאַקטיש אָנגעפירט מיט דעם פּאָגראָם.

איך האָב עס געפילט מיט מיין גאַנץ קינדיש וועזן, כאָטש איך וואָלט עס נישט געקאָנט אויסדריקן אין קיין ווערטער. מיין מוטער האָט מיך געלערנט, אַז מען מוז אַלע צרות אָננעמען פאַר ליב, און איצט האָב איך זי געפּרוּווט טרייסטן מיט אירע אייגענע ווערטער. מיינע עלטערן האָבן זיך אומגעקערט ווייגענדיקע און קלאָגנדיקע אין אונזער היים, וועלכע מיר האָבן געפונען האַלב חרוב. אין די שטובן האָט זיך געשפּירט ווי נאָך אַ שׂרפה, מיט רויך, קאַזאַרמע און שלעכטן שנאַפּס.

די דאָקטוירים, וואָס האָבן שפּעטער באַהאַנדלט מיין מוטער, האָבן איר אָנגעזאָגט זי זאָל אַרויספאָרן פון אָדעס און זיך באַזעצן אין אַ קליין רואיק שטעטל, וואו זי וועט גיכער קומען צו זיך. דערצו איז נאָך צוגע־קומען אַ ניי אומגליק. מיין פאָטער האָט פאַרלוירן זיין פּאָסטן ביים גראַף שוואַלאָף, ביי וועלכן ער איז געווען אַן עקאָנאָם. נאָך דעם פּאָגראָם האָט דער גראַף באַקומען אַ באַפעל, ער זאָל אָפּזאָגן אַלע זיינע אידישע אָנ־געשטעלטע.

# דער אָנהויב

אַזוי אַרום איז אונזער הויז, וואו עס האָט ביז איצט געהערשט וואוילטאָג, געוואָרן מיט איינמאָל פאַראָרעמט. מיין מוטער האָט געוויינט טעג און נעכט. מיין פאָטער, אַן ענערגישער מענטש, מיט קלוגע איינפאַלן, האָט זי געפּרואווט טרייסטן. ער פלעגט פריער, אין די גוטע צייטן, זאָגן, אַז ווען אַ פונט ברויט זאָל אפילו קאָסטן אַ פונט גאָלד, האָט ער אויך נישט קיין מורא. אָבער איצט האָט אין אונדזער הויז געהערשט אַ ביטערער עלנט. די באַנדעס, וואָס האָבן געמאַכט דעם פּאָגראָם, האָבן צוגענומען אַלץ, וואָס עס האָט זיך געפונען אין אונדזער שטוב, און איבערגעלאָזט בלויז די הוילע ווענט.

דאָס אומגליק האָט געטראָפן אויך מיך. איך האָב געמוזט פאַרלאָזן די גימנאַזיע. מיין פאָטער האָט מער נישט געקאָנט צאָלן שכר־לימוד. איך האָב דערפילט, אַז פון איצט אָן וועל איך דאַרפן איבערטראָגן אַ סך אומאָנגענעמע זאַכן, און זיך אָפּזאָגן פון אַלע פריערדיקע באַקוועמלעכקייטן. איך האָב איבערהויפּט געליטן צוליב דעם, וואָס איך מוז פאַרלאָזן די גימנאַזיע. איך האָב אָנגעהויבן פיל אַריינצוטראַכטן און זיך צו גריבלען אין מחשבות. דאָס שפּילן זיך מיט קינדער האָט מיך מער נישט אינטערעסירט. איך האָב דערפילט דעם גאַנצן בלוטיקן ערנסט פון לעבן.

מיר האָבן זיך איבערגעצויגן אין אַ קליין שטעטל, וואָס האָט געהייסן אָנאַנעוו. דאָ האָב איך פאַרבראַכט גאַנצע דריי יאָר. אין אונדזער אָרימער שטוב האָט געהערשט עלנט און נויט. דאָס ברויט, וואָס די מוטער האָט אונדז געגעבן, איז געווען דורכגעזאַפּט מיט טרערן. עפּעס מער ווי טרוקן ברויט האָב איך זעלטן באַקומען. אין אָנהויב האָט מיין מאָגן זיך געבונטעוועט. שפּעטער האָב איך מיך צוגעוואוינט, און איך האָב געדאַנקט גאָט, אַז איך האָב באַקומען עפּעס צו קייען.

ענדלעך, נאָך פיל מי און אַ סך אַנטוישונגען, איז געלונגען מיין פאָטער צו באַקומען אַ שטעלע אין אַ גרעסערער אונטערנעמונג. מיר האָבן איצט ווידער געקאָנט אָנהויבן צו פירן אַ שיין לעבן. אָבער טיף אין מיר האָב איך נישט אויפגעהערט צו ליידן צוליב דעם, וואָס איך בין אַרויס פון גימנאַזיע. אויף אַ גימנאַזיסט האָב איך געקוקט מיט גרויס קנאה.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

איך האָב געפּרואווט איינרעדן מיין מוטער זי זאָל מיך שיקן קיין אָדעס, אָבער זי האָט דערויף נישט געוואָלט איינגיין, ווייל איך בין איצט געווען איר איינציקער זון. זי האָט מיך ליב געהאַט מיט די לעצטע רעשט־לעך פון איר צעבראָכן האַרץ. אויך מיין פאָטער איז צו מיר אַלע מאָל געווען גוט. ער האָט מיך אָפט באַהאַנדלט נישט ווי אַ קינד, נאָר ווי אַ נאָענטן חבר. איך האָב ביי אים געפּועלט ער זאָל רעדן מיט דער מוטער וועגן מיך אַרויסשיקן קיין אָדעס, און אים געלאָזט וויסן, אַז איך בין פעסט אַנטשלאָסן צו פאָרן. נאָך לאַנגע רייד האָט מיין מוטער איינגעשטימט איך זאָל זי פאַרלאָזן און צוריק ווערן אַ גימנאַזיסט.

אין אָנהויב הערבסט, 1911, בין איך אָנגעקומען קיין אָדעס. איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַ יאָר זעכצן און די געשעענישן פון די לעצטע צייטן האָבן מיך געמאַכט רייף און זעלבסטשטענדיק. מיין גאַנצער קאַ־פּיטאַל איז באַשטאַנען בלויז פון עטלעכע רובל. אָבער איך בין געווען פול מיט ענערגיע און זיך נישט געזאָרגט. איך בין גרייט געווען אַלץ צו טאָן אַבי איך זאָל קאָנען שטודירן. עס איז צו יענער צייט נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. פאָרמעל איז דער פּלאַץ פאַר אידישע סטודענטן געווען באַגרעניצט. פאַקטיש האָט מען קיין אידן איבערהויפּט נישט צוגע־לאָזט. מען האָט געדאַרפט האָבן אַ סך פּראָטעקציע אָנגענומען צו ווערן. איך האָב, אָבער, קיינעם נישט געקאָנט. איך האָב נישט געהאַט מער ווי מיין יוגנט, און מיין שטאַרקן פאַרלאַנג צו געפינען אַ שטעלונג אין לעבן. איך בין אָנגעקומען אין אַ מוזיק־שול, ווייל איך האָב נאָך אין דער היים געשטרעבט צו באַהערשן וועלכן עס איז מוזיקאַלישן אינסטרומענט. טיף אין מיר האָט געלעבט אַ וועלט מיט געפילן, וואָס האָבן געזוכט זייער אויסדרוק. איך האָב געמוזט אַרבעטן, ווייל פון דער היים האָב איך נישט באַקומען קיין געלט. מיין מוטער פלעגט מיר פון צייט צו צייט צושיקן אַ פּעקל מיט עסנוואַרג, אָבער זי האָט עס אָפּגעשפּאָרט פון מויל, ווייל די צייטן זיינען ווידער געוואָרן ערגער, און איך האָב מיך דערפון אינגאַנצן אָפּגעזאָגט. איך האָב אָנגענומען אַרבעט אין אַ פאַבריק פון מאַקאַ־ראָנען און דערפון האָב איך אויסגעאַרבעט אויף מיין הוצאה און אויך אויף צו צאָלן פאַר מיין שטודיום אין דער מוזיק־שול. אין דער שול איז געווען אַ

# דער אָנהויב

סטודענט, מיינער אַ קאָלעגע, וואָס איז געווען פונקט אַזאַ „מיליאָנער" ווי איך אַליין... היינט איז ער באַקאַנט אין דער וועלט. ער איז נישט קיין אַנדערער ווי דער ווירטואָז יאַשאַ... אין דער צייט פון די פויזעס פלעגן מיר אָפט שמועסן וועגן דעם ווי אַזוי מיט איינמאָל צו ווערן רייך און באַרימט. איך האָב דעמאָלט נאָך נישט געוואוסט, אַז אויב מען איז רייך, איז מען שוין באַרימט אויך... מיר האָבן געגלויבט און געפּרואווט איבערצייגן אונדזערע פריינט, אַז מיר זיינען אייגנטלעך נישט אַנטדעקטע גאונים, און מיר וועלן פריער אָדער שפּעטער געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. אינגיכן האָב איך געהאַט די געלעגנהייט אַריינצוטרעטן אין קייזערלעכן קאָנסערוואַטאָריום. מיין פריינט יאַשאַ, דאַקעגן, איז אַרויסגעפאָרן איבער דער וועלט.

איך האָב געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג. פון קיין אַכט־שטונדיקן אַרבעטס־טאָג האָט מען דעמאָלט נאָך אין אָדעס נישט געוואוסט. ביינאַכט האָב איך שטודירט מוזיק. איך פלעג אַהיימקומען פון דער אַרבעט אַ מידער און צעבראָכענער. איך האָב קיינעם נישט געהאַט פאַר וועמען איך וואָלט געקאָנט דערציילן וועגן מיינע ליידן און זאָרגן. איך פלעג גלייך נעמען די האַרפע, וואָס איז געשטאַנען אין אַ ווינקל, און איר פאַרטרויט אַלע מיינע סודות...

די איינציקע פרייד אין מיין לעבן און דעם איינציקן גייסטיקן געניוס האָט מיר געגעבן די באַקאַנטשאַפט מיט אַן עלטערן און באַרימטן שריפטשטעלער, מ. גראַנאָווסקי (דער פאָטער פון באַרימטן רעזשיסער גראַנאָווסקי, וואָס איז ערשט נישט לאַנג געשטאָרבן), אַ תלמיד פון טאָלסטאָיען, און מיינער אַ שכן. ער איז געווען אַ הויכער פעסט־געבויטער מאַן, אַלעמאָל גוט געשטימט, מיט אַ פריילעך פנים, און זייער אָפט פלעגט ער אַריינקומען אין מיין אָרים צימערל און דערין אַריינברענגען פרייד.

דאָס צימערל איז געווען אַזוי קליין און נידעריק, אַז ער האָט זיך געמוזט איינבויגן, ווען ער האָט איבערגעטראָטן די שוועל. עס איז געווען קאָמיש צוצוזען ווי ער פלעגט זיך צונויפקאָרטשען אַריינקומענדיק צו מיר. קיין שטול איז אין מיין צימער נישט געווען און ער האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ מאַקאַראָן־קעסטל, וואָס איך האָב אַמאָל געבראַכט

אַהיים פון דער פאַבריק. דער קאַסטן און דאָס בעט זיינען געווען דאָס גאַנצע מעבל אין מיין שטוב. איך פלעג מיך יעדעס מאָל אַנטשולדיקן פאַרוואָס איך האָב נישט קיין שטול, אָבער ער האָט דערויף געענטפערט מיט אַ שמייכל, און ער פלעגט צו מיר אַ זאָג טאָן אין זיין גוטמוטיקער באַס־שטים:

— ניטשעוואָ, יונגערמאַן, זאָרג נישט, וועסט נאָך מיט דיין ענערגיע אַ סך דערגרייכן. איך פאַרזיכער דיר, יונגערמאַן, אַז דו וועסט נאָך האָבן אין לעבן אַ סך דערפאָלג.

זיינע ווערטער האָבן מיך באַרויקט און פריילעך געמאַכט. איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז ער וויל מיר צוגעבן מוט. מיין נשמה האָט זיך שוין אָנגעהויבן צו בונטעווען קעגן דעם, וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. סיי די אַרבעטער אין דער פאַבריק, סיי מיינע קאָלעגן אין קאָנסערוואַטאָריום, האָבן מיך שוין געהאַט אויפגעקלערט וועגן די גרויסע סאָציאַלע אונטערשיידן, וואָס זיינען פאַראַן אין אונדזער געזעלשאַפט, און אַז שולדיק אין דעם עלנט פון די מאַסן זיינען די יעניקע קרייזן, וואָס אויף זיי שטיצט זיך דער צאַרישער רעזשים. איך האָב מיך אַזוי אַרום אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט די רעוואָלוציאָנערע קרייזלעך. איינמאָל האָט מען מיר געגעבן אַ גאַנצן פּאַק מיט פּראָקלאַמאַציעס צום פאַנאַנדערטיילן. איך האָב געהאַט אַזויפיל מוט, אַז איך בין צוגעגאַנגען צו אַ פּאָליציאַנט און אים הינטנאַרום אַ פרעג געטאָן: „קאָטאָרי טשאַס?“ — ווי שפּעט איז? אין דער צייט, ווען דער פּאָליציאַנט האָט זיך גענומען פאַרען מיט זיין שווערן זייגער, וואָס האָט געהאַנגען אויף אַ לאַנגער בלעכענער דיוויסקע, האָב איך אים מיט אַ שפּילקע צוגעשטעפּעט אַ פּראָקלאַמאַציע צום מונדיר, אויפן רוקן. דער פּאָליציאַנט איז לאַנג אַזוי געשטאַנען, און די פאַרביי־גייער האָבן געלייענט אויף זיין פּלייצע דעם „אויפרוף צום פאַרשקלאַפטן פאָלק פון רוסלאַנד“... טיילמאָל פלעג איך אָנקלעפּן אַ רעוואָלוציאָנערן פּלאַקאַט אויפן עק פון אַ באַלעבעטער גאַס, אויב עס איז דאָרט גראָד נישט געשטאַנען קיין פּאָליציאַנט, כאָטש איך האָב געוואוסט, אַז ווען מען זאָל מיך פאַקן, וועל איך דערפאַר קיין האָניק נישט לעקן. איך האָב אַלץ געטאָן אויס דער איבערצייגונג, אַז אַזוי אַרום קעמף איך קעגן די

## דער אָנהויב

אונטערדריקער. איך האָב אויך געקאָנט פריי שמועסן וועגן דעם מיט מיין שכן, דעם שריפטשטעלער גראַנאָווסקי. ער איז געווען דער ערשטער מענטש, וואָס האָט מיר גייסטיק אַ סך געגעבן. ער איז אינגיכן געוואָרן מיין וועגווייזער און פירער. זיינע ווערטער און זיין שמייכל זיינען געווען פאַר מיר אַ טרייסט און מיך אָנגעפילט מיט נייע האָפענונגען.

עס איז נישט אָנגעקומען לייכט צו ענדיקן דעם קייזערלעכן קאָנסערוואַטאָריום. עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך מי און געלט. אָבער אַ דאַנק מיין ענערגיע האָב איך אַלץ אויסגעפירט. איך האָב באַקומען אַ דיפּלאָם און בין געווען דערפון זייער שטאָלץ. איך האָב אויך אין יענעם טאָג אָנטיילגענומען אין אַ קאָנצערט, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן פאַר אָרימע, כאָטש איך אַליין בין געווען אָרים. דער קאָנצערט איז געווען אַ ריזיקער דערפאָלג, און איך האָב געמוזט געבן אַ צווייטן קאָנצערט, אין מלוכה־טעאַטער. דאָס טעאַטער איז געווען פול און איך האָב באַקומען אַ גרויסן אַפּלאָדיס.

צו יענער צייט האָבן מיינע עלטערן פאַרלאָזט דאָס קליינע שטעטל און זיך ווידער אַריבערגעצויגן קיין אָדעס. די כוואַליע פון אַנטיסעמיטיזם איז צייטווייליק איינגעשטילט געוואָרן. גרויסע טיילן פון רוסישן פאָלק האָבן אָנגעהויבן איינצוזען, אַז דער אַנטיסעמיטיזם איז נישט מער ווי אַ מיטל אין די הענט פון דער רעאַקציאָנערער רעגירונג ווי אַזוי צו פאַרדעקן אירע אייגענע זינד. טיילווייז זיינען פאָרגעקומען ענדערונגען אין דער רעגירונג אַליין. עס זיינען געקומען צו דער מאַכט מענטשן, וואָס זיינען געווען ליבעראַלער פון דעם בלוטיקן פּרעמיער־מיניסטער סטאָליפּין. זיי האָבן געוואָלט עפּעס טאָן פאַר רוסלאַנד און גאַנץ גוט געוואוסט, אַז אָן אידן וועלן זיי נישט ווייט דערגיין, שוין צוליב דעם וואָס די גרויסע פראַנצויזישע באַנקען, וואָס האָבן פינאַנסירט די רוסישע רעגירונג, האָבן געהערט צו אידן.

די שטימונג איז געוואָרן עטוואָס אַ בעסערע. אויף אַ ווײַלע האָט אויסגעזען, אַז דאָס פאָלק איז איבערגעזעטיקט געוואָרן מיט די אינערלעכע קאַמפן, און אַז עס וויל זיך ווידער אַ נעם טאָן צו פרידלעכער אַרבעט. אַזוי אַרום האָט פאַסירט, אַז דער גראַף שוואַלאָוו האָט ווידער צוריק־

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

געגעבן מיך פּאָטער דעם פּאָסטן, אויף וועלכן ער איז געזעסן לאַנגע יאָרן. מיינע עלטערן זיינען ווידער געקומען צו זיך. אין שטוב איז געווען פּרנסה, און עס האָט זיך אפילו אויסגעדוכט, אַז מען הויבט אָן אין אונדזער שטוב ביסלעכווייז צו פאַרגעסן די שרעקלעכע איבערלעבונגען פון די לעצטע יאָרן. פונדעסטוועגן זיינען אויף מיין מוטערס פּנים געבליבן די קנייטשן, וואָס די טראַגישע יאָרן האָבן איינגעקריצט. אַ מאַמע קאָן נישט פאַרגעסן איהר פאַרלוירענעם זון.

# נויט ברעכט אייזן

די זיבן פעטע יאָר האָבן נישט לאַנג געדויערט. איידער מיר האָבן באַוויזן זיך אויסצורוען נאָך די אַלטע צרות, זיינען אַרויסגעטראָטן אויפן האָריזאָנט די געשפּענסטער פון דעם וועלט־קריג.

אין יאָר 1914 איז געקומען דאָס, פאַר וועלכן מען האָט אַזוי לאַנג זיך געשראָקן. דורך איין אוקאַז איז גאַנץ רוסלאַנד מאָביליזירט געוואָרן. די אויפרעגונג און די שרעק זיינען געווען גרויס. מען האָט זיך אָבער געטרייסט, אַז דער קריג וועט לאַנג נישט דויערן. די מאַסע האָט נישט געוואָלט קיין קריג. מען האָט נאָך נישט געהאַט פאַרגעסן די בלוטיקע געשעענישן פון 1905 און פון די שפּעטערדיקע יאָרן. אָבער מיט דער וועלט פירן די שטאַרקע, נישט די שוואַכע. מיליאָנען מענער זיינען גע־טריבן געוואָרן אין קריג. הונדערטער טויזנטער פאַמיליעס זיינען רואינירט געוואָרן. מוטערס און קינדער, ברידער און שוועסטער זיינען אָפּגעריסן געוואָרן איינער פון אַנדערן. אַ שוואַרצע בלוטיקע האַנט האָט זיך געלייגט אויף דעם שיקזאַל פון די מאַסן. איך בין געווען פון דעם אַלעמען ווי דערשיטערט. איז דאָס די ציוויליזירטע מענטשהייט? — האָב איך מיך געפרעגט. — איז דאָס דער פּראָגרעס? דאַרפן זיך מענטשן קוילן איינער דעם אַנדערן בלויז דערפאַר, ווייל זיי געהערן צו אַנדערע פעלקער? וואו זיינען אַהינגעקומען די געפילן און די מאָראַל? ווען די שטאַרקע אַרויפצווינגען אויף דער מענטשהייט אַן אַנדער מאָראַל, צוגעפּאַסט צו זייערע צילן?

מיר, די רעוואָלוציאָנערע יונגעלייט, האָבן מיט שרעק און האָפענונג געקוקט אויף די רעזולטאַטן פון דעם וועלט־קריג. ווען נישט די באַ־וואָפנטע מאַסן אויסנוצן זייער וואָפן קעגן די יעניקע, וואָס האָבן זיי געשיקט צום טויט? עס איז געווען שווער צו פאַרגעסן, אַז דער מאַסן־מאָרד איז

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

אָרגאַניזירט געוואָרן פון מענטשן, און דערצו פון אַזעלכע, וואָס זיינען טיף איינגעוואָרצלט אין דער ציוויליזאַציע און אין דער קולטור...

אַ סך האָבן פּאָראויסגעזאָגט, אַז די רוסישע אַרמיי וועט זיגן. איך אַליין, צוגלייך מיט אַ סך אַנדערע רעוואָלוציאָנערע יונגעליים, האָבן נישט אַזוי שטאַרק געגלויבט אין די צוקונפטיקע נצחונות פון דער צאַרישער אַרמיי, אָבער אונזער שוואַכע שטים איז נישט דערהערט געוואָרן אין דער גרויסער צעטומלעניש. די מענטשן זיינען מיט איינמאָל געוואָרן בלוטדורשטיק, נקמה־גיריג, און זיי האָבן געמוזט באַפרידיקן זייער ליידנשאַפט. אונדזער קליינע פאַמיליע איז אויך פאַנאַנדערגעריסן געוואָרן. טאַטע־מאַמע האָבן געדאַרפט אָפּגעבן זייער איינציקן זון פאַר אַ קרבן צו דעם בלוטיקן מולך, וואָס האָט מיט אַ צלם אַריינגעזאַרט זיינע קרבנות. די קירכע האָט, ווי אַלעמאָל, געהייליקט דעם מאַסן־מאָרד.

איך בין נאָך געווען צו יונג אַריינגעצויגן צו ווערן אין אַקטיוון מיליטער־דינסט, און מען האָט מיך קאָמאַנדירט אין דער אָדעסער אַמוניציע־פאַבריק „גענא", וואו מען האָט פאַבריצירט ביקסן און האַרמאַטן. שפּעטער האָט מען מיך איבערגעשיקט אין אַן עלעקטרישער קראַפט־סטאַנציע.

דאָרטן האָב איך מיך אייגנטלעך געקאָנט פילן גאַנץ גוט. איך האָב אַמווייניקסטן נישט געדאַרפט צוזען ווי מען גרייט צו מאָרד־געצייג אום־צוברענגען אומשולדיקע מענטשן בלויז צוליב דעם ווייל עס לוינט זיך עטלעכע גענעראַלן, אַז מענטשן זאָלן זיך פיינט האָבן און קעמפן איינער מיט דעם אַנדערן. מען האָט אונדז אָגערייצט אויף מענטשן, וואָס מיר האָבן קיינמאָל מיט די אויגן נישט געזען, און מען האָט אונדז וועגן זיי אָנדערציילט נישט־געשטויגענע נישט־געפלויגענע געשיכטעס, אַבי אונדז אָנצופילן מיט האַס און רציחה. איך האָב אַלץ אָפּטער מיך אַליין געפרעגט: וואו איז אַהינגעקומען די מענטשלעכקייט? וואו איז דער גלויבן? עס איז אַלץ שטאַרקער געוואָרן אין מיר די איבערצייגונג, אַז איך שטיי ביי דעם קבר פון אַלדאָס מענטשלעכע.

דער ערשטער ווינטער איז געקומען. מען האָט אונדז איינגערעדט, אַז באַלד, באַלד וועלן מיר איינעמען וויין, בודאַפּעשט, בערלין, און אַז אָט־אָט וועט ניקאָלאַי דער צווייטער צונעמען ביי זיין קוזין ווילהעלם דעם

צווייטן דעם טראָן. מיר, רעוואָלוציאָנערן, האָבן נאַטירלעך געהאַט אַן אַנדער מיינונג, אָבער קיינער האָט נישט געוואַגט זי אַרויסצוזאָגן הויך אויפן קול. די רוסישע אָכראַנע האָט געאַרבעט פעסט. קיין שפּיאָנען האָבן נישט אויסגעפעלט. די יעניקע, וואָס האָבן זיך געפּרואווט אַרויס־דרייען פון גיין אין קריג, האָבן באַקומען שווערע תפיסה־שטראָפן. שפּע־טער האָט מען אפילו אָנגעהויבן צו דערשיסן יעדן דעזערטיר. דאָס מענטשלעכע לעבן האָט נישט געשפּילט קיין ראָל.

דער קריג האָט זיך פאַרשלעפּט אַלץ לענגער, און אין ווינטער 1915 האָט מען ענדלעך מיך צוגענומען צום אַקטיוון מיליטער־דינסט. מיין מוטער איז געווען פאַרצווייפלט. מיין פאָטער האָט געפּרואווט אויס־נוצן די גאַנצע פּראָטעקציע מיך אַרויסצוקריגן אויף דער פריי, אָבער עס איז געווען אוממעגלעך עפּעס אויפצוטאָן. אַ סך עלטערן האָבן געפּרואווט אַלדאָס מעגלעכע צו באַפרייען זייערע קינדער, אָבער די הערשנ־דיקע קלאַסן, די רייכע, האָבן אויסגענוצט זייער מאַכט און זייער איינפלוס פאַר זיך אַליין. פריער זיינען זיי געווען פּאַטריאָטיש און זיינען אפילו שטאָלץ געווען וואָס זיי זיינען מקריב זייערע זין פאַרן פאָטערלאַנד. שפּעטער, אָבער, זיינען זיי קליגער געוואָרן און געזען, אַז זייערע זין זאָלן בלייבן הינטערן פראָנט. איבערהויפּט — נאָכדעם ווי עס האָבן זיך אומגעקערט די ערשטע פאַרוואונדעטע סאָלדאַטן און זיי האָבן געזען ווי פאַרקריפּלט זיי זיינען געוואָרן.

איך, אַ זון פון איינפאַכע בירגער, קנאַפּע גבירים, האָב, נאַטירלעך, גלייך געמוזט גיין אויפן פראָנט, אין די סאַמע פאָדערשטע רייען. מען האָט מיך צוגעטיילט צו דעם זעקס־און־פערציקסטן באַטאַליאָן. אַלס איד האָב איך באַזונדערס שווער געליטן. „מאָשקע" איז אין רוסלאַנד אַלעמאָל געווען אַ הפקר־מענטש. יעדער פאָליציאַנט און יעדער קאָזאַק האָט געקאָנט טאָן מיט אים וואָס עס איז אים געפעלן געוואָרן.

די דינסט איז געווען זייער אַ שווערע. דאָך איז מיר געלונגען נאָך די ערשטע עטלעכע וואָכן צו געווינען די סימפּאַטיע פון מיינע עלטסטע.

שפּעטער־צו האָט מען מיך צוגעטיילט צום קריגס־שטאַב. דאָרטן איז מיין דינסט געווען לייכטער, ווייל די אָפיצירן האָבן מיך גערן געהאַט.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

דאָך האָב איך מיך נישט איבערגענומען און געטאָן מיין דינסט פּינקטלעך און פלייסיק. ביסלעכוויז האָבן מיינע עלטסטע מיך אָנגעהויבן צו באַהאַנדלען ווי אַן אייגענעם מענטשן. איך האָב אויך באַקומען בענדלעך און געקראָגן דעם ראַנג פון אונטעראָפיציר.

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך דערהאַלטן די טרויעריקע נייעס, אַז מיין פריינט און גייסטיקער פירער, דער שריפטשטעלער גראַנאָווסקי, איז פּלוצלונג בלינד געוואָרן אויף ביידע אויגן. עס איז גאָרנישט צו באַשרייבן דעם שרעקלעכן איינדרוק, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף מיר. איך בין באַלד צו אים אַריבערגעפאָרן. איך האָב אים גלייך גענומען טרייסטן, און אים געזאָגט, אַז איצט וועט ער אַמווייניקסטן נישט מוזן צוזען די אַלע ווילדקייטן, וואָס ווערן אָנפגעטאָן אַרום אים. איך האָב אים אויך צוגעזאָגט, אַז איך וועל אים אָפט באַזוכן. ער, דער מענטש, וואָס האָט געזען די וועלט דורך־און־דורך, און וואָס האָט געהאַט דעם זעלטענעם טאַלאַנט אַריינצוקוקן אין די טיפענישן פון דער נשמה, — האָט איצט מער נישט געקאָנט אַ קוק טאָן אויף דער ליכטיקער שיין. עס האָט מיך געמאַכט שרעקלעך טרויעריק.

מיר האָבן לאַנג געשמועסט. גראַנאָווסקי איז געווען אַ מייסטער פון דערציילן. ער האָט מיר, צווישן אַנדערעס, איבערגעגעבן אַ סך אינטערעסאַנטע איינצלהייטן פון טאָלסטאָיס לעבן. ער האָט אויך אַרויסגעבראַכט אַ סך שיינע געדאַנקען און פיינע באַמערקונגען, וואָס האָבן מיך איבערגעטראָגן אין דער וועלט פון קונסט און וויסנשאַפט.

זינט דעם בלוטיקן פּאָגראָם אין אָדעס און די שפּעטערדיקע געשעענישן, האָב איך, ווי שוין געזאָגט, געמוזט פאַרלאָזן די גימנאַזיע, און איך האָב מער נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו באַרייכערן מיין וויסן. גראַנאָווסקי פלעגט דעריבער מיר געבן אויפקלערונגען וועגן אַ סך זאַכן וואָס זיינען געווען פאַר מיר אומפאַרשטענדלעך. ער האָט מיך געלערנט אויף אַ פּראַקטישן שטייגער, וואָס שטייט אין איינקלאַנג מיט דער מאָדערנער פּעדאַגאָגיק.

שמועסנדיק מיט גראַנאָווסקין וועגן פאַרשיידענע פראַגן, האָב איך ביסלעכוויז פון זיינע רייד באַקומען אַ פולשטענדיק וועלט־בילד, וואָס

איז געווען דורך־און־דורך אָריגינעל, און וואָס איז געוואָרן דער גייסטיקער פונדאַמענט פון מיין לעבן.

אין די טיפעניש פון מיין נשמה האָט געברענט אַ פייער. דער גאַנצער סיסטעם פון אומרעכט האָט מיך אָנגעפילט מיט שרעקלעכער פאַרביטע־רונג. מיין נישט־געצוימטער טעמפּעראַמענט האָט געדראָט מיט אַן אויס־ברוך. אומעטום ביי יעדער געלעגנהייט האָב איך געזען אויף איין זייט נויט און עלנט, און אויף דער אַנדערער זייט — רייכטום און איבערפלוס.

כדי צו האַסן די רייכע מוז מען זיין נישט בלויז אָרים, נאָר מען מוז אויך האָבן די אינערלעכע איבערצייגונג, אַז מען פאַרדינט אַ בע־סערן גורל. דער גרעסטער טייל קבצנים גלויבט, אַז זיי דאַרפן זיך מאַ־טערן און אָפּקומען אויף דער זינדיקער ערד. בלויז די מער באַוואוסט־זיניקע בונטעווען זיך קעגן דעם עלנט. אָבער די יעניקע זיינען שוין נישט אַזוי אָרים. זיי זיינען רייך אין דערקענטעניש און אין דערפאַ־רונג, און ווייסן, אַז דאָס לעבן האָט נאָך אַ סך אַנדערע רייכטימער ווי דאָס גאָלדענע קאַלב.

אין מיין מוח האָבן זיך פונסניי גענומען וועבן אַלערליי רעוואָלו־ציאָנערע פּלענער, ווי מיט יאָרן פריער. איך בין זיך מודה, אַז איך האָב נישט געהערט צו יענע, וואָס זיינען גרייט געווען אַוועקצוגעבן זייער לעבן פאַר דער רעוואָלוציע. דאָך האָב איך אויף אַלץ רעאַגירט און מיך מיט אַלעמען איבערגענומען. עס איז אַלץ טיפער געוואָרן מיין איבערציי־גונג, אַז דאָס רוסישע פאָלק האָט די מיסיע צו קעמפן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

איך האָב געחלומט וועגן אַ באַפרייט רוסלאַנד און געגלויבט, צוזאַ־מען מיט פיל אַנדערע, אַז בלויז קאַמף קאָן פירן צו דער באַפרייאונג. מיר האָבן געשטרעבט צו אַ רעוואָלוציע.

דערווייל האָט דער קריג חרוב געמאַכט די מאָראַל, דאָס בעסטע, וואָס די מענטשהייט פאַרמאָגט, און דעם פונדאַמענט, וואָס אויף אים איז אַלץ געבויט. דער קריג האָט צעבראָכן אַלע צוימען, וואָס האָבן איינגע־האַלטן די מענטשלעכע ווילדקייט, און אַרויסגעלאָזט אויף דער פריי די נידעריקסטע אינסטינקטן. די קירך האָט נישט געהאַט די מאַכט

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

און נישט דעם גוטן ווילן זיך קעגנצושטעלן קעגן דעם גייסטיקן און עטישן חורבן. זי האָט בלויז געזאָרגט וועגן דעם ווי אַזוי איינצוהאַלטן אירע אייגענע פּאָזיציעס, און זיך באַנוצט מיט די מיאוסטע אינטריגעס און מיט דער ערגסטער פאַלשקייט.

איך האָב אָנגעהויבן צו האַסן דאָס לעבן. אפשר דערפאַר, ווייל איך האָב נאָך נישט געקאָנט זיינע ווערטן. איך האָב נאָך נישט געקאָנט דעם שטילן ציטער פון ליבע און פרייד, אויך נישט יענע באַרוישנדיקע געפילן, וואָס עס רופט אין אונדז אַרויס דער אָנבליק פון אַ פרוי. אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט, איז געווען מיין האַרפע און מיין פידל. זיי האָבן פאַרזיסט מיינע טריבע שטונדן און אַריינגעבראַכט אין מיין האַרצן אַן אינערלעכע האַרמאָניע.

איך פלעג אָפט שמועסן מיט גראַנאָווסקין וועגן סאָציאַלע פּראָבלעמען, און מיר האָבן ביידע איינגעשטימט, אַז דער סאָציאַלער עלנט נעמט זיך פון דער נישט־גלייכער פאַנאַנדערטיילונג פון דער ערד. גראָד אין רוסלאַנד האָט דער פעאָדאַליזם געהאַט אַ פאַטאַלע ווירקונג. די סאָציאַלע ווידערשפּרוכן זיינען געווען אומגעהייער און פונקט אַזוי שטאַרק איז געווען די אומצופרידנקייט. בלויז די שטאַרקע האַנט פון דער רעגירונג האָט ביז דעמאָלט געהאַט אויסגעמיטן, אַז דער קאַמף זאָל זיך נישט פאַנאַנדער־פלאַקערן אין זיין גאַנצער גרויס. מיר האָבן זיך אינערלעך געבונטעוועט, אָבער מיר זיינען געווען צו־שוואַך פּראַקטיש עפּעס אויפצוטאָן. עס איז געווען פּחדנות. מיר האָבן מורא געהאַט און דערביי מאַרשירט מיט געזאַנג און מיט פלאַטערנדיקע פענער גלייך דעם טויט אין די אויגן.

אָבער אויך די יעניקע, וואָס האָבן פאַרשטאַנען דעם אומזין, וואָס זיי באַגייען, האָבן נישט געהאַט די קראַפט זיך קעגנצושטעלן דער דיסציפּלין. זיי האָבן אויסגעפילט זייערע מיליטערישע פליכטן כמעט אויטאָמאַטיש. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט געהאַט אַ סך פייאיקע קעפּ און גייסטיקע וועגווייזער, אָבער עס האָבן געפעלט גענעראַלן, וואָס קאָנען אָנפירן מיט אַן אַרמיי. בלויז דער פאַקט, וואָס די רעוואָלוציאָנערע גע־דאַנקען האָבן זיך דאָך פאַרשפרייט, נישט געקוקט אויף אַלע באַוואָרע־

## נויט ברעכט אייזן

נישן פון די מאַכטהאָבער, איז געווען אַ שטיק רעוואָלוציע אין זיך אַליין. איך האָב געטראָגן אַ צאַרישן מונדיר, אָבער אין מיין האַרצן האָט געברענט דער פאַרלאַנג אויסצוקעמפן פרייהייט פאַר די גרויסע מאַסן, וואָס זיינען געווען פונקט אַזוי פאַרשקלאַפט ווי איך אַליין.

# דער ריכטיקער מאַן אויפן ריכטיקן פּלאַץ

אַ רוסיש שפּריכוואָרט זאָגט, אַז צוויי זאַכן קאָן אַ מענטש נישט פאַרגעסן: דעם ערשטן פאַרדינסט און דעם ערשטן קוש.

עס איז געווען אין אַ פינצטערער, רעגנדיקער נאַכט. איך בין געגאַנגען אַהיים פון באַקאַנטע און בין פאַרביי אַ שמאָל געסל. ביים עק, אין דער טונקלקייט, האָב איך דערזען אַן אַלטן מאַן, וואָס האָט מיט אַ שטילער שטים אויסגערופן: „הייסע בייגל צום פאַרקויפן״. די צוויי רייען קרומע הייזער האָבן אָפּגעשלאָגן זיין קול מיט אַן עכאָ. לעבן אים, איינגעהילט אין אַ שאַל, איז געשטאַנען אַ פרויען־געשטאַלט. ווען איך בין צוגעקומען נעענטער, האָב איך דערזען, אַז דאָס איז אַ יונג מיידל. אירע צוויי שוואַרצע אויגן האָבן אויף מיר אַ לייכט געטאָן ווי אַ ליכטשטראַל. איר בליק איז געווען אַזוי טיף, אַז איך בין געבליבן שטיין אויפן אָרט ווי אַ צוגעשמידטער. איך בין, דעם אמת געזאָגט, געווען אין אַ שטאַרקער פאַרלעגנהייט, ווייל איך בין בסך־הכל אַלט געווען נישט מער ווי צוואַנציק יאָר. איך האָב איינפאַך נישט געוואוסט ווי אַזוי מען עפנט דאָס מויל. איך האָב נישט געוואוסט וואָס אַ פרוי איז, וואָס ליבע איז, און ווי אַזוי מען הויבט אָן מיט אַזעלכע זאַכן. אָבער דער קלאָרער פאַרלאַנג זיך צו באַקענען מיט דעם מיידל האָט מיר צוגעגעבן מוט. איך בין צוגעגאַנגען צום אַלטן און געזאָגט, אַז איך וויל קויפן עטלעכע בייגל. דער אַלטער האָט זיך גלייך אַ נעם געטאָן צו דער סחורה, און זיך אָנגערופן, אַז איך קאָן אויסקלייבן וואָס איך וויל. איך האָב אים נישט געקענט דערציילן מיין אמתן וואונטש. איך האָב דעריבער מיט גרויס אָנשטרענגונג אַרויסגעזאָגט, אַז עס וואָלט פאַר מיר געווען אַ גרויסע פרייד, ווען ער באַקאַנט מיך מיט זיין טאָכטער. דער אַלטער האָט געענטפערט:

— איר קענט זיך באַקענען. אָט איז מיין טאָכטער, פאַניע. זי איז ביי מיר אַלץ, וואָס איך האָב אויף דער וועלט.



קאַלינין, לענין און סטאַלין



ל. גלאַזער אין 1920—1919



ל. גלאַזער אין דער צייט פון קאַמף קעגן פעטלוראַן



לענין און סטאַלין ביי די סאַלדאַטן

## דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ

איך האָב אָנגעהויבן צו שמועסן מיט דעם אַלטן. פּאַניע, וואָס איז אַלט געווען נײַנצן יאָר, האָט גלײַך אויך זיך אַרײַנגעמישט אין אונדזער שמועס. און איך האָב מיך דערוואוסט, אַז איר מוטער לעבט שוין נישט, און אַז איר פֿאָטער פֿאַרקויפֿט געבעקס, זי זאָל האָבן די מעגלעכקייט צו שטודירן. שפּעטער, נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט לאַנג פֿאַרבראַכט, האָט דער אַלטער זיך אָנגערופֿן: אויב איר אינטערעסירט זיך מיט אונדז, קענט איר צו אונדז אַרײַנקומען. מיר וואוינען נישט ווײַט פֿון דאַנען. אמת, אונדזער דירה איז נישט גאָר באַקוועם, סך־הכּל אין אַ קעלער, אָבער אויב איר ווילט אונדז, יונגערמאַן, אָנטאָן דעם כּבֿוד און קומען צו אונדז, וועלן מיר אײַך מיט פֿאַרגעניגן אויפֿנעמען. איך האָב אָנגענומען די אײַנ־לאַדונג מיט פֿרייד. איך בין אַוועק אַ גליקלעכער און פֿול מיט דאַנקבאַרקייט.

בײַנאַכט האָב איך נישט געקענט קיין אויג צוטאָן. אַ רוסישער שריפֿטשטעלער זאָגט, אַז עס איז נישט פֿאַראַן קיין גרעסערע האַרמאָניע, ווי ווען מויל און האַרץ שטימען אײַן. איך האָב נישט געוואוסט וואָס דאָס מיידל פֿילט. מיך, אָבער, האָט אַרומגענומען אַ מאָדנע, ביז איצט אומבאַקאַנט, געפֿיל. עס איז געווען אַ גרויסע בענקשאַפֿט, וואָס האָט מיך אָנגעפֿילט מיט גליק. אַ גאַנצע נאַכט האָבן פֿאַרבײַגעשוועבט פֿאַר מײַנע אויגן אַלערליי בילדער, וויזיעס און טרוימען. איך האָב פֿאַראויס דערפֿילט ווי גליקלעך איך וועל זײַן, ווען איך וועל ווידער זײַן צוזאַמען מיט פּאַניען און ווען מיר וועלן ווערן פֿרײַנט.

איך האָב געהאַט אין דער היים אַ גוטע דערציאונג. איך האָב גע־דאַרפֿט איבערקומען אַ סך אינערלעכע העמונגען, איך זאָל מיך קענען דערנעענטערן צו פּאַניען. צומאַרגנס בין איך אַרומגעגאַנגען אַ גאַנצן טאָג ווי אַ צעמישטער און נישט געקענט צונויפֿנעמען מײַנע געדאַנקען. איך האָב מיך קוים דערוואַרט אויפֿן אָוונט. צום סוף האָב איך מיך געלאָזט גיין אין וועג אַרײַן, גרייט אויף אַלעמען.

איך בין אַראָפּ אין קעלער, וואו פֿאָטער און טאָכטער האָבן געוואוינט. דער אַרײַנגאַנג איז געווען אַ פֿינצטערער. אינעווייניק האָט געברענט אַ קליין לעמפּל, וואָס האָט קוים באַלויכטן די קאָנטורן פֿון מעבל. די גאַנצע וואוינונג איז געווען אַן אָפּשטויסנדיקע. אָבער איך האָב עס

נישט געפּילט. איך האָב געטראַכט וועגן דעם מיידל, וואָס האָט זיך אַזוי גיך אַריינגעריסן אין מיין יונגלש האַרץ.

דער אַלטער האָט מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך. לעבן מיר איז געשטאַנען דאָס יונגע מיידל. עס איז גענוג געווען, אַז איך זאָל אויף איר אַ קוק טאָן, אַז מיין האַרץ זאָל אָנהויבן נאָך שטאַרקער צו קלאַפּן. איך האָב גלייך געקענט איינזען, אַז זי איז אויך נישט גלייכגילטיק. דאָס האָט מיך געמאַכט נאָך אויפגערעגטער. פון אירע שוואַרצע אויגן האָט געשפּריצט מיט אַ מאָדנעם פייער. זי איז געווען הויך און שלאַנק, און דאָס שיינע פּנים איז געווען אַרומגענומען מיט שוואַרצע געלאָקטע האָר. זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ שיינהייט, וואָס איז האַלב־פאַרהונגערט און נישט אויסגעשלאָפן. זי איז געווען שטאַרק פאַרוואונדערט, וואָס איך האָב מיך אַזוי שפּעט אין אָוונט געוויזן אין מיליטערישע מלבושים. אָבער איר פאָטער האָט איר דערקלערט, אַז איך געהער, מסתמא, צו דער שטאַב־קאָמאַנדע און אַז איך האָב אַ דערלויבעניש. ער האָט ווייטער געטענהט, אַז ער קוקט אויף מיר ווי אויף אַ היימישן מענטשן און האָפט, אַז איך וועל מיך אויך אויפפירן ווי אַן אייגענער.

פאַניע האָט געדעקט דעם טיש און האָט מיך מכבד געווען מיט טיי און געבעקס. דער טיש האָט זיך שטאַרק געוואַקלט, ווייל ער איז געווען געמאַכט פון אַן אַלטן קאַסטן. דער פאָטער האָט געזאָגט, אַז ער וועט זיין זייער צופרידן, ווען איך וועל מיך באַקענען נעענטער מיט זיין טאָכטער. איך האָב שוין געטראַכט וועגן דעם ווי אַזוי זי צו געווינען אויף אייביק. זי האָט מיט מיר גערעדט זייער האַרציק, און אַלע מיינע אינגלשע העמונגען זיינען מיט איינמאָל אַוועק ווי מיטן רויך.

פאַניע האָט מיר דערציילט, אַז זי גייט אין גימנאַזיע, ווייל זי שטרעבט נאָך בילדונג. ווי נאָר איך האָב דערהערט אָט דאָס וואָרט, האָב איך גלייך דערפילט, אַז איך האָב געפונען אין איר די אמתע לעבנס־חברטע.

ווען איך בין אַוועקגעגאַנגען, האָט פאַניע מיך איינגעלאַדן איך זאָל מאָרגן ווידער קומען. איך האָב די איינלאַדונג אָנגענומען מיט פרייד.

נאָך לאַנגען אַרומבלאָנדזשען בין איך געקומען אַהיים, און צומאָרגנס בין איך אויפגעשטאַנען אַ פאַרווירטער. איך האָב ערשט איצט דערפילט

## דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ

וואָס פֿאַר אַ געוואַלדיקן איינדרוק פּאַניע האָט געמאַכט אויף מיר. ענדלעך איז ווידער געוואָרן אָוונט און איך האָב מיך געלאָזט גיין צו פּאַניען אין דער קעלער־שטוב אַריין. מיר האָט זיך אויסגעדוכט ווי איך וואָלט באַזוכט אַ פּאַלאַץ. איך האָב בלויז געזען פּאַניען, איר צאַרטע שלאַנקע געשטאַלט, די צוויי ברענענדיקע שוואַרצע אויגן, דאָס בלאַסע פּנים. זי איז מיר פֿאָרגעקומען ריין און הייליק ווי אַ מלאך.

מיינע באַזוכן האָבן וואָס שפּעטער געדויערט אַלץ לענגער. ווען איך בין געזעסן ביי דעם טיש און געשפּירט איר נאָענטקייט, האָט מיך אָנגענומען אַ זעלטן ניי געפֿיל פֿון זיכערקייט און רו. איר האַנט־דרוק איז געווען סיי צאַרט און סיי פֿעסט. איך בין געווען גרייט זיך צו פֿאַר־בינדן מיט איר אויף אייביק.

אין איינעם אַן אָוונט, ווען מיר זיינען אויף עטלעכע מינוט געבליבן אַליין, האָב איך מיך אין הייסע ווערטער דערקלערט אין ליבע. זי האָט מיר געענטפֿערט מיט די ווערטער, וועגן וועלכע איך האָב די גאַנצע צייט געחלומט. איצט האָב איך געגנוי געוואוסט, אַז איך בין דער שקלאַף פֿון מיין אייגן געפֿיל.

איך האָב מיך געפֿונען אין אַ צושטאַנד פֿון גרויסער עקזאַלטאַציע. איך האָב געהאַט מיטלייד מיט די מענטשן, וואָס האָלטן, אַז עס איז נישטאָ קיין ליבע און קיין גליק אויף אונדזער פּראָזאַאישער וועלט.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך נאָך לאַנגע קווענקלענישן באַשלאָסן צו דערציילן מיינע עלטערן וועגן מיינע פּלענער פֿאַר דער צוקונפֿט. איך האָב ביי זיי געבעטן, זיי זאָלן קוקן אויף פּאַניען, דעם אָרימען מיידל, מיט וועלכער איך וועל אינגיכן חתונה־האָבן, ווי אויף אַן אייגן קינד. וואָרים איך האָב מער נישט געקענט צוקוקן ווי פּאַניע מאַטערט זיך און ווי איר אַלטער טאַטע שלעפּט זיך אַרום נאַכט נאָך נאַכט איבער די טונקעלע גאַסן און רופֿט אויס זיין געבעקס מיט אַ הייזעריק קול.

איך האָב דערציילט מיינע עלטערן וועגן די געפֿילן, וואָס האָבן מיך באַהערשט, אָבער צו מיין גרויס פֿאַרוואונדערונג האָבן זיי זיך וויינִיק וואָס דערפֿרייט מיט מיינע רייד און מיך אין אָנהויב אפֿילו רעכט נישט

אויסגעהערט. עס האָט לאַנג געדויערט ביז איך האָב זיי איבערצייגט, אַז איך מיין דאָס אַלץ זייער ערנסט.

איך האָב באַשלאָסן פאַרצושטעלן פאַניען פאַר מיינע עלטערן, און זי איינגעלאַדן אין אונדזער הויז. מען האָט זי גלייך באַהאַנדלט ווי אַן אייגענע. זי האָט איצט מער נישט געדאַרפט ליידן קיין נויט, ווייל מיינע עלטערן האָבן איר אַרויסגעוויזן אַ סך נאָענטקייט און צערטלעכקייט, און זי באַהאַנדלט ווי אַן אייגן קינד.

איר אַלטער פאָטער האָט אויך געגאָסן אַ דאַנק דער טאָכטער. ער האָט געקענט זיך אָפּזאָגן פון דער שווערער אַרבעט, און ער האָט באַקומען אַ דאַנק מיין פאָטער דעם פּאָסטן פון אַן אויפזעער אין אַ הויז. פאַניע האָט געוואוסט ווי אַזוי צו געווינען סימפּאַטיע ביי מיינע עלטערן. אין אונדזער הויז האָט געהערשט שלום און האַרמאָניע און איך בין געווען גליקלעך וואָס אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַזוי גוט.

אָבער פּלוצלונג איז אָנגעקומען אַ באַפעל, אַז אונדזער באַטאַליאָן זאָל אַוועקמאַרשירן אויפן פראָנט, קיין בעסאַראַביע. עס האָט מיך גע־טראָפן ווי אַ דונער אין העלן טאָג. דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע נאָענטע איז מיר אָנגעקומען זייער שווער, אָבער פאַניע האָט זיך באַמיט מיר צוצוגעבן מוט און האָפענונג. איך האָב מיר גאָרנישט געקענט פאָר־שטעלן ווי אַזוי איך וועל קענען לעבן אָן פאַניען. מיר האָבן לעבן פראָנט געזאָלט מאַכן שוץ־גרובנס. דאָס רעדט זיך לייכטער ווי עס טוט זיך. דריי מאָנאַטן לאַנג האָבן מיר געהאָרעוועט מיט שוויס. צו דער לייכ־טער דינסט איז געקומען אַ סוף. מען האָט אונדז אפילו נישט געלאָזט רוען ביינאַכט. מיר האָבן אָפּט געמוזט שטיין אַ גאַנצע נאַכט מיט לאָ־פּעטעס און גרוב־אייזנס, אין שטורם און אין ווינט.

פאַר מיינע גייסטיקע אויגן האָט אויפגעטויכט אַ גרויזאַם בילד. איך האָב געזען די גאַנצע מענטשהייט שווימען אין אַ טייך פון בלוט. צו וואָס אַזויפיל בלוט־פאַרגיסונג ? — האָב איך מיך אַליין געפרעגט. ווי אַזוי האָט דאָס גאָט נישט קיין רחמנות אויף אַזויפיל ליידן ? איך האָב אַלץ אָפטער אָנגעהויבן צו פרעגן : וואו איז די מאָראַל ? וואו איז די מענטשהייט ?

## דער ריכטיקער מאַן אויפֿן ריכטיקן פּלאַץ

אַ רואיק געמיט איז אַ מתנה פֿון גאָט. אָבער איך בין דערמיט נישט באַשאָנקען געוואָרן. איך האָב כסדר פֿאַראויסגעזען דעם גרויסן שטורם, אין וועלכן אַלע מענטשלעכע ליידנשאַפֿטן וועלן קומען צום אויסדרוק. אָבער דער שטורם אַליין איז דערווייל נישט געקומען. עס האָט בלויז געהערשט יענע רו, וואָס איז פֿאַרן שטורם.

מיר האָבן נישט געזען קיין שום ציווילן מענטשן און קיין שום שונא. מיר זיינען די גאַנצע צייט געלעגן אין די שוץ־גרובנס און געוואָרט אויף דער גרויסער געשעעניש. איז דאָס קריג? מיר האָבן איצט נישט געהאַט וואָס צו טאָן. וואָס־זשע האָט מען זיך אַזוי געאיילט ביים גראָבן? — האָב איך מיך געפֿרעגט. מיר האָבן געזען איבער אונדז דעם הימל, אונטער אונדז די ערד, און די אָנגעשאָטענע בערגלעך ביי די גרובנס. ערגעץ הינטער זיי האָט געלאָקערט דער טויט.

דאָס עסן, וואָס מיר האָבן באַקומען, איז געווען קנאַפּ. דאָס רוסישע מיליטער איז, אַפּנים, געווען ווייניק באַזאָרגט מיט לעבנס־מיטלען. קויפֿן עפּעס האָבן מיר נישט געקענט, ווייל מיר האָבן נישט געטאָרט פֿאַרלאָזן אונדזערע פּאָזיציעס. מען פֿלעגט אונדז צופֿירן אויף מיטאָג אַ גרויסן קעסל מיט וואַסער, אין וועלכן עס איז אַרומגעשוואומען אַביסל פּעטס. עס איז געווען אוממעגלעך צו זאָגן וואָס אַזוינס דאָס איז. מען האָט עס גערופֿן מיט דעם שיינעם נאָמען „אונגאַרישער גוליאַש". דערצו האָט מען אונדז צוגעגעבן שוואַרץ ברויט, וואָס מען האָט כמעט נישט געקענט נעמען אין מויל אַריין. מיר פֿלעגן אויך קריגן שוואַרצן הירזש, אין וועלכן מען פֿלעגט געפֿינען אַלערליי פֿליגעלעך און ווערים. מיר זיינען אָבער געווען צופֿרידן, אַז מען קריגט איבערהויפּט עפּעס צום קייען. אָפֿט, ווען מיר פֿלעגן אַרויסקריכן פֿון אונדזערע לעכער, האָבן מיר זיך דערפֿילט שווער און אומעכטיק, ווי זעק.

נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר באַקומען אַ באַפֿעל, אַז אונדזער באַטאַליאָן זאָל זיך אָנשליסן אָן אַ דיוויזיע, וואָס וועט אַרויסמאַרשירן צו די פֿאָדערשטע רייען. מיר האָבן אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל מיט אַ שווער האַרץ. אַבי מיר האָבן שוין געטראַכט, אַז מיר זיינען געראַטעוועטע.

מיר זיינען צוגעקומען צו די שטעט קאָסאַטין און ראָוונע, און מיר האָבן זיך צום סוף דערנעענטערט צו דער פראָנט־ליניע.

וואָס נענטער מיר זיינען געקומען צו די פּאָזיציעס, אַלץ טיפער האָבן מיר דערפילט דעם ערנסט פון דער לאַגע. מיר האָבן באַגעגנט דעם ערשטן טראַנספּאָרט פאַרוואונדעטע, וואָס זיינען געפירט געוואָרן אויף טראַג־ברעטער. די יעניקע פאַרוואונדעטע, וואָס האָבן זיך נאָך געקענט באַוועגן, האָבן געהאַט אויסגעצערטע און פאַרפּייניקטע פּנימער, די אויגן זיינען געווען ווי פון גלאָז, און אינגאַנצן האָבן זיי דערמאָנט אין דער־שראָקענע חיות. נאָך אָט דעם שרעקלעכן אָנבליק, האָבן מיר פאַרלוירן אונדזער לעצט ביסל זעלנערשע פרייליכקייט, און מיר זיינען געוואָרן שטיל און ערנסט.

אָפּט האָב איך געטראַכט וועגן דעם ווי גוט עס וואָלט געווען, ווען מיר וואָלטן באַנוצט אונדזער געווער קעגן די יעניגע, וואָס האָבן אָנגע־הויבן דעם קריג, קעגן די יעניקע, וואָס שיקן אונדז אויפן פייער. אַזוי האָבן געטראַכט אַ סך פון אונדז, אָבער קיינער האָט נישט געהאַט גענוג מוט דאָס אויסצופירן. אָנשטאָט דעם שונא, וואָלטן מיר אייגנטלעך גע־דאַרפט אַוועקלייגן די יעניגע, וואָס האָבן אונדז געגעבן דעם באַפעל צו מאָרדן. אָבער ווער זיינען געווען די לייט, וואָס האָבןווירקלעך אָנגעהויבן דעם קריג? סאַזאָנאָוו? סיר עדוואַרד גרעי? פראַנץ יאָזעף? אָדער דער צאַר באַטיושקאַ אַליין? . . .

אַ קללה האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיינע ליפּן, ווען איך האָב גע־טראַכט וועגן דעם. ווער האָט עס פאַראורזאַכט אָט די פאַרברעכנס וועט די געשיכטע אפשר אויסגעפינען. אָבער ווי עס זאָל נישט זיין, וועלן די שולדיקע נישט באַשטראָפט ווערן, אין דער צייט, ווען מיר מוזן אויס־טרינקען דעם בעכער פון ליידן ביז צום דנאָ. אָפּט האָב איך מיר גע־וואונטשן דעם טויט, ער זאָל מיך אויסלייזן פון די אַלע פּיין. איך האָב מער דאָס אַלץ צוזאַמען נישט געקענט פאַרטראָגן. אָבער מיר האָבן זיך נישט געקענט צופיל פאַרטראַכטן. מיר האָבן געמוזט מאַרשירן און מאַרשירן. די פּולע באַוואָפענונג איז שווער געלעגן אויף אונדזערע רוקנס, און מיר האָבן שווער געסאָפּעט שלעפּנדיק זיך איבער די זומפּיקע

וועגן. שעהן און שעהן האָבן זיך אונדזערע רייען געשלעפּט, ווי ריזיקע שלאַנגען, און מיר האָבן נישט געהאַט דעם מוט זיך אומצוקערן. מיר זיינען געווען דאָס ווערקצייג פֿון דער ריזיקער מענטשן־שחיטה.

מיר האָבן זיך געשלעפּט איינער נאָכן אַנדערן, פֿאַרהאָרעוועטע און פֿאַרשוויצטע, ווי די יעניקע, וואָס שלעפּן שיפֿן איבער דער וואָלגע. יענע האָבן טאָקע געטאָן עבודת־פּרך, אָבער זיי האָבן אַמווייניקסטן פֿאַר־דינט זייער שטיקל ברויט און געווען פֿרייע מענטשן. מיר, אָבער, זיינען געווען די באַשיצער פֿון רוסלאַנד, דעם „קייזערס זין״, אָדער בעסער געזאָגט: זיינע בהמות צו דער שחיטה. נאָך פֿינף־זעקס שעה מאַרשירן, האָט מען אונדז געלאָזט אַביסל זיך אָפּרוען און מיר האָבן זיך אַוועק־געזעצט אויף דער בלאָטיקער ערד. מיר האָבן געזונקען אין שמוץ און מיר האָבן נישט געזען קיין אויסוועג. קאַלטער שווייס איז געראָנען פֿון מיין פּנים און געפֿאַלן איבער מיינע דורשטיקע ליפּן. עס איז געווען ביטערער שווייס, וואָס האָט מיך געמאַכט אויפֿציטערן ווי גיפֿט. דערנאָך האָבן מיר זיך ווייטער געשלעפּט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ שטאָט. מיר האָבן לייכטער אָפּגעאָטעמט. מיר האָבן געהאָפֿט, אַז דאָ וועלן מיר ווידער אָנקוקן אַ מענטשן, אפשר אויך באַקומען עפּעס צום עסן. גוט־האַרציקע פּויערים וועלן זיכער אויף אונדז רחמנות האָבן, ווייל זיי האָבן דאָך אויך זייערע זין אין מיליטער.

מיר האָבן זיך דערמאָנט אין דער צייט, ווען מיר האָבן זיך אַריינ־געזעצט אין די לאַסט־וואַגאָנען און אַרויסגעפֿאָרן פֿון אונדזערע היימען. דעמאָלט זיינען צו אונדז אַרויסגעקומען מענער און פֿרויען און האָבן אונדז געטיילט פּאַפּיראָסן, בלומען, וויין, שנאַפּס. דערנאָך זיינען מיר געלעגן אין פֿאַרגראַטעטע וואַגאָנען. מאַקסימום האָט געקענט אַריין אין אַ וואַגאָן פֿערציק מאַן, אָבער מען האָט אַריינגעשטופּט זעכציק, און מיר זיינען געלעגן ווי הערינג אין אַ פֿאַס. אַ שטיקל פּלאַץ, וואו זיך אַנידער־צולייגן, איז נישט געווען. דערפֿאַר האָט מען אונדז אויף יעדער סטאַנציע אויפֿגענומען מיט מוזיק, און דאָס האָט אונדז אַביסל פֿריילעכער געמאַכט, ווייל מיר האָבן נאָך אַלץ געגלויבט, אַז אין משך פֿון עטלעכע וואָכן וועט נעמען אַ סוף צו דער גאַנצער אַוואַנטורע. אָבער זינט דעמאָלט זיינען

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

אַוועק אַ סך חדשים. עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן דער ווינטער, און די מלחמה האָט זיך געצויגן. מיר זיינען געווען האַרמאַטן־פלייש. לעבן אונדז, די יונגע סאָלדאַטן, האָבן מאַרשירט די אַלטע, די וועטעראַנען, וואָס האָבן קוים געשלעפּט די פיס. אין אַזאַ לאַגע האָבן מיר אַריינמאַרשירט אין דער שטאָט לוצק, וואָס איז געווען פאַרלאָזן פון דער ציווילער באַפעל־קערונג, און עס האָבן זיך דאָרט אויפגעהאַלטן בלויז סאָלדאַטן און סאַניטאַרן.

# דער מאַרש איבער קברים...

צוויי טעג נאָך אונדזער אָנקומען קיין לוצק האָט זיך אָנגעהויבן דער שווערער קאַמף. פאַר מיר איז עס געווען דער ערשטער שטורם, און איך וועל אים דעריבער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. פון די שיסערייען פון דער שווערער אַרטילעריע האָט די ערד אָנגעהויבן צו ציטערן. אַ דונערן האָט זיך דערהערט, ווי עס וואָלט שוין אָנגעקומען דער יום־הדין, ווען מען וועט משפטן די זינדיקע וועלט. מענטשן זיינען געפאַלן פון די קוילן, ווי פליגן. גראַנאַטן האָבן געזשומעט אין דער לופט, און שראַפּנעלן האָבן אויפגעריסן. פון דער ערד האָבן זיך אויפגעהויבן גרויסע טונקעלע וואָלקנס רויך, צוזאַמען מיט צעריסענע שטיקער לייב פון מענטשן. הונדערטער זיינען געוואָרן פאַרשאָטן פון זאַמד. טויזנטער זיינען פאַרוואונדעט געוואָרן, אַ סך זיינען אומגעקומען. אַלע זיינען געלעגן אויסגעלייגט אין זייערע מלבושים, וואָס זיינען געווען דורכגעווייקט מיט בלוט. דאָס זיפצן, דאָס יאָמערן און די געשרייען האָבן זיך געטראָגן איבער די צעשאָסענע פעלדער.

די שטאָט איז געוואָרן באָמבאַרדירט, די הייזער האָבן זיך אָנגעצונדן. זיי האָבן געברענט ווי די ליכט, און די לופט איז געוואָרן פול מיט פייפעניש. אָט האָט אַ דונער געטאָן און אָט איז געוואָרן שטיל. די נאַכט דערנאָך איז אַריבער רואיק. מיר זיינען געלעגן דערשעפטע אין די שוץ־גרובנס. אינמיטן דער נאַכט האָבן די אונטעראָפיצערן געגומען אונדז שטויסן מיט זייערע שטיוול און אונדז אויפגעריסן פון שלאָף. מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט צעטומלטע און פאַרווירטע, אָבער מיר האָבן נישט געוואָגט זיך קעגנצושטעלן. מיר האָבן זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן, מיט אידיאָטישע פנימער, און גענומען אונדזערע ביקסן. מיר האָבן באַקומען אַביסל שוואַרצע קאַווע. דערנאָך האָט מען אונדז געהייסן לויפן לענגאויס די גרובנס. דערווייל איז אַ וואָך געשאָסן געוואָרן, און מיר האָבן געעפנט פייער. דערנאָך איז ווידער געוואָרן רואיק, גלייך ווי דער שונא וואָלט

שוין געהאַט גענונג די שיסעריי. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל זיך אַריינ־צורייסן אין דער שטאָט גראָכאָוו. די אַטאַקע האָט זיך אָנגעהויבן דריי אַזייגער ביינאַכט. אונדזער דיוויזיע איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון גענעראַל ברוסילאָוו. עס איז געווען די פופצנטע דיוויזיע, וואָס האָט דאָ דורכגעמאַרשירט.

מען האָט אַ סך קרבנות געבראַכט אַבי דעם פיינט צו פאַריאָגן, און אַז מיר זיינען אַריבער דעם טייך סיטאָן, איז דאָס וואַסער געווען פול מיט פערד און מענטשן. דאָס וואַסער איז געווען רויט פון בלוט. מיר האָבן נישט געהאַט קיין בריק, נאָר מיר האָבן געטראָטן איבער די טויטע און אונדזערע פיס זיינען ווי איינגעשלונגען געוואָרן אונטער זיי, גלייך ווי מיר וואָלטן געטראָטן אויף אַ ווייכער מאַסע פון גומי...

פינף שעה נאָכאַנאַנד האָבן מיר אַרומגעבראָדזשעט אין וואַסער און זיך מיט גרויס מי געמאַכט אַ וועג צווישן מענטשן, וואָס זייער צאָל האָט קיינער נישט געוואוסט. טייל זיינען געלעגן אויפן רוקן און אונדז אָנגעקוקט מיט פאַרווירטע פנימער. עס האָט זיך געדוכט, אַז זיי מאַכן אַלערליי מינעס, גלייך אַזוי אַרום אונדז צו פאַרטרייבן. מיר האָבן פעסטער געטראָטן מיט אונדזערע שטיוול און זיי צומאָל איבערגעדרייט מיטן פנים אַראָפּ. מיר האָבן געהאַט אַנדערע זאָרגן ווי זיך אָפּצוגעבן מיט די יעניקע, וואָס זיינען שוין דאָס ערגסטע איבערגעקומען. מיר האָבן געזען דעם טויט מיט די אויגן. ער האָט אויף אונדז געלויערט פון אַלע זייטן.

נאָך אָט דעם מאַרש פון דער ציוויליזאַציע, איבער בלאָטעס און זומפּן, זיינען מיר שטאַרק הונגעריק געוואָרן. מיר זיינען אויך געוואָרן שרעקלעך דורשטיק. מיר האָבן געטרונקען דאָס בלוט־באַפאַרבטע וואַסער, אין וועלכן עס איז אַרומגעשוואומען מיסט פון פערד. מיר זיינען געווען צופרידן וואָס מיר האָבן אַמוויינקסטן באַקומען כאָטש אַביסל וואַסער אין מויל אַריין. ווען נישט, וואָלטן מיר געמוזט אַרויסשטעקן די צונגען, ווי די פערד, וואָס זיינען געלעגן מיט אויפגעריסענע פּיסקעס, און צווישן וועלכע טייל האָבן נאָך געכאָרכלט. סאָלדאַטן האָבן אויף זיי רחמנות באַ־קומען און זיי דערשאָסן, אָבער די אָפיצירן האָבן זיך גענוואַלדיק געבייזערט. עס איז זיי אַ שאָד געווען, וואָס מען ברענגט אויס דעם קייסערס אַמוניציע.

# דער מאַרש איבער קברים

מען האָט ווירקלעך געדאַרפט האָבן אַ סך קוילן. ווי נאָר אונדזערע קוילן־טאַשן זיינען אויסגעליידיקט געוואָרן, האָט מען זיי גלייך געמוזט ווידער אָנפילן, ווייל ווי נאָר אונדזער דיוויזיע האָט געפּרוּווט אַריבערגיין דעם טייך, האָט זיך די שיסעריי אָנגעהויבן פונסניי. עס איז געווען אַ שרעקלעכע אַטאַקע. מיר האָבן ביי איר פאַרלוירן דריי פערטל פון אונדזערע לייט. פון מיין באַטאַליאָן זיינען בלויז געבליבן דריי פערזאָן. דער שיקזאַל האָט אונדז אויסגעקליבן מיר זאָלן אויסטרינקען דעם בעכער פון צער ביז צום דנאָ. איך בין מיר אַליין פאָרגעקומען ווי אַ צווייפיסיקע חיה, וואָס מענטשן שינדן זי און רייסן פון איר שטיקער. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און די סאָלדאַטן פוןביידע לאַגערן האָבן זיך צונויפגעטראָפן. איך האָב דאָ געהאַט די געלעגנהייט צו זען די גאַנצע אכזריות פון קאַמף. די סאָלדאַטן זיינען זיך באַפאַלן מיט די באַיאָנעטן, זיך געשלאָגן מיט די קאָלבעס פון די ביקסן און געשניטן מיט שווערדן, ווי מיט קאָסעס. האָט איינער פאַרלוירן דאָס לעצטע געווער, איז ער באַפאַלן דעם אַנדערן מיט די פויסטן. זיי האָבן זיך געריסן ביי די האָר, ווי משוגענע בעסטיעס, זיך געביסן אין די פּנימער, זיך געקייקלט אויף דער ערד, ווי שיכור פון רציחה. איינער האָט זיך אַרויפגעזעצט דעם צווייטן אויפן בויך, און געשטורקעט מיט אַלע כוחות, כדי אַרויסצוזעצן ביי יענעם די געדערים. זיי האָבן זיך געהאַקט און צעטרייבערט אָן רחמנות, זיך געדראַפּעט, און דערביי געשאָלטן די הייליקע מוטער און יעזוסן. דערנאָך זיינען זיי געשטאָרבן מיט אַ קללה אויף די ליפּן, אָדער אָן אַנדער זעלנער האָט זיי פאַרענדיקט מיט אַ שטאָך פון אַ באַיאָנעט, אָדער מיט אַ זעץ פון אַ קאָלבע. באַלד איז יענער אַליין אויך געפאַלן פון אַ מערדערלעכער האַנט. עס האָט דאָ נישט עקזיסטירט קיין שום רחמנות, קיין שום וועג פון אַנטרינונג. בלויז מיר דריי זיינען געבליבן לעבן, ווי דורך אַ נס. אפשר האָבן מיך אָפּגעראַטעוועט די טרערן פון מיין מאַמען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין בעטן פאַר מיר.

אויף דעם פראַנצויזישן מאַרשאַל־שטאַב איז פאַראַן אַן אויפשריפט: טעראָר בעללי דעקוס פאַסיס, ד. ה. די שרעקן פון קריג, די שיינקייט פון פרידן. אָבער וועגן שלום איז דערווייל נישט געווען וואָס צו טראַכטן.

די ליידנשאַפטן זיינען געווען אַזוי אויפגעברויזט, אַז מיר האָבן זיך ביס־לעכווייז אַליין אויך אַריינגעלעבט אין דעם בלוטיקן שפּיל. מיר האָבן פאַרלוירן יעדעס געפיל פון געוויסן. מיר האָבן געמאָרדעט אין נאָמען פון דער מענטשהייט און פון פאָטערלאַנד... אָט דער קריג האָט גע־זאָלט ווערן דער פרידן פון דער צוקונפט. דערווייל האָבן מיר געפירט דעם קאַמף אָן רחמנות, מיט די גרויזאַמסטע מיטלען, ווייל קריג איז מאָרד און נישט קיין קינדער־שפּיל.

דעם צווייטן טאָג האָב איך און די צוויי אַנדערע זעלנער פון מיין באַטאַליאָן באַקומען אַ באַפעל אַוועקצומאַרשירן אין אַ ישוב מיטן נאָמען קלעווען. אויפן וועג האָבן מיר זיך צעשמועסט. מיינע חברים זיינען געווען צוויי פּויערים, נאַטור־קינדער, וואָס האָבן ליב געהאַט דעם הימל, די ערד, אַ שנאַפּס און אַ ווייב. איך האָב צו זיי גערעדט: זאָגט אַליין, קאַלעגן, וואָס פאַר אַ זין האָט דאָס בלוט־פאַרגיסונג? צו וואָס דאַרפן מיר דאָס אַלץ? זאָלן זיך די הינטישע אַפּיצירן אַוועקשטעלן און זאָלן זיי זיך איינער דעם אַנדערן אומברענגען. וואָס ווילן זיי פון אונדז? האָבן מיר דערמאָרדעט דעם עסטרייכישן קרוין־פּרינץ? אָדער האָבן מיר אָנגעהויבן די מלחמה מיט די דייטשן?

די לעצטע קאַמפן זיינען מיר נאָך געשטאַנען פאַר די אויגן. מיר זיינען געלעגן אין די שוץ־גרובנס, הינטער די ליימיקע בערגלעך, און געלויערט אויפן פיינט. אויב מיר האָבן אימיצן דערזען, האָבן מיר גלייך גענומען שיסן מיט אונדזערע ביקסן. דאָס איז בלויז געווען די אויפ־פאָדערונג צום טאַנץ, ווייל באַלד האָט מען פון יענער זייט אָפּגעענטפערט, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי, אַז די לופט האָט געציטערט. נישט לאַנג דערנאָך פלעגט אויפזינגען די אַרטילעריע. עס האָט געקנאַקט און געדונערט, אַז מען איז פאַרטויבט געוואָרן. מיר פלעגן פאַרזיכטיק אַרויסקריכן פון די פּאָזיציעס, זיך אויסלייגן גלייך, און מיר האָבן אַזוי אַרום געפונען שוץ, אָדער מיר זיינען געטראָפן געוואָרן פון די גראַנאַטן און שראַפּנעלן, וואָס זיינען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ.

פון יענער זייט זיינען די סאָלדאַטן געשפּרונגען מיט געשרייען און מיט געבריל, גלייך זיי וואָלטן געוואָלט נאָך איבערשרייען די טייוולאָנישע

קולות. אַ ווײַלע פֿלעגט ווערן שטיל, גלײַך ווי די וועלט וואָלט אײַנגעהאַלטן איר אָטעם. מיר זײַנען אַרויס און גענומען קריכן אויף אַלע פֿיר צו דעם שונאס פּאָזיציעס. מײַנע קאָלעגן האָבן געהאַלטן גרויסע שערן, מיט וועלכע זיי האָבן געזאָלט איבערשנײַדן די דראָט־פּאַרצוימונגען. נאָר אין דער זעלביקער סעקונדע פֿלעגט ווערן אַ שיסערײַ. אַ סך זײַנען געפֿאַלן אויף הינטערווײַלעכץ. אַנדערע האָבן ווײַטער געשווירן די דראָט, ביז זיי זײַנען אויך אַוועקגעפֿאַלן. זיי האָבן אונדז געמאַכט אַ וועג און דערפֿאַר באַצאָלט מיטן לעבן. עס איז געווען דער וועג צום טויט.

פּלוצלונג האָט אַ דונער געטאָן אַ קורצער באַפֿעל: אַ גרופּע ברילנ־דיקע סאָלדאַטן איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון די פּאָזיציעס און גענומען קלאַפּן מיט די קאָלבעס פֿון די ביקסן אין דעם דראָט־געפֿלעכט. באַלד דערנאָך זײַנען מיר אַרײַנגעשפּרונגען אין די טיפֿע גרובנס, און מיר האָבן באַהערשט די איבעריקע. טײל האָבן דערבײַ געשטאָכן מיט זייערע לאַנגע באַיאָנעטן און אַזוי אַרום דערשטיקט די לעצטע געשרייען פֿון די פֿאַרוואונדעטע, אָדער זיי האָבן געטראָטן איבער זייערע לײַבער מיט די גראָבע שטיוול, ווי ווילדע. קיינער האָט נישט געבעטן קיין רחמנות, ווײַל עס וואָלט געווען אומזיסט. מיר אַלע האָבן איבערגעלאָזט פֿאַמיליע און נאָענטע, וואָס האָבן געוואַרט מיט בענקשאַפֿט אויף אונדזער צוריק־קומען. די טויטע האָבן געהאַט איבערגעלאָזט ווײַבער און קינדער, פֿאָטערס און מוטערס, ברידער און שוועסטער, און איצט זײַנען זיי דאָ אומגעקומען אויף דעם אומווירדיקסטן אופֿן. אונדזערע לײַט האָבן אײַנ־גענומען די פֿײַנטלעכע פּאָזיציעס, אַראָפּגעצויגן בײַ די טויטע די גוטע שטיוול, די מלבושים, און זיי איבערגעלאָזט נאַקעט, אָדער אין די אונטער־וועש. די פֿאַרוואונדעטע צווישן זיי זײַנען, מסתמא, געפֿרוירן געוואָרן.

הונדערטער טויטע האָבן זיך געוואַלגערט אין די גרובנס. די סאַ־ניטאַרן האָבן זיי אַרויסגעשלעפּט, כדי מען זאָל זיי קענען באַגראָבן, ווען עס וועט ווערן שטילער. אָבער אַ סך מתים זײַנען געבליבן ליגן, און פֿאַרשפּרייט געשטאַנק און פּעסט. אַ סך טויטע קערפּערס זײַנען אײַנפֿאַך באַגאָסן געוואָרן מיט קאַלך, און אַזוי זײַנען זיי געבליבן ליגן. זיי האָבן געמאַכט אַ שוידערלעכן אײַנדרוק מיט זייערע אויפֿגעריסענע מײַלער און

מיט די פּחדימדיק־איבערגעדרייטע אויגן. אַלע ליידן פון מענטשלעכן מין זיינען געקומען צום אויסדרוק אין אָט די שרעקלעכע בליקן. טייל סאָלדאַטן האָבן ביי די טויטע אַראָפּגעצויגן די בלוזעס און די וואָלענע לייבלעך. דערביי האָבן זיי אויסגעליידיקט ביי די געפאַלענע די בריוו־טאַשן און די קליינע ווערט־זאַכן. פון איין טאַש זיינען אַרויסגעפאַלן עטלעכע פאָ־טאָגראַפיעס, און גלייך זיינען זיי דורך אימיצן צעטראָטן געוואָרן. איך האָב אויפגעהויבן אַ קליין איינגעשמירט בילדל און דערזען אַ גליקלעכע משפחה, מיט עטלעכע קליינע קינדער, און מיין האַרץ האָט אויפגעציטערט. ווער ווייסט איצט זיין פאַר זיי אַ מאַן און אַ פאָטער? אַ האַלב טוץ קינדער זיינען געוואָרן יתומים. און צוליב וואָס? פאַר וועמען? פאַר וואָסער אידעאַל? איך וועל אויך קיינמאָל נישט פאַרגעסן דאָס בילד ווי אַ גע־שטאָכענער סאָלדאַט האָט מיט איינמאָל גענומען שרייען „שמע־ישראל" און אַזוי, אַ פאַרבלוטיקטער, אויסגעגאַנגען. עס איז געווען אַ געשריי, וואָס איז געקומען ווי פון אַן אַנדער וועלט, און מיינע האָר האָבן זיך אויפגעשטעלט פון שרעק. די ביקס איז מיר אַרויסגעפאַלן פון די הענט, די פיס האָבן זיך אונטערגעבראָכן אונטער מיר און איך בין אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד און גענומען ביטער שלוכצן, גלייך דער איינער געשריי וואָלט מיט איינמאָל אויפגעדעקט פאַר מיר די גאַנצע טראַגעדיע, דעם גאַנצן שווידער פון מיין לאַגע. לעבן מיר זיינען געזעסן אָדער געלעגן מיינע קאַלעגן און מיך אָנגעקוקט מיט שטוינונג. זייערע פּנימער זיינען געווען שוואַרץ, ווי די ערד, און די אויגן האָבן געקוקט טעמפּ און גלייכגילטיק. עס זיינען געווען מענטשן, וואָס האָבן מער גאָרנישט געהאַט וואָס צו דערוואַרטן אין לעבן. זייער וועג איז געווען דער וועג צום טויט, און זיי האָבן געוואוסט וועגן דעם. נישט איינמאָל פלעגט טרעפן, אַז אַ זעלנער האָט זיך אַליין דערשאָסן, און אַזוי אַרום זיך אָמוויינקסטן פאַרזיכערט מיט אַ שנעלן טויט, אָנשטאָט אויסצוגיין ביסלעכוויז, אין די שרעקלעכסטע יסורים. עס איז געווען דאָס קליגסטע וואָס מען האָט געקענט טאָן אין יענע מאָמענטן פון פאַרלוירנקייט.

די שרעקלעכסע מאָמענטן האָבן מיר איבערגעלעבט, ווען דער פיינט האָט געמאַכט אויף אונדז אַ גאַז־אַטאַקע. די אויגן פון די געטראָפענע

## דער מאַרש איבער קברים

פלעגן אַרויסקריכן פון די לעכער, דער קערפּער ווערט אַנגעשוואָלן, די האָר ווערן גרוי, און ענדיקן פלעגט זיך עס דערמיט, וואָס דער אומגליק־לעכער פלעגט פּלאַצן ווי אַ בלאָז. דאָס פּנים פון דעם אומגליקלעכן און זיין שרעקלעכער אויסדרוק איז אוממעגלעך איבערצוגעבן.

די צוויי פּויערים, וואָס זיינען געבליבן אין מיין באַטאַליאָן, האָבן זיך ביסלעכווייז איבערגענומען מיט מיינע מיינונגען, וואָס איך האָב אַרויסגעזאָגט אין דער צייט, ווען מיר האָבן מאַרשירט, אָדער ווען מיר זיינען געלעגן צוזאַמען אין די שוץ־גראָבנס. מיר אַלע דריי האָבן באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון פראָנט ביי דער ערשטער געלעגנהייט. אמת, ווען מען וואָלט אונדז געכאַפּט, אַז מיר האָבן דעזערטיר׳ט, וואָלט מען אונדז גלייך צוגעשטעלט צו אַ קריגס־געריכט און מען וואָלט אונדז דערשאָסן. אָבער מיר זיינען געווען אין אַ צושטאַנד, ווען עס איז לייכט צו שפּילן זיך מיטן לעבן. מיר זיינען סיי־ווי־סיי שוין געווען אויף יענער זייט פון אַלע לעבעדיקע אינטערעסן. איינמאָל, ווען מיר האָבן מאַרשירט אין אַ פינצ־טערער נאַכט, גענוג ווייט אָפּגעטיילט פון די איבעריקע זעלנער, האָבן מיר מיט איינמאָל, ווי אָפּגעשמועסט, אָפּגענייגט פון וועג, און שטומערהייט זיך אַ לאָז געטאָן ערגעץ צווישן די שטומע פעלדער, אויף אומבאַקאַנטע וועגן. קיינער האָט נישט געוואוסט וועגן דעם, אַז דריי סאָלדאַטן האָבן זיך געלאָזט אויף גאָטס באַראָט. קיינער האָט נישט געציילט, קיינער האָט נישט קאָנטראָלירט. מיר זיינען געווען אַליין מיט אונדזער גורל אויף דער וועלט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר זיינען צוגע־קומען צו אַ פאַרלאָזן דאָרף. מיר זיינען אַריין אין איינער פון די פּוסטע כאַטעס. אונדזער מידקייט איז געווען אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן זיך אַוועקגעלייגט אויף די בעטן, וואו עס איז געבליבן בלויז שטרוי, און מיר זיינען גלייך איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן, האַרטן, זאַרגלאָזן שלאָף, וואָס אַזעלכן קענען בלויז זעלנער. מיר זיינען געווען אין אַ געפאַר, עס האָט געקענט לייכט פּאַסירן, אַז מען זאָל אונדז דאָ כאַפּן, אָבער דאָס געפיל פון געפאַר איז שוין געווען אין אונדז אָפּגעטעמפּט. ווי לאַנג איך בין אַזוי געשלאָפן ווייס איך נישט. איך געדענק בלויז, אַז ווען איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, איז ווידער געווען פינצטער, און איך האָב געפילט

מיט אַ טיפן פאַרבאַרגענעם חוש, אַז איך בין איבערגעשלאָפן אַ נאַכט מיט אַ טאָג, און אַז עס איז שוין ווידער נאַכט. דאָס אַלץ איז געווען אומגלויבלעך, אויסטערליש. איך האָב אויפגעוועקט מיינע קאָלעגן. מיר זיינען אַלע דריי אויפגעשטאַנען מיט אַ שטאַרקן הונגער. אָנצינדן אַ פייער האָבן מיר מורא געהאַט. האָבן מיר גענומען זוכן עפּעס צום עסן אין דער פינצטער. מיר האָבן אַזוי לאַנג געטאַפּט מיט די הענט און זיך אָנגעשטויסן איינער אין דעם אַנדערן, ביז מיר האָבן געפונען אַ מולטער מיט עטלעכע שטיקער פאַרשימלט ברויט. מיר האָבן אויך אויסגעזוכט אין הויף אַ ברונעם, און אָנגענומען וואַסער. מיר האָבן געגעסן די אָרימע סעודה אין דער פינצטער און שווייגנדיקערהייט. דערנאָך האָבן מיר גענומען זוכן מלבושים, ווייל מיר האָבן געוואָלט פּטור ווערן פון אונדזערע מיליטערישע מונדירן. איך האָב אויסגעפונען אַ צעריסענע פויערישע זשופּיצע. די אַנדערע צוויי האָבן זיך אָנגעטאָן אין שמאַטעס, וואָס עס איז שווער געווען צו וויסן צי געהערן זיי צום פויער אָדער צו דער פויערטע.

פאַרטאָג זיינען מיר אַרויס פון דעם פאַרלאָזענעם הייזל, און זיך געלאָזט גיין ווייטער. מיר האָבן באַלד אָנגעטראָפן אַ מחנה היימלאָזע. אידן, ווייבער, אויך גויים האָבן זיך געשלעפּט צופוס, מיט פּעק אויף די פּלייצעס, מיט שוואַרצע פּנימער, מיט אויסגעלאָשענע אויגן. די קליינע קינדער זיינען געשלאָפן אויף די שלאַבריקע אָרעמס פון זייערע מוטערס. נישט בלויז האָבן מיר מורא געהאַט פאַר די היימלאָזע, אַז איינער פון זיי זאָל אונדז נישט מסרן, נאָר זיי האָבן אויך מורא געהאַט פאַר אונדז. מיר האָבן געבעטן עפּעס צום עסן, אָבער מיר האָבן נישט באַקומען. באַלד האָבן מיר זיי פאַרלאָזט און גענומען וואַנדערן איבער זייטיקע וועגן, איבער פעלדער, לאָנקעס און וועלדער. צום סוף, נאָך לאַנגע וואָלגענישן, זיינען מיר אָנגעקומען אין דער שטאָט לוצק. עס איז געווען פאַרטאָג. אויף די הייזער האָבן געהאַנגען באַקאַנטמאַכונגען, אַז יעדער פרעמדער מוז זיך גלייך מעלדן צום קאָמענדאַנט פון דער שטאָט, און אַרויסבאַקומען אַ צייגעניש, אַז ער איז נישט קיין דעזערטיר. פאַר נישט הערן האָט געדראָט מיט קריגס-געריכט. איינער פון די פויערים האָט זיך דערמיט אַזוי שטאַרק איבערגענומען, אַז ער האָט מיט איינמאָל אויס-



ל. גלאַזער אין קיעווער שפּיטאָל, ווען ער איז גע־וואָרן פאַרוואונדעט אין קאָפּ. ל. גלאַזער איז דער דריטער פון לינקס.



אידן, וואָס זיינען געקוילעט געוואָרן דורך פּעטליוראַס באַנדעס אין קיעוו.



שמואל שוואַרצבאָרד, וואָס האָט נקמה גענומען אין דעם מערדער פּעטליוראַ.

מאַהאַטמאַ גאַנדהי, וואָס האָט זיך גוט אָפּגערופן אויף ל. גלאַזערס בוך.

## דער מאַרש איבער קברים

געשפּיגן אַ שטיק בלוט. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן מיר באַשלאָסן זיך אויסבאַהאַלטן, און געבן צו וויסן אונדזערע קרובים, זיי זאָלן אונדז באַזאָרגן מיט די נויטיקע פּאַפּירן. דערווייל האָבן מיר נישט געהאַט קיין אַנדער אָרט ווי דאָס בית־עולם. מיר זיינען אַוועק אויפן בית־עולם, און זיך באַהאַלטן ערגעץ צווישן די מצבות פון פאַרצייטיקדיקע קברים, וואָס זיינען געווען אַרומגעוואַקסן געדיכט מיט בוימער און אַלערליי שטעכנדיקע געוואוקסן. דאָרט זיינען מיר אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג. ביי־נאַכט זיינען מיר דאָרטן געשלאָפן. מיר האָבן געוואוסט, אַז לאַנג וועט דאָס אַלץ נישט קענען דויערן. מיר זיינען צופיל אָפּגעשוואַכט פון הונגער. מיר זיינען געלעגן פאַרשמאַכט און געוואַרט אויף אַ נס. איינדער־פרי האָבן מיר צו אודזער גרויסער שרעק דערזען, אַז איינער פון אונדז פעלט. מיר האָבן געפונען אַ שטיק פּאַפּיר, אויף וועלכן עס איז געווען אָנגע־שריבן מיט אַ בליישטיפט: „איך שטאַרב, לאָזט וויסן מיינע עלטערן״, און אונטערגעשריבן איז געווען: יעפּים לעוויצקי. מיר האָבן נישט לאַנג דערנאָך געפונען אונדזער קאָלעגע. ער איז געלעגן אַ טויטער, פאַרשטעקט ערגעץ צווישן די מצבות. זיינע הענט זיינען געווען שטאַר, די אויגן — אָפן, און ער האָט געקוקט אויף אונדז מיט אַ בליק שוין נישט פון דער־וועלט. דער איינציקער לעבעדיקער מענטש, וואָס האָט זיך דאָ געוויזן, איז געווען אַן אַלטע פרוי, וואָס פלעגט יעדן טאָג קומען און זיך אַוועקזעצן לעבן אַ קבר, און עפּעס דאָרטן אַריינמורמלען. דעם דריטן אָדער דעם פערטן טאָג, בין איך אַרויסגעקראָכן פון הינטער די מצבות, און געבעטן די דערשראָקענע זקנה, זי זאָל אונדז ברענגען עפּעס צום עסן, ווייל מיר גייען דאָ אויס. זי האָט אונדז געבראַכט ברויט מיט וואַסער, אָבער אונדזערע כוחות זיינען געוואָרן אַלץ שוואַכער. דער געדולדיקער פויער, וואָס איז לעבן מיר געלעגן, האָט אָנגעהויבן צו פאַרלירן זיין געדולד. זיין פּנים איז געווען געל, ווי וואַקס, און ער האָט נישט אויפ־געהערט צו קרעכצן. אין איינעם אַ נאָכמיטאָג האָט ער זיך פּלוצלונג אויפגעזעצט, אַ קוק געטאָן אויף מיר מיט אַ ווילדן בליק, און זיך אָנגע־רופן:

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

— זיי געזונט, ברודער, איך האָב מער נישט קיין כוח! איך גיי אַוועק! מיר וועלן זיך טרעפן לעבעדיק אָדער טויט!

און זאָגנדיק אָט די ווערטער, איז ער אויפגעשטאַנען, און זיך געלאָזט גיין מיט שלאַבריקע טריט. איך האָב אים געוואָלט איינהאַלטן, אָבער איך האָב געזען, אַז ער איז פעסט אַנטשלאָסן. פאַרנאַכט בין איך געקומען צום זעלביקן באַשלוס וואָס מיין קאָלעגע. בלייבן דאָ ליגן האָט געהייסן וואַרטן אויף אַ זיכערן טויט. איך בין אויפגעשטאַנען און זיך געלאָזט גיין צו דער שטאָט, גרייט אויף אַלעמען. איך בין געקראָכן איבער דער בלאָטיקער שטאָט, און קיינער האָט מיך נישט פאַרהאַלטן. איך האָב אויסגעזען ווי אַ פאַרוואָרלאָזטער בעטלער. אינמיטן וועג איז מיר נישט גוט געוואָרן. איך בין מיט די לעצטע כוחות צוגעקראָכן צו אַן אַפּטייק. עס איז דאָרטן קיינער נישט געווען, אויסער דעם אַפּטייקער. יענער האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַ דערשטוינטן בליק, מיך אָפּגעמאָסטן פון אויבן־אַראָפּ, פון הינטן־אַרויף און ער האָט, ווייזט אויס, אַלץ פאַרשטאַנען. ער האָט מיר אָנגעוויזן, אַז איך זאָל אַריינגיין אין דער שטוב, וואָס האָט זיך געפונען הינטער דער אַפּטייק. דאָרטן האָט ער מיר געבראַכט וואַסער און עפּעס זיך צו דערקוויקן. די זעלביקע נאַכט האָב איך גענעכטיקט אין אַ בוידעם־שטיבל, וואָס האָט געהערט צום אַפּטייקער. דער פיינער מענטש האָט מיר באַוויזן, אַז אין דער וועלט פון שלעכטס און געמיינקייט, געפינען זיך נאָך אַלץ אידעלע מענטשן, וואָס זיינען אַ באַרעכטיקונג פאַר דער גאַנצער מענטשלעכער עקזיסטענץ. דער אַפּטייקער האָט גאַנץ גוט געוואוסט וואָס עס דראָט אים פאַר אויס־באַהאַלטן אַ דעזערטיר, אָבער זיין מענטשלעכע פליכט איז ביי אים געווען טייערער ווי דאָס לעבן. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער צו וויסן געטאָן מיינע עלטערן אין וואָסער לאַגע איך געפין זיך. איך בין דערוויילן אַ סך געשלאָפן, האָב אַ סך גערוט, האָב זיך אָפּגעשווירן, אָפּגעגאָלט, ווידער געטראָגן אַ ריין העמד, און געפילט, אַז איך קום צוריק צום לעבן, פּאַמעלעך, ביסלעכווייז. אַ נייע האָפענונג האָט גענומען אויפוואַכן אין מיר, און צוזאַמען דערמיט — נייער גלויבן...

# דאָס שלעכטע זיגט

אַ שטיקל צייט האָט אויסגעזען, אַז איך בין געראַטעוועט. דער אַפּטייקער האָט צו וויסן געטאָן מײַנע עלטערן וועגן מײַן לאַגע. מײַנע עלטערן האָבן מיך שוין געהאַלטן פאַר אַ טויטן. מײַן מוטער האָט נישט אויפגעהערט צו וויינען אויף איר איינציקן זון, וואָס זי איז זיכער געווען, אַז ער איז געפאַלן אויפן פראָנט. מען קען זיך דעריבער לײַכט אויסמאָלן זייער איבעררעשונג, ווען זיי האָבן דער־האַלטן דעם גרוס, אַז איך לעב. מײַן פאָטער האָט גלײַך געטאָן וואָס עס איז נאָר מעגלעך געווען כדי אַרויסצוקריגן פאַר מיר די נויטיקע פאַפּירן. באַלד דערנאָך איז ער געקומען קיין לוצק. עס איז אוממעגלעך איבער־צוגעבן די סצענע פון אונדזער באַגעגעניש. מיר האָבן זיך אַרומגענומען שטומערהייט, און מיר האָבן נישט געקענט אַרויסברענגען קיין וואָרט. אַזוי האָט געמוזט אַמאָל, מיט טויזנטער יאָר צוריק, פילן יעקב, ווען ער האָט זיך באַגעגנט מיט יוספן, בלויז מיט דעם איינעם אונטערשייד וואָס יעקב האָט געהאַט נאָך עלף זין און אַ טאָכטער, אין דער צייט, ווען איך בין געווען פאַר מײַנע עלטערן אַן איינציקער.

געפילן איז שווער איבערצוגעבן. עס איז נישטאָ די שפּראַך, עס זיינען נישטאָ די ווערטער, וואָס זאָלן קענען איבערגעבן גרויסע פרייד, שטאַרקן טרויער, שרעק, גליק. איך וועל מיך דעריבער האַלטן ביי די פאַקטן.

אין לוצק האָט מײַן פאָטער פאַרבראַכט צוויי טעג און צוגעגרייט, אַז איך זאָל קענען זיכער אַרויספאָרן פון שטאָט. דער אַפּטייקער האָט דערביי אונדז געהאָלפן ווי ווייט עס איז נאָר מעגלעך געווען פאַר אים. נאָך צוויי טעג האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג אַריין. איך וואָלט געווען גליקלעך און פריילעך, אָבער גראָד האָב איך מיך דערוואוסט, אַז דער זעלנער, וואָס מיט אים בין איך געלעגן אויפן בית־עולם, און וואָס איז שפּעטער אַנטלאָפן, איז געכאַפּט געוואָרן. כאָטש ער איזווירקלעך אַראָפּ

פון זינען, האָבן די מיליטערישע דאָקטוירים אויסגעפונען, אַז ער סימולירט, אַז ער מאַכט זיך פאַר אַ משוגענעם, און דאָס קריגס־געריכט האָט אים פאַרמשפּט צום שיסן. עס האָט אויף מיר געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן איינדרוק.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך בין אָנגעקומען קיין אָדעס. מיין מוטער און פאַניע האָבן מיך קוים דערקענט, אַזוי פאַרענדערט בין איך געוואָרן. איך האָב אויסגעזען מיט צען יאָר עלטער. ווען איך האָב גענומען דערציילן מיינע איבערלעבונגען אויפן פראָנט האָבן ביידע פרויען ביטער געוויינט. איך האָב דערנאָך געמוזט אָנווענדן אַ סך מי זיי ווידער ווי עס איז צו באַרואיקן.

מיר האָבן געלעבט אין שטענדיקער שרעק. מיינע פּאַפּירן זיינען געווען פאַלשע, און איך בין געווען כסדר אין דער געפאַר אַרעסטירט צו ווערן. עס איז אָבער נישט געווען קיין אויסוועג. מיין מוטער האָט געזען, אַז איך זאָל קומען צו זיך, און פאַניע האָט מיט מיר פאַרבראַכט די גאַנצע צייט. זי איז געווען פאַר מיר אַלץ אין יענע שווערע טעג, ווען איך האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס דער מאָרגן קען ברענגען. מיינע גע־פילן צו איר זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. מיר זיינען געווען אין יענעם צושטאַנד פון ליבע, ווען מען קען זיך נישט אָנזעטיקן מיט קיין צערטלעכקייטן. מיר האָבן זיך געשפּילט, ווי קינדער, געשפּאַסט, זיך געריי‌צט, און אָפט פלעג איך מיט איר אָפּזיצן ביז שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, און מיר האָבן זיך נישט געקענט שיידן. עס איז געווען מאָדנע, נאָך אַזויפיל ברוטאַליטעט און האַס ווידער צו געניסן פון דער ריינסטער ליבע. אָפט האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז דאָס אַלץ איז נישט־ווירקלעך, עפּעס ווי איך וואָלט געלעבט אין חלום. נישט איינמאָל פלעג איך פלוצלונג אויפכאַפּן, און ווען פאַניע האָט מיך געפרעגט וואָס עס איז מיר, האָב איך געשוויגן. האָב איך איר געקענט איבערגעבן כאָטש אַ טויזנט־חלק דערפון, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט? איך האָב בלויז געגלעט אירע האָר און זיך צוגעטוליעט צו איר. אָפט פלעג איך אַזוי אַרום איינ־דרימלען, און אין מיין מוח האָבן זיך אויסגעמישט חלום און וואָר אין אַ מערקווירדיקן געמיש...

## דאָס שלעכטע זיגט

אָבער דאָס גליק האָט נישט לאַנג געדויערט. אין איינעם אַ פרייטאָג איז פאָרגעקומען אין אונדזער גאַס אַ רעוויזיע. אַלץ איז געשען אַזוי אומ־געריכט, אַז איידער איך האָב צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן אַנטלויפן, איז שוין אונדזער הויז געווען באַזעצט מיט זשאַנדאַרמען. זיי זיינען גלייך צו אונדז אַריין און מיך געפּאַקט. איך האָב זיי געוויזן מיינע פּאַפּירן, אָבער זיי האָבן נישט לאַנג געדאַרפט אין זיי אַריינקוקן צו זען, אַז זיי זיינען געפעלשטע. אַלץ איז געשען מאָדנע גיך. מיין פאָטער, מיין מוטער און פאַניע זיינען ווי פאַרשטומט געוואָרן פון שרעק. זיי האָבן צוגעזען ווי די סאָלדאַטן פירן מיך אַרויס, און זיי האָבן אפילו נישט געקענט זיך מיט מיר געזעגענען.

מען האָט מיך גלייך אָפּגעשיקט צום ניין־און־פופציקסטן רעגימענט, און עס האָט נישט געפעלט אַ סך מען זאָל מיך צושטעלן צום קריגס־געריכט און מיך דערשיסן. אָבער מיין פאָטער האָט אָנגעווענדט די גאַנצע פּראָטעקציע, וואָס איז נאָר מעגלעך געווען. איז נישט בלויז האָט מען מיך נישט צוגעשטעלט צום קריגס־געריכט, נאָר מען האָט מיך אפילו נישט אַרויסגעשיקט צום פראָנט. דער פּאָלקאָווניק האָט געהאַט באַקומען געלט, און ער איז געווען צו מיר גוט געשטימט.

אָבער דאָ איז געקומען אַ ניי אומגליק. דער פּאָלקאָווניק האָט באַקו־מען אורלויב, און אויף זיין אָרט איז געקומען אַן אָפיצער, אַ רומענישער פון אָפּשטאַמונג, מיטן נאָמען פּאָמפּאַדאָפּל. איך האָב נאָך פּאַר זיין אָנ־קומען געהאַט באַקומען די דערלויבעניש אַרויסצוגיין יעדן אָוונט נאָך ניין אַזייגער אויף דער גאַס. אין איינעם אַן אָוונט איז דער נייער אָפיצער געקומען אין דער קאַזאַרמע צו קאָנטראָלירן צי אַלע זעלנער זיינען דאָ. ער האָט גלייך באַמערקט, אַז איינער פעלט, און צומאָרגנס האָט מיך דער פעלדפעבל צוגעשטעלט צום ראַפּאָרט. פּאָמפּאַדאָפּל האָט געהייסן אַלעמען זיך אויסשטעלן אין דער ריי און ער האָט יעדן אויסגעפרעגט באַזונדער. ווען עס איז געקומען צו מיר, האָט ער מיך געפרעגט, פאַרוואָס איך בין נישט געווען נעכטן אין דער קאַזאַרמע. איך האָב אים געענטפערט קורץ און מיליטעריש, ווי מען האָט מיך געלערנט, אָבער ער האָט גלייך אַרויס־געוויזן, וואָס ער איז, און מיך אַ רוף געטאָן „פאַרשאָלטענער איד". דערביי

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

האָב איך באַקומען אַ פּייערדיקן פּאַטש. איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר מוחל זיין, און דערביי געציטערט פון צאָרן, אָבער ער האָט מיך געהאַלטן אין איין שלאָגן. ערשט ווען ער האָט מיר אַ שטויס געטאָן אין בויך אַריין, איז מיין צאָרן איבערגעגאַנגען אַלע ברעגן. איך האָב אַ געשריי געטאָן:

— דו כוליגאַן, דו שמוציקער חזיר, פּאַרוואָס שלאָגסטו מיך, האַ?

און נאָך איידער ער האָט באַוויזן רעכט צו באַגרייפן וואָס דאָ טוט זיך אָפּ, האָב איך אַ כאַפּ געטאָן די ביקס און אים דערלאַנגט גלייך אין קאָפּ אַריין. דאָס בלוט האָט אַ זעץ געטאָן פון זיין שאַרבן, און איך האָב געמיינט, אַז איך האָב אים אַוועקגעלייגט אַ טויטן. מען האָט אים גלייך אַוועקגענומען אין שפּיטאָל אַריין, און מיך האָט מען מיט דער זעלביקער שנעלקייט געבונדן אין קייטן. מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין אַ קאַרצער, וואו מען קען זיך אפילו נישט אַוועקלייגן, אַזוי ווייניק פּלאַץ איז דאָרטן געווען, און איך האָב געמוזט שטיין. איך בין ווידער געווען אין דער געפאַר געשטעלט צו ווערן פאַר אַ קריגס-געריכט. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָסמאָל וועל איך מיך שוין נישט אַרויסדרייען. אָבער מיין פאָטער האָט זיך אינגיכן דערוואוסט וואָס עס איז געשען און פונסניי אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר מיינעטוועגן. אַז מען שמירט, פאָרט מען. דער בריגאַדע-גענעראַל, האָט אונדז ביידן, מיך און פּאַמפּאַדאָפּל, צוגעצויגן בלויז צו אַ שטרענגען פאַרהער.

מען האָט מיך אויסגעפרעגט אין דער קעגנוואַרט פון דעם גאַנצן באַטאַליאָן. דער אָפיציר האָט זיך פאַרטיידיקט, אַז ער האָט מיך בלויז געפרעגט פאַרוואָס איך בין נישט געווען אין דער קאַזאַרמע, און אַז איך האָב אים געענטפערט חוצפּהדיק, האָט ער מיר געגעבן אַ לייכטן קלאַפּ. איך האָב מיך מער נישט געקענט באַהערשן און אין די אויגן פון אַלע אָפיצירן אַ געשריי געטאָן, אַז דאָס איז אַ ליגן. דער גענעראַל האָט אויסגעפרעגט די אָפיצירן און זעלנער, און אַלע האָבן באַשטעטיקט מיינע רייד. נאָך אַ לענגערער באַראַטונג, איז פּאַמפּאַדאָפּל געפונען געוואָרן שול-דיק פאַר ברעכן די דיסציפּלין און פאַר האַנדלען נישט לויט דער ווירדע

## דאָס שלעכטע זיגט

פון אַ מיליטער־מאַן. ער איז געוואָרן דעגראַדירט צו אַן איינפאַכן זעלנער און מען האָט אים אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט. אַזוי ווי איך בין אויך באַגאַנגען אַ זינד שלאָגנדיק אַן אָפיציר, האָט מען מיך אויך דעגראַדירט און אַרויסגעשיקט אויפן פראָנט, צו די פּאָזיציעס לעבן רומעניע. דער וועג איז געווען אַ שרעקלעכער. אַלץ אין מיר האָט זיך געבונטעוועט קעגן ווידער גיין אין קריג. איך בין אָנגעקומען אין סאַמע מיטן פייער. מיר האָבן געהאַט פאַרלוירן אַ סך מענטשן און פערד. איך בין געווען אַזוי פאַרהאַסט קעגן קריג, אַז איך האָב גלייך באַשלאָסן פונסניי צו אַנטלויפן, אַזוי גיך ווי עס וועט זיך לאָזן. עס איז אָבער נישט געווען אַזוי לייכט. די אַטאַקעס זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער. צוליב דער שוואַכער פאַרטיידיקונג פון אונדזער מיליטער, האָט געהערשט גרויס פאַרביטערונג. שפּעטער איז געלונגען די רוסישע שפּיאָנען צו באַקומען דעם פּלאַן פון שונא, און מיר האָבן ווידער געהאַט עטלעכע נצחונות. די קאַמפן זיינען געוואָרן אַלץ הייסערע, און זיך פאַרוואַנדלט אין אַן אָפענסיווע אויפן גאַנצן פראָנט. נישט געקוקט אויף די ביטערע קעלטן האָבן מיר אָפּגעהאַלטן פון צייט צו צייט אַ זיג.

די זעלנער פון די צענטראַלע מלוכות האָבן נישט געקענט אויס־האַלטן די קעלטן, אָבער די רוסישע זיינען געווען צוגעוואוינט צו אַ שווערן ווינטער. ביי די דייטשן זיינען די וואָנסן געוואָרן שטייף, ווי אייז. שפּעטער, אַז דער שניי האָט גענומען צעגיין און עס איז עטוואָס וואַרימער געוואָרן, איז דער שונא אַביסל געקומען צו זיך, אָבער עס איז שווער געווען צוריקצוכאַפּן, וואָס עס איז פאַרלוירן געוואָרן איבערן ווינטער. די שווערע אַרטילעריע האָט זיך לאַנגזאַם געשלעפּט איבער די בלאָטעס און זומפּן. איבער די שניי־גרובנס זיינען געלאָפן אייז־קאַלטע ווינטן. דערצו פלעגן אַנטשטיין שניי־שטורעמס פונסניי. דער שונא האָט נישט געהאַט קיין חשק אָנצופירן מיט דער אָפענסיווע און האָט זיך באַגרעניצט אויף פאַרטיידיקונג.

דאָס מאָל האָב איך געטראָפן אויפן פראָנט אַ גרויסע פאַרענדערונג. די באַריכטן, וואָס זיינען געקומען פון גענעראַל־שטאַב, האָט קיינער מער נישט גענומען ערנסט. די סאָלדאַטן האָבן זיך איבערגעגעבן אַלייערליי

נייעסן פון מויל צו מויל. די פאַנטאַזיע האָט געבויט אַלערליי לופט־שלעסער. די ווילדסטע קלאַנגען האָבן צירקולירט. די רוסישע צייטונגען, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט געקענט באַרימען מיט קיין איבעריקער פרייהייט, זיינען אינגאַנצן געשטאַנען אונטער דער הערשאַפט פון די צענזאָרן. אין דער פרעסע האָט דער צאַר געמאַכט געוואַלדיקע נצחונות. די צאָל טויטע און פאַרוואונדעטע איז אַלעמאָל געווען אָנגעגעבן פאַלש. די זעלנער זיינען אויך געווען מער פאַרביטערט און געהעצט ווי פריער מיט אַ יאָר. און דערצו האָבן זיי געליטן הונגער. עס האָט זיך דייטלעך געוויזן, אַז אין דער רוסישער אַרמיי קומט פאָר אַ פּראָצעס פון צעפאַלונג. גאַנצע באַטאַליאָנען פלעגן זיך איבערגעבן אין געפאַנגענשאַפט. מען האָט אָנגעהויבן צו שמועסן, אַז מען באַקומט אין געפאַנגענשאַפט גוט צו עסן און מען איז דערצו נאָך זיכער מיטן לעבן. אָפט האָב איך מיר גע־וואונטשן דעם טויט. איך האָב געהונגערט, געפרירט, און אין אַזאַ צושטאַנד מיך געדאַרפט שלאָגן. אין אַ געוויסן טאָג איז ווידער געקומען דערצו, אַז די סאָלדאַטן פוןביידע לאַגערן זאָלן זיך באַגעגענען, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ קאַמף מיט די באַיאָנעטן. איך געדענק שוין נישט גענוי וואָס עס איז געשען און ווי אַזוי. איך געדענק בלויז, אַז אינמיטן דער בהלה האָב איך פלוצלונג דערפילט אַ שטאַרקן ווייטיק אין קאָפּ. איך האָב מיך געוואָלט שטאַרקן, ווייל איך האָב געוואוסט ווי גרויס עס איז די געפאַר, אָבער די פיס האָבן זיך אונטער מיר אונטערגעבראָכן, און איך בין אַ פאַל געטאָן אויפן פּנים. איך האָב דערשפירט, אַז עס פליסט פון מיר בלוט, און עס איז מיר געוואָרן טונקל אין די אויגן. באַלד דערנאָך האָב איך פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין.

איך האָב מיך אויפגעכאַפּט ערשט אין ניינצן טעג שפּעטער, אין אַ שפּיטאָל־בעט. אַ קראַנקען־שוועסטער האָט זיך געפּאָרעט לעבן מיר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מען האָט מיך אָפּגעפירט מיטן לאַזראַעט־צוג קיין קיעוו, און ערשט דאָרטן בין איך ביסלעכווייז ווידער געקומען צום באַוואוסטזיין. איך בין געלעגן אַ פאַרבאַנדאַזשירטער, און געהאַט אַ געפיל ווי אַ מענטש, וואָס מען האָט אים ערשט נישט לאַנג אַמפּוטירט איינס פון די גלידער. אָבער די שוועסטער האָט מיך געטרייסט:

## דאָס שלעכטע זיגט

— איר האָט גליק! — האָט זי זיך צו מיר אָנגערופן — מען האָט אייך געמאַכט אַן אָפּעראַציע אויפן נאַקן. איר וועט זיך ערשט שפּעטער דערוויסן ווי שלעכט עס האָט געהאַלטן מיט אייך!

לעבן מיין בעט איז אויך געזעסן אַ פּראָפעסאָר מיט אַ שיינער געפלעגטער באָרד. ער האָט זיך געהייסן ברענגען די קויל, וואָס ער האָט אַרויסגענומען, און ער האָט זי מיר געוויזן.

— זעט איר, אָט דאָס קוילכל איז געווען אין דיין נאַקן, גוטער ברודער. די קויל האָט דיך פאַרוואונדעט, אָבער זי האָט דיך געראַטעוועט פון טויט אויך, ווייל פון דיין גאַנצן באַטאַליאָן איז כמעט קיינער נישט געבליבן.

אין אָנהויב האָב איך מיך צוגעהערט צו זיינע רייד רואיק, און בין נישט געווען פייאיק טיפער צו באַנעמען וואָס ער האָט געזאָגט. באַלד אָבער האָב איך דערפילט דעם אמתן זין פון זיינע ווערטער. עפּעס אין מיר האָט אויפגעציטערט. איך האָב געפרעגט מיט אַ שוואַך קול:

— אָבער צו־וואָס דאַרף מען דאָס גאַנצע בלוט־פאַרגיסונג? צו־וואָס דאַרפן מיר דאָס אַלץ? איז דען נישט פאַראַן גענוג אומגליק אויף דער וועלט?

דער דאָקטאָר איז אַריינגעפאַלן אין צאָרן.

— ברודער, רעד נישט אַזוי הויך! — האָט ער גערופן! — מען קען דיך נאָך אָננעמען פאַר אַ רעוואָלוציאָנער, און קענסט האָבן דערפון היבשע צרות! ווייסטו דען נישט, אַז די מענטשן זיינען ווילדע בעסטיעס? איך, אַ העלפער פון דער מענטשהייט, זאָג עס דיר!

איך האָב אים געענטפערט מיט אַ שוואַך קול:

— איך ווייס, הער פּראָפעסאָר, דאָס איז די מאָראַל פון דער היינטיקער ציוויליזירטער וועלט!

איך האָב אים געבעטן ער זאָל מיר העלפן לאָזן וויסן מיינע אייגענע וואו איך געפין מיך. ער האָט עס געטאָן פאַר מיינעטוועגן. מיינע על־טערן האָבן באַקומען אַ טעלעגראַמע, און זיי זיינען באַלד צומאָרגנס

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

אַרויסגעפּאָרן צו מיר קיין קיעוו. מיר האָבן סיי געוויינט, סיי זיך געפרייט. מיין ערשטע פראַגע איז געווען, וואָס פאַניע מאַכט און פאַרוואָס זי איז נישט געקומען צוזאַמען מיט די עלטערן. מיין מוטער האָט געענטפערט, אַז זי האָט געמוזט בלייבן אין דער היים, ווייל מען קען נישט איבערלאָזן די שטוב אַליין. דאָס האָט מיך באַרואיקט, אָבער איך האָב נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך איר.

איך בין געלעגן אין הויכן פיבער. מיין מוטער איז נישט אָפּגעטראָטן פון מיין קראַנקן־בעט. ווען עס האָט מיר אָנגעהויבן צו ווערן אַביסל בעסער און איך בין געקומען צו זיך, האָב איך געפרעגט פאַרוואָס פאַניע שרייבט נישט. דערויף האָט מיין מוטער געענטפערט, אַז ווען זי האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין פאַרוואונדעט, איז זי קראַנק געוואָרן, און אַז זי קען דעריבער נישט שרייבן. אָט דער ענטפער האָט מיר אויסגעזען היבש פאַרדעכטיק, און איך האָב גענומען טראַכטן וועגן דעם. נאָך דריי מאָנאַטן האָט מען מיך ענדלעך אויסגעשריבן פון שפּיטאָל, און איך האָב באַקומען אַ לענגערן אורלויב. איך בין געפאָרן קיין אָדעס.

ווען איך בין געקומען אַהיים, איז מיין ערשטע פראַגע געווען: וואו איז פאַניע ערגעץ? אָבער טאַטע־מאַמע האָבן נישט געקענט גלייך ענטפערן. ערשט ווען איך האָב פונסנייי איבערגעפרעגט, און זיי האָבן געזען, אַז איך וועל אויפגערעגט, האָבן זיי מיר מודה געווען דעם אמת. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער צייט ווען איך בין געווען אויפן פראָנט, האָט פאַניע געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַן אָפיציר, אָנגעהויבן מיט אים אַרומצוגיין, און געענדיקט האָט זיך עס דערמיט, וואָס אין איינער אַ נאַכט האָט זי צוגענומען דאָס גאַנצע צירונג פון הויז און איז אַוועק. זינט דעמאָלט האָט מען זי נישט געזען.

איך האָב נישט געקענט גלויבן מיינע אייגענע אויערן. איך האָב מורא געהאַט, אַז מיינע עלטערן נאַרן מיך אָפּ, און איך בין אַוועקגעלאָפן צו אָלגאַ ליטווינאָוואַ, פאַניעס בעסטע פריינדין. יענע האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ סך מיטגעפיל, און מיר אויך דערציילט דאָס אייגענע, וואָס די עלטערן. זי האָט מיר דערציילט אַלע איינצלהייטן, און איך האָב זי אויסגעהערט אַ שטומער און דערשראָקענער. עס איז געווען פאַר מיר

## דאָס שלעכטע זיגט

אַזאַ קלאַפּ, אַז איך האָב נישט געפונען די ווערטער ווי אַזוי אויסצו־דריקן מיין צער. איך האָב מיך געזעגנט מיט איר שטומערהייט. איך האָב געהאַט דאָס געפיל ווי איך וואָלט אַלץ געהאַט פאַרלוירן: מיין גלויבן, מיין האָפענונג, גאָט, און אַלץ, אַלץ. פאַרוואָס זאָל דאָס געשען? — האָב איך מיך אַליין געפרעגט — פאַרוואָס זאָל אַ מענטש אָפּצאָלן מיט שלעכטס פאַר גוטס? פאַרוואָס טויט מען אָפּ די בעסטע און שענסטע געפילן אין אונדז? פאַרוואָס דאַרפן מיר האָבן אַזויפיל אַנטוישונגען? איך האָב מיך לאַנג געגריבלט וועגן דעם, און בין פון דעם ווידער קראַנק געוואָרן. איך האָב געמוזט פונסניי אַוועק אין שפּיטאָל, און איך בין דאָרטן אָפּגעלעגן גאַנצע פינף וואָכן.

ווען איך בין אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל, האָב איך מיך דערוואוסט, אַז אָלגאַ ליטווינאָוואַ, וואָס האָט זיך געמיט אַרויסצוקריגן אַ גט פון איר מאַן, און אים נישט געקענט אַזוי גיך באַקומען, איז באַגאַנגען אַ שרעקלעך פאַרברעכן: זי האָט דעם מאַן אָפּגעסמט. דאָס דינסט־מיידל האָט אויסגעזאָגט דעם סוד, און אָלגאַ ליטווינאָוואַ איז אַרעסטירט געוואָרן. איך האָב געקענט איר מאַן און בין געווען מיט אים באַפריינדעט, וואָרים דיי זיינען געווען פּאַניעס גוטע־פריינט. איצט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אָלגאַ ליטווינאָוואַ איז אַ מערדערין. גאָט אין הימל, וואָס טוט זיך דאָ אָפּ? — האָב איך מיך אַליין געפרעגט — וואו בין איך? אויף וואָס פאַר אַ וועלט? איך בין אַוועק אויפן בית־עולם, האָב לאַנג געקוקט אויף דעם בערגל ערד, וואָס אונטער אים איז געלעגן אָלגאַ ליטווינאָוואָס מאַן, און איך האָב געטראַכט, אַז איך דאַרף פון דעם אַלעמען עפּעס אָפּלערנען. איך בין אַזוי לאַנג געשטאַנען אויפן בית־עולם, ביז איך האָב מיך פאַרקילט. עס האָט אויסגעזען, אַז אַלץ גייט מיר שלימזלדיק. איך בין צוריקגעקומען פון בית־עולם מיט אַ געפיל, אַז איך האָב פיבער, און באַלד דערנאָך האָב איך מיך געמוזט לייגן אין בעט אַריין. איך האָב באַקומען לונגען־אַנטצינדונג. איך בין שפּעטער געזונט געוואָרן, אָבער אויפן פראָנט בין איך מער נישט געגאַנגען. מיין פאָטער האָט געטאָן אַל־דאָס מעגלעכע, און געגעבן געלט וועמען מען האָט געדאַרפט. איך האָב מיך געדאַרפט פרייען מיט דעם, וואָס איך בין אין דער היים, אָבער אַלץ

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

**אין מיר איז געווען פול מיט טרויער. איך בין געווען אַנטוישט ביזן מאַרך פון די ביינער, און איך האָב געהאַט פאַרלוירן יעדן לוסט צום לעבן. אַ טיפער אינערלעכער קריזיס האָט מיך באַהערשט, און איך האָב גיט געזען קיין אויסוועג ווי אַזוי פון אים אַרויסצוקריכן.**

# אין דער פעברואַר רעוואָלוציע

אין פעברואַר 1917 האָט אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע. דאָס, וואָס האָט געמוזט קומען, איז געקומען. עס איז אמת, אַז מיין גלויבן אין דער מענטשהייט איז געווען וואַקלדיק, אָבער די רעוואָלוציע האָט אויפגעוועקט אין מיר נייע כוחות און נייע אידעאַלן. ניקאָלאַי דער צווייטער, דער סימבאָל פון טיראַנעריי און זעלבסטהערשאַפט, איז געווען אַרעסטירט. דאָס שווער־באַעוולהטע פאָלק איז געקומען צו דער מאַכט. אין אַזאַ מאָמענט איז שווער געווען צו בלייבן אָפּהענטיק און פּאַסיוו. וועגן צוריקגיין אין קריג אַריין האָב איך אפילו נישט געטראַכט. אין אָדעס האָט צו יענער צייט עקזיסטירט אַ שטילע אָרגאַניזאַציע פון סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט פאָרטצוזעצן דעם קריג, וואָס דער צאַר האָט אָנגעהויבן. זייער צאָל האָט אָנגעטראָפן בערך צען טויזנט. איך האָב גלייך געוומען אַ רעגולערן אָנטייל אין אָט דער אָרגאַניזאַציע, און בין אפילו אינגיכן געוואָרן איר פּרעזידענט. מען האָט מיך אפילו באַשטימט פאַר אַ דעלעגאַט קיין מאָסקווע, וואו עס האָט געזאָלט פאָרקומען די גרינדונג פון די סאָלדאַטן־ראַטן. דער פראָנט איז געווען צוזאַמענגעבראָכן. די זעלנער זיינען זיך צעלאָפן אַהיים. דאָס לאַנד איז געווען פול מיט פרייד און טומל. דער זעלנער, וואָס איז ביז איצט געווען דער שעיר־לעזאזל, דאָס כפרה־הינדל, איז מיט איינמאָל געוואָרן דער צענטער פון אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַר־געסן דעם טאָג, ווען איך בין אַרויסגעפאָרן פון אָדעס קיין מאָסקווע. מען האָט מיך און די איבעריקע דעלעגאַטן באַגלייט צום וואָקזאַל מיט מוזיק. רויטע פענער האָבן געפלאַטערט, הוראַ־געשרייען האָבן זיך אַרויס־געריסן פון טויזנטער העלדזער. מיין האַרץ האָט שטאַרק גענומען קלאַפּן, ווען איך האָב געזען די ריזיקע מאַסן, פול מיט טריאומף און פרייד. אַזוי שטאַרק איז געווען דער איינדרוק, וואָס די רעוואָלוציע האָט געמאַכט, אַז איך האָב אָנגעהויבן צו פאַרגעסן די געשעענישן פון די לעצטע מאָ־

נאָטן. איך בין איינגעשטיגן אין אַ שלאָף־וואַגאָן, און ווען די באַן האָט זיך גערירט פון אָרט, האָט אויפגעשפּילט די מאַרסעליעזע. אַזוי, האָב איך געטראַכט, פאָרן, מסתמא, קעניגן. אָבער איך בין איצט ווייט געווען זיי מקנא צו זיין. קעניגן האָבן נאָך אַלץ געהערשט איבער מיליאָנען מענטשן, אָבער נישט איבער זייערע הערצער. אָבער איך בין געשיקט געוואָרן פון טויזנטער חברים, מענער מיט די זעלביקע אידעאַלן און די זעלביקע האָפענונגען.

אין מאָסקווע זיינען מיר אויפגענומען געוואָרן פייערלעך. רעוואָלוציאָנערע פריינט האָבן אונדז אָפּגעוואַרט אויפן וואָקזאַל. אין דעם זעלביקן אָוונט איז פאָרגעקומען אַ קאָנפערענץ אין קייזערלעכן פּאַלאַץ. באַלד פון אָנהויב איז געשטעלט געוואָרן די פאָדערונג אָפּצושאַפן דאָס פאַראַכטנדיקע וואָרט „דעזערטיר״ פאַר די יעניקע, וואָס נעמען נישט קיין אָנטייל אין דער מלחמה, און זיי צו פאַרבייטן מיט דער ערנהאַפטער באַצייכענונג „בירגער״. אָט די פאָדערונג האָב איך פערזענלעך אַרויסגעשטעלט, און זי איז גלייך אָנגענומען געוואָרן מיט פרייד. מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט זיך גאַנץ רוסלאַנד דערוואוסט, אַז דער שאַנד־צייכן, מיט וועלכן די הערשנדיקע קלאַסן האָבן אונדז באַצייכנט, איז פון אונדז אַראָפּגענומען געוואָרן. מיר זיינען מער נישט געווען קיין דעזערטירן, נאָר פרייהייט־קעמפער.

דערנאָך האָבן מיר געהאַט אַ קאָנפערענץ מיט דעם מיניסטער א. קערענסקי, וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. ער איז געווען דער פאַרטיידיקער פון דער רוסישער פרייהייט, אַ מענטש מיט אומגעהויערן וויסן און מיט הויכער מאָראַל. אַ דאַנק אים האָב איך ווידער אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם רענעסאַנס פון דער מענטשלעכער עטיק. מיינע אָפּטע באַראַטונגען מיט קערענסקין האָבן מיר צוגעגעבן ניי פייער און נייע אימפּולסן. ער איז געווען דער רעזשיסער פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע, און ער האָט זיין לעבן איינגעשטעלט אין קאַמף פאַר דער באַפרייאונג פון רוסישן פאָלק. קערענסקיס מיניסטעריום האָט מיך באַשטימט פאַר איינעם פון די אָדעסער קאָמיסאַרן, און מיר געגעבן באַזונדערע פולמאַכטן. עס איז געווען פאַר מיר אויסערגעוויינלעך שווער צו נעמען

## אין דער פעברואַר רעוואָלוציע

אויף זיך אַזעלכע פאַרפליכטונגען, אָבער מיניסטער קערענסקי איז באַ־שטאַנען דערויף, אַז איך זאָל זיי אָננעמען, און אַזוי אַרום בין איך צוריק אָפּגעפאָרן קיין אָדעס.

קערענסקיס פּראָוויזאָרישע רעגירונג האָט געמאָלדן טעלעגראַפיש וועגן מיין אָנקומען קיין אָדעס.

עס איז געווען דעם צוועלפטן אויגוסט 1917. אַרום פיר אַזייגער נאָכמיטאָג איז אָנגעקומען דער צוג אויפן אָדעסער וואָקזאַל. אַ ריזיקער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט און מיר זיינען געוואָרן אויפגענומען דורך מיליטערישער מוזיק און הוראַ־געשרייען. אָבער איינגיכן איז געקומען די שווערע, פּראָזאַאישע אַרבעט, און זי איז גאָרנישט געווען קיין לייכטע. איך האָב מיך אַריינגעטאָן אין איר מיט לייב און לעבן. איך האָב כסדר געהאַט באַראַטונגען, קאָנפערענצן, אין וועלכע איך האָב געמוזט נעמען אָנטייל. ווי נאָר איך בין פאַרטיק געוואָרן מיט איינער, איז שוין געווען אַ צווייטע. איך האָב גענומען מיין הויכן אַמט זייער ערנסט. די גאַנצע אָרגאַניזאַציע איז געלעגן אין מיינע הענט, און איך האָב געמוזט קאָנטראָ־לירן מיינע מיטאַרבעטער. צוליב דעם האָב איך אויך געמוזט פונסניי אָרגאַניזירן די פאַנאַנדערגעפאַלענע שטאָט־פאַרוואַלטונג.

דער טומל פון זיג האָט באַרוישט אַ גרויסן טייל פון פאָלק, און קודם־כל — די סאָלדאַטן, וואָס האָבן געקענט דעם קריג פון דער נאָענט און אַלע זיינען אומגליקן. אויך דאָס אויסגענוצטע פאָלק, די אַרבעטער און פויערים, זיינען געווען אין אַ יום־טובדיקער שטימונג. אָבער עס האָבן זיך געפונען געוויסע קרייזן, וואָס האָבן פאַר קיין פאַל נישט געקענט מאַכן קיין שלום מיט דער געשיכטלעכער ווענדונג פון רוסלאַנד. אַ סך אַוואַנטוריסטן, איבערהויפּט געוועזענע צאַרישע אָפיצירן, האָבן דורך אונטערערדישער אַרבעט, געפּרוווט באַגראָבן די ניי־געוואונענע פרייהייט. אויסער דעם זיינען נאָך געווען אַ סך ראָטעס סאָלדאַטן, וואָס זיינען גע־שטאַנען אין דינסט פון צאַרישע גענעראַלן, און וואָס האָבן נאָך ווייניק געוואוסט וועגן די דערגרייכונגען פון דער רעוואָלוציע. עס פלעגן דעריבער אָפט אויסברעכן קאָנפליקטן צווישן די רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן און

די רעשטלעך פון פריערדיקן רעזשים. עס האָט אפילו נישט געהאָלפן דער וואַפנשטילשטאַנד. די קאָנטער־רעוואָלוציע האָט יעדעס מאָל פונסניי געוויזן אירע נעגל. מיר האָבן געמוזט קעמפן קעגן אַלערליי באַנדעס און באַנדיטן. די סעפּאַראַטיסטישע שטרעבונגען זיינען געגאַנגען צוזאַמען מיט רעאַקציאָנערע שטרעבונגען. מען האָט אויף אַלץ און אומעטום געדאַרפט האַלטן אַן אויג.

אין איינעם אַן אָוונט האָבן מיר באַקומען אַ פאַרטרויטלעכע ידיעה פון פּעטראָגראַד, אַז אַ פאַראייניקונג פון צאַרישע אָפיצירן מיט אוקראַאינער קאָזאַקן, היידאַמאַקן, גרייט זיך צו שטורמען אָדעס. מיר האָבן געזאָלט אָננעמען שטרענגע מיטלען. אין דער געגנט פון אָדעס, אין כערסאָנער און פּאָדאָליער גובערניעס, האָבן זיך נאַציאָנאַליסטישע גרופּן פעסט גע־גרייט צו אַן אויפשטאַנד. איך האָב מיך פאַרשטענדיקט מיט דעם קריגס־מיניסטער, מיט זיין געהילף סאַשאַ, און אויך מיט דעם פּלאַט־מיניסטעריום. נישט לאַנג דערנאָך האָבן מיר געגרינדעט אין אָדעס די „רויטע גוואַרדיע", וועמענס פירער איך בין געוואָרן.

מיר האָבן געוואָלט אויסמיידן בלוט־פאַרגיסונג פאַר יעדן פּרייז, אָבער מיר האָבן זיך געמוזט פאַרטיידיקן. אין איינעם אַ טאָג איז עס דערגאַנגען דערצו, אַז די פיינטלעכע באַנדעס האָבן זיך דערנעענטערט צו דער שטאָט, און אפילו אָנגעהויבן אַריינצודרינגען אין די הינטער־שטאָטישע גאַסן. אין משך פון דריי טעג און דריי נעכט האָט געהערשט איבער דער שטאָט אַ שווערע אַטמאָספערע. עפנטלעכע געביידעס זיינען געשטורעמט געוואָרן, די וואַפן־אָפּטיילונגען און די פאַרוואַלטונגס־געביי־דעס פון דער שטאָט זיינען ערנסט באַדראָט געוואָרן. עס איז אויך געווען אַ געפאַר, אַז עס וועלן ליידן ציווילע בירגער. דעפּעשן פון פּעטראָגראַד האָבן אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר מוזן האַלטן די שטאָט פאַר יעדן פּרייז און אונטער אַלע אומשטענדן. עס איז געווען אַ גליק, וואָס מיר האָבן באַקומען אונטערשטיצונג פון פלאָט. אונדזערע קריגס־שיפן האָבן גע־שאָסן אויפן שונא. אַ סך אַרבעטער האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער „רוי־טער גוואַרדיע" און איינגעשטעלט זייער לעבן פאַר דער ערשט־געוואו־נענער פרייהייט. קרבנות זיינען געווען פון ביידע זייטן.




אידישע יתומים פון קיעוו, וואָס זייערע עלטערן זיינען גע׳הרג׳עט געוואָרן אין פאָגראָמען דורך פעטליוראַס באַנדעס, געבראַכט אין אַ בית־יתומים.



די באַרימטע רעוואָלוציאָנערין ברעשקא ברעשקאָווסקאַיאַ, די „באַבושקאַ" צוזאַמען מיט א. קערענסקי, דעם פרעמיער מיניסטער פון רוסלאַנד נאָך דער פעברואַר־רעוואָלוציע, אין 1917.

## אין דער פעברואַר רעוואָלוציע

מיר האָבן געזיגט. די פרייד פון דער באַפעלקערונג איז געווען אומגעהויער. עטלעכע טעג איז די גוטע שטימונג געווען געמישט מיט טרויער, ווייל מען האָט געדאַרפט באַגראָבן די טויטע. מיר האָבן פאַרלוירן אין דעם קאַמף אַ סך גוטע חברים, צווישן זיי איינעם, וואָס איז מיר געווען באַזונדערס נאָענט, דעם שטאַבס־קאַפּיטאַן בערביטץ, מיין אַדיוטאַנט, וואָס איז באַלד פון אָנהויב צוגעשטאַנען צו דער רעוואָלוציע. ערשט נאָכדעם ווי דער קאַמף איז געווען געענדיקט, האָבן מיר זיך דערוואוסט ווי גרויס אונדזערע פאַרלוסטן זיינען געווען. די שווערע אַרטילעריע האָט פאַרניכטעט אַ סך הייזער. די קאָזאַקן האָבן געהאַט פאַרכאַפּט דעם וואָקזאַל, דורך וועלכן זיי האָבן אונדז געוואָלט אָפּשניידן פון דער אויסערלעכער וועלט, און מיר האָבן אים געמוזט באַשיסן מיט קאַנאָנען, אַזוי אַרום צו פאַרטרייבן דעם שונא. די גאַנצע צייט פון דעם בירגער־קריג אין מיניאַטור, זיינען די געשעפטן געווען געשלאָסן, און זעלטען אימיצער פון דער ציוויל־באַפעלקערונג האָט זיך באַוויזן אין גאַס. ווען אונדזערע סאָלדאַטן האָבן געכאַפּט פאַרשוינען, וואָס רויבן האָב־און־גוטס, האָט מען זיי גלייך דערשאָסן. מיר האָבן נישט געקענט פאַרלירן קיין צייט ביי איינאָרדענען געריכטן און נאָך אַזעלכע פרידלעכע אינסטיטוציעס. אין משך פון פינף טעג האָט אין דער שטאָט געהערשט קריגס־צושטאַנד. עטלעכע טויזנט געפאַלענע האָבן געמוזט באַגראָבן ווערן. מיר האָבן דערביי נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן די געפאַלענע פון אייגענעם לאַגער אָדער פון שונאס לאַגער. אַלע זיינען באַגראָבן געוואָרן מיט מיליטערישן כבוד.

אין משך פון די טעג פון קאַמף האָב איך קיין אויג נישט צוגעטאָן. איך האָב געמוזט נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אין די קאַמפן, אַרויסגעבן באַפעלן און טעלעפאָניש אַרויסשיקן באַפעלן אין אַלע ריכטונגען. אויף מיינע פּלייצעס איז געלעגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט, און איך האָב נישט געטאָרט פאַרנאַכלעסיקן די זאַך, פאַר וועלכער טויזנטער אַרבעטער, אידעאַליסטן, סטודענטן, האָבן אַוועקגעגעבן זייער לעבן. איך בין געוואָרן בלאַס, אויסגעמאַטערט, אָפּגעצערט. איך האָב געדאַרפט אָנשטרענגען מיין לעצט ביסל ענערגיע זיך צו האַלטן אויף די פיס. אַ

שטיק צייט נאָכדעם ווי מיר האָבן שוין געהאַט געזיגט, האָט נאָך אַלץ געטראָפן, אַז אונדזערע וואַכן זיינען געשאָסן געוואָרן פון אַ געהיימער האַנט. אין פאַרשיידענע אָפּטיילונגען פון דער שטאָט זיינען געפאַלן באָמבעס. איינער פון אונדזערע אַרסענאַלן איז אויפגעריסן געוואָרן דורך אַ פאַרברעכערישער האַנט. שרפות זיינען אויסגעבראָכן דאָ און דאָרט, און עס איז אוממעגלעך געווען גלייכצייטיק אומעטום צו לעשן. דאָ און דאָרטן זיינען איבער די גאַסן אויפגעשטעלט געוואָרן באַריקאַדן. אויף געוויסע פּלעצער האָבן מיר געמוזט קעמפן פאַר יעדן שריט, ביז מיר האָבן פאַריאָגט דעם שונא.

איצט איז דער שונא שוין געווען פאַרניכטעט. די שרפות זיינען אויסגעלאָשן געוואָרן. אויף די גאַסן זיינען געלעגן טויטע, קנוילן שטעכנ־דיקן דראָט, אויסגעשאָסענע קוילן, און רעשטלעך פון די שרפות. ווען איך בין אַרויסגעפאָרן מיט אַן אינספּעקציע איבער דער שטאָט און געזען וואָס עס טוט זיך, האָב איך פאַרגראָבן מיין פּנים אין די הענט. אַ געוואַלדיקער ווייטיק האָט דורכגענומען מיין גאַנץ וועזן.

גאָט אין הימל, ווי לאַנג נאָך וועלן מענטשן פאַרגיסן בלוט ? — האָב איך מיך אַליין געפרעגט. — וועט טאַקע קיינמאָל נישט קומען קיין עק דערצו ? איז דען טאַקע די מענטשהייט פאַראורטיילט אויף אייביקן קאַמף און אייביקער אומגערעכטיקייט ? אָבער איך האָב געמוזט אונטער־דריקן דעם פּראָטעסט אין מיר. איך האָב געמוזט דינען דער רעוואָלוציע, און מיר האָבן געמוזט צאָלן פאַר אונדזער פרייהייט דעם העכסטן פּרייז. איז דען נישט די רעוואָלוציע אַליין געווען אַ טאַט פון העכסטער מאָראַל ? איך האָב ווידער אין אַזעלכע מאָמענטן געמוזט טראַכטן וועגן קערענסקין, וואָס איז, ווי נאָך אַנדערע סלאַווישע פירער, געווען צו־גרויס פאַר זיין צייט און פאַר זיין פאָלק. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז עס זיינען פאַראַן צווישן אונדזערע רייען אַ סך פאַררעטער און קאָנטער־רעוואָלוּ־ציאָנערן, אָבער קעגן אַזעלכע זאַכן קען מען זיך נישט העלפן. איינס האָבן מיר געפילט : אַז אַן אומגעזעענער שונא לאָקערט אויף אונדז, און אַז מיר מוזן זיין פאָרזיכטיק. אין אַ געוויסן טאָג האָב איך באַקומען אַ באַפעל צו קומען קיין כאַרקאָוו. דאָרטן האָב איך איבערגענומען דעם

# אין דער פעברואַר רעוואָלוציע

וויכטיקן אַמט פון אַ צענזאָר. איך האָב געדאַרפט אַפּהיטן, אַז אונדזערע באַהאַלטענע שונאים זאָלן זיך נישט פאַרשטענדיקן דורך בריוו, טעלע־גראַמעס, און אַלערליי דרוק־זאַכן, וואָס זיינען זיך צעגאַנגען איבערן גאַנצן לאַנד. מיר האָבן געמוזט פירן מיט די רעאַקציאָנערן נישט בלויז אָן אָפענעם קריג, נאָר אויך אַ באַהאַלטענעם, און איך בין גרייט געווען צו טאָן אַלץ, וואָס איז געלעגן אין מיינע כוחות, צו דינען דעם אידעאַל, אין וועלכן איך האָב געגלויבט.

# הילף פאַר אומשולדיק בלוט

איך בין קיין באָלשעוויק קיינמאָל נישט געווען. איך בין געבליבן טריי מיינע אַלטע רעוואָלוציאָנערע אידעאַלן. אָבער ווען איך האָב געדאַרפט אויסקלייבן צווישן צאַרישע גענעראַלן, אַרבעטער־מערדער, ווילדע אַנטיסעמיטן, און די באָלשעוויקעס, — האָב איך מיט אַ ריין געוויסן אויסגעקליבן די צווייטע. קערענסקיס רעגירונג איז געפאַלן. אַ שטיק זיינען שולדיק געווען דערין די ס. ר. אַלץ איז פאָרגעקומען מיט אַ מאָדנער שנעלקייט. שיר נישט איבער־נאַכט. ווען איך האָב מיך דערוואוסט, אַז די באָלשעוויסטישע רעוואָלוציע איז אַ געשעענער פאַקט, און אַז איך דאַרף מיך ווי אַמשנעלסטן אַנטשיידן צווישן די רויטע און די ווייסע, — האָב איך אָנגעבאָטן די באָלשעוויקעס מיין הילף. איך האָב נישט לאַנג דערנאָך באַקומען אַן איינלאַדונג פון מאָסקווע. דער ראַט פון פאָלקס־קאָמיסאַרן האָט מיך, צוזאַמען מיט אַנדערע פאַר־טרעטער פון פאַרשיידענע שטעט און געגנטן, איינגעלאַדן אויף אַ קאָנ־פערענץ. די איינלאַדונג איז געקומען פון וולאַדימיר איליטש לענין אַליין. איך האָב נישט געמאַכט פאַר די באָלשעוויקעס קיין סוד פון מיינע איבער־צייגונגען, אָבער איך בין גרייט געווען צו טאָן אַלדאָס מעגלעכע, אַז די ווייסע זאָלן נישט קענען אויפהויבן מער דעם קאָפּ. איך האָב גאַנץ גוט געוואוסט, אַז איך האָב גענומען אויף מיר עפּעס, וואָס איז זייער ריזי־קאַליש. עס האָבן נישט געפעלט צווישן די באָלשעוויקעס קיין רענעגאַטן, פּראָוואָקאַטאָרן, און סתם שאַרלאַטאַנען און אַוואַנטוריסטן. אָפּט האָט מען אַליין נישט געוואוסט מיט וועלכע עלעמענטן מען האָט צו טאָן. מען האָט שטענדיק געדאַרפט זיין אויף דער וואַך.

איך בין אָפּגעזעסן אין מאָסקווע פינף מאָנאַטן. דערנאָך האָב איך באַקומען אורלויב און בין אַוועקגעפאָרן צו מיינע עלטערן קיין אָדעס. זיי האָבן זיך שטאַרק דערפרייט, ווען זיי האָבן מיך דערזען. כאָטש איך בין געווען אַזוי שטאַרק פאַרנומען מיט מיין פּאָליטישער טעטיקייט, האָב

איך אָפט געטראַכט וועגן פאַניען. די וואונד איז נישט געווען פאַרהיילט. איך האָב געהאַלטן, אַז מער וועל איך מיך נישט אינטערעסירן מיט קיין פרוי, און זיך געגרייט צו אַן איינזאַם לעבן. אָבער דער גורל האָט זיך זיינע וועגן. גראָד איצט, אין סאַמע קאָכעניש און טומל, האָב איך געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַ יונגער דאַמע. זי האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעענער פאַמיליע, און איז געווען אַ שיינע. מיין בענקשאַפט נאָך אַן אינטימען פריינט איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז מיר זיינען מאָדנע גיך נאָענט געוואָרן. עס איז דעמאָלט געווען אין רוסלאַנד אַ צייט, ווען מענטשן האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די קייטן פון טראַדיציעס. געשעע־נישן, וואָס אַמאָל וואָלטן זיי געדאַרפט דויערן יאָרן, זיינען פאַרלאָפן איצט אין טעג. שידוכים זיינען געשלאָסן געוואָרן צווישן יאָ און ניין. די יונגע פרוי איז מיר געפעלן און איך בין איר אויך געפעלן, האָבן מיר נישט לאַנג אַריינגעטראַכט, נאָר באַשלאָסן חתונה צו האָבן. אונדזער קענטשאַפט האָט געדויערט נישט לענגער ווי פינף טעג. עס איז געווען פאַר מיינע עלטערן נישט קיין קליינע איבערראַשונג, פונקט ווי עס איז געווען אַן איבערראַשונג פאַר מיר אַליין. מיר האָבן חתונה געהאַט, און עס איז געווען אַ געשעענער פאַקט. ווער ווייסט? אפשר האָב איך אַזוי אַרום איינמאָל־פאַר־אַלעמאָל געוואָלט פריי־ווערן פון מיינע טראַכטע־נישן און גריבלענישן וועגן פאַניען? . . . איך בין מיט איינמאָל געוואָרן אַ פאַמיליע־מאַן. איך בין מער נישט געווען איינזאַם. אַ ניי לעבן האָט זיך געזאָלט אָנהויבן פאַר מיר.

לאַנג בין איך מיט מיין טאַט נישט געווען גליקלעך. איך האָב באַלד נאָך דער חתונה אָנגעהויבן איינצוזען, אַז איך און מיין פרוי זיינען צוויי פאַרשיידענע וועלטן, מיט צוויי באַזונדערע כאַראַקטערן און אידעאָלאָגיעס. אָבער איך האָב געטראַכט, אַז מיר זיינען פריינט און מענטשן, און אַז מיר דאַרפן געפינען אַ בשותפותדיקע שפּראַך. עס קען מעגלעך זיין, אַז מיר וואָלטן זיך געווען געגעט פונקט אַזוי גיך ווי מיר האָבן חתונה געהאַט. אָבער מיין פרוי איז שוואַנגער געוואָרן. זי איז געווען איינע פון יענעם סאָרט פרויען, וואָס אין גרונט וואָרצלען זיי טיף אין דער אַלטער וועלט. זי האָט מיטגענומען פון איר היים דעם גלויבן אין גאָט און אַ שטאַרקע

באַציאונג צום פאַמיליע־לעבן. אַלדאָס־איבעריקע איז איר ווייניק אָנ־געגאַנגען.

דאָס קינד איז געבוירן געוואָרן, און איך בין גלייך דערצו געוואָרן צוגעבונדן. די ערשטע צייט האָט דאָס קינד מיר פאַרנומען אַלע געדאַנקען. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו נעמען דאָס קליינע באַשעפענישל, מיין אינגעלע, אויף די הענט, זיך צו שפּילן דערמיט און עס צו צערטלען. אָבער אין גרונט גענומען בין איך געווען אומצופרידן. אַ וועלטלעכער און פריי־זיניקער מענטש וועט זיך קיינמאָל נישט באַגנוגענען מיט אַ פרוי, וואָס זאָרגט בלויז וועגן עסן און שלאָפן. אַ פרוי דאַרף זיין דער גייס־טיקער חבר פון מאַן, און טיילן נישט בלויז זיין געלט און בעט, נאָר אויך זיינע געדאַנקען און זיינע טיפערע געפילן. ליידער האָב איך אָט די מעלות אין מיין פרוי נישט געפונען. עס האָבן זיך גלייך אָנגעהויבן צווישן אונדז קליינע רייסענישן. דער אונטערשייד אין אונדזערע כאַראַק־טערן איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס האָט נישט לאַנג געדויערט פאַר מיר קלאָר צו ווערן, אַז מיר פּאַסן נישט איינער פאַר דעם אַנדערן.

דערווייל איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון דער מאָסקווער צענטראַ־לע, אונטערגעשריבן פון לענינען, אַז איך זאָל מיך אומקערן קיין מאָסקווע. איך בין געווען צופרידן, וואָס איך קען פונסניי אָנהויבן מיין רעוואָלוציאָ־נערע טעטיקייט. איך בין דעריבער געווען זייער גליקלעך, וואָס איך האָב געקענט אָפּפאָרן, און אויף דערווייל איבערלאָזן אַלע זאָרגן.

איך בין אַוועק פון מיין פרוי, ווען מיין קינד איז אַלט געווען צוויי מאָנאַטן. אָנגעקומען קיין מאָסקווע, האָב איך גלייך אויסגעזוכט דעם קאָמיטעט פון פינף. דאָרטן האָט מען מיר איבערגעגעבן די קאָמאַנדע איבער אַ קיעווער רעגימענט. אויף דער פאָן פון דעם רעגימענט איז געווען אויפגעשריבן: „היילף פאַר אומשולדיק בלוט״. איך האָב זיך איבערגע־טראָגן צוזאַמען מיטן גאַנצן שטאַב קיין קיעוו. די באַאַמטע און די ציוויל־באַפעלקערונג האָט אונדז אויפגענומען מיט פּאָמפּ. מוזיק האָט געשפּילט. עס איז אמת, אַז דאָס פאָלק דאַרף האָבן ברויט. מען דאַרף, אָבער, צע־שטרייאונג אויך. האָט דאָך שוין לוטהער, דער דייטשער רעפאָרמער, געזאָגט: „מוזיק איז דאָס בעסטע דערקוויקעניש פאַר אַ באַטריבטן

מענטשן". דער קיעווער עולם איז ווירקלעך געווען זייער פאַרזאָרגט און באַטריבט. איבער דער שטאָט איז געלעגן אַ שווערע אַטמאָספערע. אי־בערהויפּט האָבן געליטן די אידן. ערשטנס, האָט מען זיי שטילערהייט באָיקאָטירט, ווייל קיעוו איז פול געווען מיט רעאַקציאָנערע עלעמענטן. צווייטנס, פלעגן אידן אָפט באַפאַלן ווערן. דאָס לעבן איז געווען אומ־זיכער. מען האָט קיינמאָל נישט געוואוסט, וואָס דער מאָרגן וועט ברענגען.

שוין דעם צווייטן טאָג האָט מיר דער אַדיוואָקאַט איוואַן קאַבאַ גע־מאָלדן, אַז עס איז געקומען אַ דעלעגאַציע פון דער אידישער קהילה מיט דעם ראַבינער און מיט איניקע פירנדיקע פערזענלעכקייטן. עס איז אויך מיטגעקומען אַ פאָרשטייער פון דער פאָליציי. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז נישט ווייט פון קיעוו, אין קראַניאָווקאַ און אין דער געגנט אַרום, האָבן זיך אָרגאַניזירט באַנדעס פון כוליגאַנעס, און אַז זיי גרייטן זיך צו מאַכן פּאָגראָמען אויף אידן. זייער אָנפירער, פּעטליורע, האָט געוואָלט נאָכטאָן דעם ביישפּיל פון באָגדאַן כמעלניצקי, און אויסראָטן אידן פון אוקראַינע. עס איז מיר קוים געלונגען צו באַרואיקן די דעלע־גאַציע. עס זיינען מיר נאָך געלעגן אין זכרון ווי אַזוי די כוליגאַנעס האָבן געבושעוועט אין אָדעס, און איך בין געווען טיף אַנטשלאָסן צו פירן קעגן יעדער פּאָגראָם־העצע אַ ביטערן קאַמף. פאַר אונדז זיינען אַלע בירגער געווען גלייך, און די סאָוועטישע רעפּובליק האָט זיך באַציגן גלייך צו אַלע בירגער. איך האָב צוגעזאָגט דער דעלעגאַציע, אַז זי קען רעכענען אויף דער שוץ פון אונדזער רעגימענט.

שוין צומאָרגנס איז געוואָרן אין שטאָט אַ טומל. אידן זיינען גע־וואָרן באַפאַלן. אין די אידישע גאַסן האָט מען גערויבט. מיר האָבן גלייך צונויפגערופן אַ זיצונג, וואָס האָט באַהאַנדלט צוזאַמען מיט פאָר־שטייער פון דער רעגירונג און פון מאַגיסטראַט ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן די פאַרטיידיקונג. מיין פריינט פון דער פריערדיקער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, מיכאַאיל סטיאַשאַ, איז געווען דער קאָמענדאַנט פון קיעוו און דער פּאָליציי־קאָמיסאַר, און ער האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז מיליטער און פּאָליציי־לייט זאָלן באַוואַכן די גאַסן. עס איז אויך מאָביליזירט געוואָרן די „רויטע גוואַרדיע", בערך אַ דריי הונדערט און פופציק מאַן, איינצו־

פירן אָרדענונג. די באַנדיטן זיינען, אָבער, אויך געווען אָרגאַניזירט, און עס איז נישט לייכט אָנגעקומען פון זיי פטור צו ווערן. עס האָט נאָך געמוזט געשאָפן ווערן אַ גאַנצער רעגימענט פון אַרבעטער.

קיעוו האָט זיך דערוויילע אַלץ מער גענומען גרייטן צום קאַמף קעגן פעטליורען, קעגן יענעם באַרימטן מערדער, וואָס איז פערזענלעך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר הונדערטער פאָגראָמען איבער אוקראַינע און פאָדאָליע, און וואָס איז שפּעטער געשאָסן געוואָרן אין פאַריז דורך דעם אידישן העלד שלום שוואַרצבארד. ווי גרויס עס זיינען געווען די מערדערייען, וואָס פעטליורע איז באַגאַנגען, קען באַווייזן דער פאַקט, אַז דאָס פאַריזער געריכט פון געשוואוירענע האָט שוואַרצבארדן באַפרייט. עס איז דערביי אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז ווען דער זעלביקער שוואַרצבארד האָט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָלט זיך באַזעצן אין פּאַלעסטינע, האָט מען אים אָפּגעזאָגט צו געבן אַ וויזע, ווייל ער איז באַגאַנגען אַ מאָרד . . . איך דערמאָן עס אגב־אורחא, כאָטש עס האָט נישט קיין דירעקטן צוזאַמענהאַנג מיט דער געשיכטע, וואָס איך דערצייל דאָ.

עס איז מעגלעך, אַז מיין שטאַרקער באַשלוס צו קעמפן קעגן פעטליורען האָט, צווישן אַנדערעס, אויך געהאַט אַ פּסיכאָלאָגישע באַגרינדונג. עטלעכע טעג איידער דער קאַמף האָט זיך אָנגעהויבן, האָב איך באַקומען אַ ידיעה, אַז מיינע עלטערן, ווי אויך מיין פרוי און קינד, האָבן געמוזט אַנטלויפן פון אָדעס קיין ליובאַשאָווקא, לעבן קריוואָי אָסער, און אַז פעטליורעס באַנדעס האָבן דאָרטן אויסגעקוילעט אַלע אידן. לויט אָט דער ידיעה, האָבן זיך צווישן די דערמאָרדעטע אויך געפונען מיינע אייגענע. עס איז אוממעגלעך צו שילדערן מיינע געפילן אין יענע טעג. אָבער איך האָב אויפגענומען דעם קאַמף מיט אַ האַס און מיט אַ פאַרביסנקייט, וואָס איז ביז דעמאָלט מיר געווען אומבאַקאַנט. מיר זיינען אַלע געווען אַנטשלאָסן צו קעמפן ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.

אַזוי אַרום איז געשען, אַז איך, אַ מענטש, וואָס האָב פון אייביק אָן געהאַסט קריג און בלוט־פאַרגיסונג, האָב מיך אַליין געמוזט גרייטן צו אַ קאַמף אָן רחמנות. איך האָב געפילט, אַז די איצטיקע מלחמה וועט געפירט ווערן קעגן דעם טייוול אַליין, און געלאָזט וויסן מיינע מענטשן,

# הילף פאַר אומשולדיק בלוט

אַז קיין שום גוואַלד־מיטל וועט נישט זיין צו־שאַרף קעגן אַט די בלוטיקע הינט. דער האַס, וואָס האָט געברענט אין מיר, האָט מיך ווי איבערגעאַנ־דערשט. איך האָב דערפילט, אַז אַלע מיינע פּאַציפיסטישע איבערציי־גונגען זיינען געווען געבויט אויף אַ קנאַפּער קענטעניש פון דער מענטש־לעכער פאַרדאָרבנקייט. פּעטליורעס באַנדעס זיינען פאַר מיר נישט געווען קיין מענטשן. זיי זיינען געווען די בלוטיקסטע שונאים פון מענטשלעכן מין. וואָלטן די אידן די נישט געווען מיינע אייגענע ברידער, נאָר זיי וואָלטן געהערט צו אַ פרעמדער ראַסע, וואָלט איך אויך געווען גרייט צו ציען פאַר זיי מיין שווערד.

דער פּאַראָל איז געווען: אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע. מיר זיינען געווען שקלאַפן, אָבער עס איז נישט געווען צו־שפּעט צו צעברעכן די קייטן. מיר זיינען געווען שקלאַפן פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, אָבער עס איז אַ האָר נישט געווען בעסער ווי אין מיטלאַלטער. וואָס פאַר אַ לערע האָבן זיך די ווילדע בעסטיעס פון דער היינטיקער צייט אָראָפּ־גענומען פון די גרויסע לייט, וואָס האָבן געלעבט ביז איצט? וואָס האָט פאַר זיי באַדייט טאָלסטאָי, דאָסטאָיעווסקי, פּושקין, טורגעניעוו, קראָפּאָט־קין? ניין, עס איז נישט געווען קיין אַנדער וועג ווי קעמפן קעגן אַנאַרכיע מיט אַנאַרכיע, קעגן טעראָר — מיט טעראָר, קעגן גוואַלד־טאַט — מיט גוואַלד־טאַט. קיין שום מאָראַלן האָבן דאָ נישט געהאַט קיין ווערט. וואָס פאַר אַ זין וואָלט געהאַט, ווען מיר וואָלטן אין יענער צייט אָנגעווענדט טאָלסטאָיס לערע וועגן נישט קעגנשטעלן זיך דעם שלעכטן? ווען וואָלט עפּעס דערפון אַרויסגעקומען? פאַרוואָס האָבן מיר געזאָלט שווייגן, ווען מחנות באַוואָפנטע באַנדיטן האָבן זיך געוואָרפן אויף אומשולדיקע מענטשן? ניין, אַלע רעצעפּטן פון די פילאָזאָפן און מאָראַל־פּריידיקער האָבן נישט געגאָלטן ביי יענע אומשטענדן. עס איז געווען איין וועג: צו קעמפן אָן רחמנות, און אויף דעם וועג זיינען מיר געגאַנגען.

# דער גרעסטער מערדער פון אונדזער צייט

די געשיכטע־פאָרשער צעברעכן זיך די קעפּ וועגן דעם ווער עס איז געווען דער גרעסטער מערדער אין דער מענטשלעכער געשיכטע. ירושלים האָט געהאַט אַ הורדוס, רוים — אַ נעראָ, מאָסקווע — איר איוואַן גראָזני, און קאָנסטאַנטינאָפּאָל — איר אַבדול האַמיד דער צווייטער. אָבער דער גרעסטער מערדער פון אונדזער צייט איז זיכער נישט געווען קיין אַנדערער ווי פּעטליורע. די פּאָגראָמען, וועלכע ער און זיינע באַנדעס האָבן דורכגעפירט איבער אוקראַינע און פּאָדאָליע, האָבן צו זיך קיין גלייכן נישט מיט זייער גרויזאַמקייט. פּעטליורעס באַנדעס האָבן נישט געוואוסט פון קיין רחמנות. זיי האָבן געמאָרדעט מענער און פרויען, יונגעלייט און זקנים, קראַנקע און פּיצלעך קינדער. אין דער שטאָט בערדיטשעוו האָבן די „קורען פון טויט" געקוילעט הונדערטער אידן אונטער דער אָנפירערשאַפט פון פּעטליורעס אַ געהילף, אַטאַמאַן פּאָליענקאָ. אין אָוורוטש האָט דער אַטאַמאַן קאָזיר קאָזירקאָ אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אויסצומאָרדן די יונגעלייט, צו שלאָגן די אַלטע און צו פאַרגעוואַלדיקן די ווייבער. ער האָט געצוואונגען, אַז איין איד זאָל שמייסן דעם אַנדערן ביז בלוט וועט רינען, און דערנאָך זאָל דער שלעגער קושן ביים געשלאָגענעם זיינע וואונדן. ער האָט באַפוילן, אַז די חשובע באַלעבאַטים פון שטאָט זאָלן זיך פאַרשטעלן פאַר בערן, ווי מען פלעגט דאָס טאָן אין פינצטערן מיטלאַלטער, טאַנצן, זינגען „מה־יפית", און ער אַליין, קאָזיר קאָזירקאָ, איז דערביי געלעגן אין בעט, און זיך צוגעקוקט, לאַכנדיק מיט אַ טייוולאָניש געלעכטער פון די ראַפינירטע מערדערישע פּיין, וואָס די אומשולדיקע אידן האָבן געליטן. דער פּאָגראָם אין דער שטאָט פּראָסקוראָוו האָט צו זיך נישט קיין גלייכן. די זעלנער פון דעם באַנדיט סימאָסענקאָ האָבן דאָרטן אויסגעהרגעט מיט איינמאָל מער ווי פופצן הונדערט נפשות. שוואַנגערע פרויען האָט מען אויפגעשניטן די בייכער, אַרויסגעריסן די קינדער, און אָנשטאָט זיי אַריינ־

געשטופט שטרוי און פעדערן פון דעם צעריסענעם אידישן בעט־געצייג. ביי אַלטע לייט האָט מען מיט שפּיזן אויסגעשטאָכן די אויגן, און עופּהלעך זיינען געטראָגן געוואָרן אויף די שפּיצן פון שפּיזן. דרייצן הונדערט מע־נער, פרויען און קינדער זיינען באַגראָבן געוואָרן אין איין ברודער־קבר. אין דעם שטעטל בראַאילאָוו האָט מען ביי פופצן בחורים אויסגעשניטן די צונגען, אויסגעשטאָכן די אויגן, אָפּגעהאַקט די נעזער, און דערנאָך ערשט האָט מען זיי געטויט. אין דער שטאָט באַר האָט מען געצוואונגען אַ אידישן יונגנמאַן, ער זאָל אויפעסן זיין רויטע שניפּס. אַ צווייטן האָט מען געצוויט, ער זאָל אַרונטערשלינגען די באָרד, וואָס מען האָט אויסגעריסן פון זיינע באַקן. אין קאַפּאַיגאָראָד האָבן די באַנדעס געקוילעט אַ זון פאַר די אויגן פון זיין אַלטן טאַטן, און דערנאָך האָט דער פאָטער געמוזט אויסלעקן דאָס בלוט פון זיין זון, און נאָך קושן די שטיוול פון די רוצחים. אין טעטיעוו האָט דער פירער פון דער רויבער־באַנדע, קוראָווסקי, גע־לאָזט אַרומרינגלען די שול, וואו עס האָבן זיך צונויפגענומען הונדערטער אידן, און מען האָט די שול אונטערגעצונדן. פונדרויסן זיינען געשטאַנען די באַנדיטן און אַכטונג געגעבן, אַז קיינער זאָל זיך נישט קענען ראַטעווען. אין דער שטאָט אומאַן האָט דער אַטאַמאַן געגעבן אַ באַפעל, אַז די קריסטן זאָלן אַרויסשטעלן אין די פענצטער די הייליקע בילדער פאַר אַ סימן, אַז מען זאָל זיי נישט טשעפּען, און די אידישע הייזער האָבן די קאָזאַקן, מיט דער פויערישער באַפעלקערונג פון די דערפער אַרום, אונטערגע־צונדן, און נישט געלאָזט די אומגליקלעכע זיך ראַטעווען. אַלע אומגליקן, מיט וועלכע איך האָב זיך אָנגעהערט אין מיינע קינדער־יאָרן וועגן דער צייט פון חורבן בית־המקדש, זיינען אין אוקראַינע געוואָרןווירקלעכקייט. די ערשטע צייט האָט נאָך פּעטליורע געפּרוּווט פאַרדעקן זיין נידער־טרעכטיקן פּרצוף מיט כלומרשטן ראַדיקאַליזם. ער האָט אפילו געגרינדעט אַ אידיש מיניסטעריום, און געוויסע אידישע כלל־טוער זיינען געווען אַזוי קליינלעך אָדער אַזוי בלינד, אַז זיי האָבן זיך געמאַכט וועלכע־עס־איז אילוזיעס. שפּעטער האָט פּעטליורע אינגאַנצן אויסגעטאָן די מאַסקע. עס איז אַ באַוואוסטע זאַך, אַז ווען אין זשיטאָמיר האָט געבושעוועט דער פּאָגראָם, האָט דער אַטאַמאַן פּעטליורע זיך געפונען לעבן דער שטאָט,

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

אין אַ ספּעציעלן צוג, און שטילערהייט אָנגעפּירט מיט דעם פּאָגראָם. וואָס־זשע איז דער וואונדער, וואָס איך, אַ איד, כאָטש דערצויגן אין רו־סישן גייסט, האָב געברענט פון דעם פאַרלאַנג וואָס־גיכער צו נעמען נקמה אין די באַנדעס! באַלד איז די גאַנצע רעוואָלוציע געווען אין דער געפאַר פאַרניכטעט צו ווערן דורך די קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע באַנדעס. דעניקין איז געגאַנגען פון איין זייט, וורانגעל — פון דער אַנדערער, מאַכנאָ — פון אַ דריטער. עס האָט נישט אַ סך געפעלט, אַז רוסלאַנד זאָל צעריסן ווערן אויף אַ סך שטיקער, און אַז יעדעס שטיק באַזונדער זאָל זיין אַ פעסטונג פון קאָנטער־רעוואָלוציע און אַנטיסעמיטיזם. דערווייל, אָבער, האָבן מיר געמוזט באַזיגן פּעטליורען. מיר האָבן זיך צוגעגרייט צו דעם קאַמף מיט אַלע סטראַטעגישע מיטלען. עס איז געווען אַ סוד פאַר גאַנץ בראַד, אַז פּעטליורע האָט באַקומען אונטערשטיצונג פון זיינע שכנים אין מערב.

נאָך לאַנגע קאַמפן איז קיעוו באַפרייט געוואָרן פון פּעלטיורעס באַנ־דעס. עס איז געווען אַ קאַמף אויף לעבן און טויט. אין איין רעגימענט האָט די צאָל טויטע אָנגעטראָפן אַכט הונדערט און פערציק, און די צאָל פאַרוואונדעטע—צוויי הונדערט און איין און דרייסיק. אויף פּעטליורעס זייט זיינען געווען נאָך גרעסערע קרבנות. אַ סך דערפער זיינען פאַרניכטעט געוואָרן. די הייזלעך זיינען פאַרברענט געוואָרן אין דעם פייער פון אונדזער אַרטילעריע. עס איז שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער דעם חורבן, וואָס די קאַנאָנען און שראַפּנעלן האָבן געמאַכט. די געגנט אַרום קיעוו האָט דערמאָנט אין די חורבות פון מערב־פראַנקרייך באַלד נאָכן קריג. די גאַסן זיינען געווען פול מיט פאַרוואונדעטע. די באַפעלקערונג האָט נישט געוואָגט אַרויסצוגיין אינדרויסן. די שטאָט קיעוו איז געווען געפּאַקט מיט היימלאָזע. די ספּעקולאַציע אויף לעבנס־מיטלען איז געוואָקסן משוגע־נערווייז. באַלד נאָכדעם ווי פּעטליורע איז פאַרטריבן געוואָרן, האָבן זיך גלייך געפונען אין קיעוו פאַרשוינען, וואָס האָבן געשיקט אַ מסירה קיין מאָסקווע, אַז אונדזער שטאַב האָט געגעבן צו־שטרענגע באַפעלן, און אַז מיר האָבן אומזיסט־און־אומנישט געמאַכט אַ תל פון די הייזער. עס האָט געהאַט אַ ווירקונג. מען האָט מיך אַרויסגעפאָדערט קיין מאָסקווע.

# דער גרעסטער מערדער פון אונדזער צייט

איך האָב געדאַרפט אָפּגעבן רעכענונג נישט קיין אַנדערן ווי לעאָ טראָצקין אַליין. עס האָט זיך אויך אינטערעסירט מיט דעם ענין לעניז. איך האָב זיי דערקלערט, אַז עס וואָלט אוממעגלעך געווען איינצוהאַלטן קיעוו און כאַרקאָוו, ווען דער שטאַב וואָלט נישט אָנגענומען די שטרענגסטע מיטלען. באַהאַנדלען מילד די אינערלעכע שונאים האָט געהייסן — אַוועקגעבן ביידע שטעט דעם אויסערלעכן שונא. איך האָב צווישן אַנדערעס געזאָגט: „אויב איר וועט אָנערקענען, אַז מיין האַלטונג איז געווען אַ צו־שטרענגע, און אַז איך האָב אומזיסט־און־אומנישט פאַרניכטעט הייזער, דעמאָלט זאָג איך זיך אָפּ פון יעדן ראַנג". דערביי האָב איך צו אַלעמענס שטוינונג אַראָפּגענומען מיין שווערד. איך האָב צוגעגעבן: „אויב איר גלויבט, אַז איר וועט עס מאַכן בעסער, פירט איר דעם קריג". צוויי חברים זיינען גלייך אויפגעשפרונגען און מיך גענומען פאַרטיידיקן. זיי האָבן געטענהט, אַז איך האָב געהאַט דאָס רעכט צו זיין אַזוי שטרענג ווי עס איז נויטיק געווען, און אַז מען דאַרף מיר זיין דאַנקבאַר פאַר אונטערדריקן דעם אויפשטאַנד. דער קאָמיטעט פון פינף איז דאַן אַוועק אויף אַ געהיימער באַראַטונג, וואָס האָט געדויערט אַ שעה צייט. איך בין געווען זייער געשפּאַנט. עס איז נישט געווען אַזאַ פאַרגעניגן ווייטער צו פירן דעם קאַמף, און איך האָב וויניק־וואָס מורא געהאַט, אַז מען קען מיך דעגראַדירן. פונדעסטוועגן בין איך געווען אַביסל נערוועז. איז דאָס מעגלעך — האָב איך געטראַכט — אַז אַזוי אַרום וועט מען מיר אָפּצאָלן פאַר איינשטעלן דאָס לעבן אין קאַמף מיט דעם שונא? ווייסן דען נישט די באָלשעוויסטישע פירער, אַז וואו מען האַקט האָלץ, דאַרטן פאַלן שפּענער? האָב איך דען נישט געפירט אַ קאַמף קעגן דעם גרעסטן מערדער פון אַלע צייטן? האָבן מיר דען נישט געדאַרפט ברענגען די שווערסטע קרבנות, כדי פריי צו ווערן פון דער ערגסטער קאָנטער־רעוואָלוציע?

ענדלעך איז די באַראַטונג געווען געענדיקט. דער קאָמיטעט פון פינף איז אַרויסגעקומען. די באַראַטונג האָט אויסגעזען צו האָבן געווען זייער אַ שטורמישע. אַלעמענס פנימער זיינען געווען דערהיצט. ביי לענינען האָט געגלאַנצט דער בליק, און די האָר אַרום זיינען געווען פייכט און צעשויבערט. איינער פון קאָמיטעט האָט פאָרגעלייענט דעם באַשלוס, וואָס

האָט מיך אַבסאָלוט רעהאַביליטירט. מען האָט מיר צוריקגעגעבן די שווערד, און מען האָט מיך פונסניי באַשטימט פאַר דעם פירער פון דעם רעגימענט. אַבי איך בין שוין געווען נאָענט צו צווייפלען אין דער רעוואָלוציע און אין איר גערעכטיקייט. נאָך אַלעמען, האָב איך דאָך מער ווי די רעוואָלוציע גאָרנישט געהאַט. איך האָב געהאַט בלויז מיינע חברים און מיינע סאָלדאַטן. איך וואָלט נישט געוואוסט וואָס אָנצוהויבן טאָן, ווען איך ווער פּלוצלונג אויסגעשלאָסן פון דעם אַלעמען, וואָס איז ביסלעכווייז געוואָרן דער גאַנצער אינהאַלט פון מיין לעבן.

איך האָב געוואָלט געבן פּעטליורען דעם לעצטן קלאַפּ, און זיך אומגעקערט מיט מיין רעגימענט קיין קיעוו. אָבער דערווייל איז געוואָרן שטיל. אין משך פון פיר מאָנאַטן האָב איך מיך כמעט אַרומגעדרייט ליידיק. איך האָב פונסניי אָנגעהויבן צו ליידן אויף דער וואונד, וואָס איך האָב באַקומען אין נאַקן. איך האָב געליטן אויף קאָפּ־ווייטיק, וואָס האָט מיר שיר נישט געטריבן צו משוגעת. דערביי האָבן זיך אָנגעהויבן צו דערוועקן אין מיר די אַלטע ספקות.

פון אַן אידעאַליסט, אַ טרוימער, אַ מוזיקער, בין איך געוואָרן אַ רעוואָלוציאָנער. איך האָב געמוזט אָנווענדן געוואַלד ביים אונטערדריקן פּעטליורעס אויפשטאַנדן. דאָס ערגסטע איז געווען, וואָס דער בלוטיקער הונט איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן צעשלאָגן, און האָט יעדעס מאָל אַטאַקירט פונסניי. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אַנדערע קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן, וואָס אונטער פאַרשיידענע נאַציאָנאַליסטישע מאַסקעס, האָבן זיי אַלע געהאַט דעם זעלביקן צוועק: צוריקקערן אין רוסלאַנד די מאָנאַרכיע און דעם גאַנצן סיסטעם פון שקלאַפעריי און אונטערדריקונג, וואָס איז פאַרבונדן דערמיט. צום סוף ווינטער האָט זיך אין אוקראַינע פונסניי אָנגעהויבן אַ גאַנצע כוואַליע פון קאָנטער־רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן. אונדזער שטאַב האָט זיך געמוזט שלעפּן פון אָרט צו אָרט. מיר זיינען געקומען קיין קאַסאַטין, גאַלטא, זשיטאָמיר, און אומעטום האָבן מיר געמוזט פירן אַ קאַמף קעגן דעם שונא. אויף דעם גאַנצן וועג האָב איך צוגעזען מיט מיינע אייגענע אויגן דעם חורבן, וואָס פּעטליורעס לייט

## דער גרעסטער מערדער פון אונדזער צייט

האָבן איבערגעלאָזט אין אוקראַינע. פון בלויז הערן וואָס די היידאַמאַקעס האָבן אָפּגעטאָן, האָבן זיך מיר אויפגעשטעלט די האָר אויפן קאָפּ. די צאָל אומגעקומענע אידן אין אוקראַינע איז געווען גרעסער ווי צוויי מאָל הונדערט טויזנט. דאָס לאַנד איז געווען פאַרפלייצט מיט אלמנות און יתומים. צענדליקער טויזנטער זיינען געבליבן אינוואַלידן. פיל זיינען משוגע געוואָרן פון שרעק. די אידישע באַפעלקערונג האָט נאָך אַלץ געלעבט אין טויט־שרעק. אונדזער אָנקומען האָט געוועקט נייע האָפע־נונגען אין די דערשלאָגענע אידן, און געבראַכט מיט זיך די זיכערקייט, אַז קיין נייע פּאָגראָמען וועלן נישט פּאַרקומען. צום סוף, נאָך אַ לאַנגן וועג, זיינען מיר אָנגעקומען קיין אָדעס.

דאָס אָנקוקן אָדעס פונסניי האָט אַרויסגערופן אין מיר אַ סך געפילן, אַ געמיש פון פרייד און טרויער. איך האָב מיך דערמאָנט אין די יוגנט־יאָרן, וואָס איך האָב דאָ פאַרבראַכט, און אין פאַניען, מיט וועלכער איך האָב מיך דאָ געטראָפן. איך בין אויך געווען פולשטענדיק איבערצייגט, אַז אַלע מיינע נאָענטע זיינען אומגעקומען. אַ טיפער טרויער האָט מיך אַרומגענומען, ווען איך האָב פאַרביישפּאַצירט די גאַס, וואו מיינע עלטערן האָבן אַמאָל געוואוינט, און אויך דאָס קליינע שמאָלע געסל, וואו איך האָב מיך אין אַ טונקעלער נאַכט אָפּגעשטעלט קויפן בייגל און געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַ שוואַרץ־האָריק, שוואַרץ־אויגיק מיידל. אַ מאָדנער געפיל האָב איך געהאַט: גלייך עס וואָלטן שוין צענדליקער יאָרן פאַר־פלאָסן זינט דעמאָלט, און עפּעס גלייך איך וואָלט מער נישט געווען דער אייגענער. איך האָב אָבער נישט געקענט צופיל זיך אָפּגעבן מיט סענ־טימענטן. צוויי טעג נאָכדעם ווי איך בין געקומען קיין אָדעס האָבן דייטשע קאָלאָניסטן געמאַכט אַן אויפשטאַנד קעגן די באָלשעוויקעס. איך האָב גלייך געגעבן אַ באַפעל צוריקצושטעלן די אָרדענונג. עס האָט געקאָסט אַ סך מי צו מאַכן אָרדענונג, און מיר האָבן אין יענעם קאַמף פאַרלוירן דעם אויבערקאָמיסאַר פון אָדעס, גורלאָוו, און דעם קאָמענ־דאַנט פון דער שטאָט. באַלד איז ווידער געוואָרן רואיק, און עס האָט אויסגעזען, אַז איצט קען די שטאָט שוין אָפּאָטעמען אויף אַ לאַנגער צייט. אָבער אינגיכן איז געקומען אַ נייע צרה.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

קלאַנגען האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן, אַז דער גענעראַל דעניקין, וואָס איז צוגעשטאַנען צו די ווייסע, וועט אָנקומען קיין אָדעס פון דער קרים. אין גאַנץ רוסלאַנד האָבן די באָלשעוויקעס געהאַט געזיגט, אָבער אין קרים האָט די קאָנטער־רעוואָלוציע געהאַט איר נעסט. דער שוואַרצער ים איז געווען די איינציקע פאַרבינדונג, וואָס איז געווען צווישן דער אויסערלעכער וועלט און רוסלאַנד. ענגלישע און פראַנצויזישע קריגס־שיפן זיינען דאָ פריי אַרומגעשוואומען, און די רעאַקציע האָט דאָ געהאַט אויף וועמען זיך צו שטיצן. אין דער צייט, ווען אַ סך קאַפּיטאַליסטן און צאַרישע אַריסטאָקראַטן זיינען אַנטלאָפן, ווער דורך טערקיי, ווער דורך רומעניע, און ווער עס איז גאָר איבערן קאַספּישן ים אַריבער קיין פּערסיע, — האָבן אַנדערע שוואַרצע כוחות דאָ זיך צונויפגעזאַמלט, און געפּרואווט פון דאַנען צו צעצינדן דאָס פייער פון קאָנטער־רעוואָלוציע. אין אָנהויב האָט קיינער נישט געגלויבט, אַז דעניקין וועט איינגעמען אָדעס. מיר זיינען געווען זיכער, אַז ער איז צו־שוואַך פאַר אַזאַ שריט. עס האָט זיך אָבער אינגיכן אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן אונטערשעצט זיינע כוחות. די קלאַנגען וועגן דעניקינס אָקופּאַציע זיינען געוואָרן אַלץ שטאַרקער, און אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז געשען דאָס אומגעריכטע: דעניקינס אַרמיי האָט איינגענומען די געגנט אַרום אָדעס, און ער האָט באַדראָאַט די שטאָט. איך האָב פאַרגעלייגט דעם הויפּט־שטאַב, אַז מיר זאָלן פאַרלאָזן די פּאָזיציעס און קאָנצענטרירן אונדזער מיליטער אין אַ פּלאַץ, וואו מיר האָבן גרעסערע קרעפטן. אָבער איך האָב באַקומען דעם באַפעל פון הויפּט־קאָמיסאַר פון אָדעסער גענעראַל־שטאַב צו בלייבן אויפן פּלאַץ. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער וועג ווי צו בלייבן און אָפּצוואַרטן נייע באַפעלן.

אין דער נאַכט פון 18טן יוני 1918 האָט גענעראַל דעניקין אונטערגענומען אַ שטאַרקע אָפענסיווע אויף אָדעס. שפּעטער האָט זיך אונטערגעגעבן דער קאַווקאַזער רעגימענט, וואָס איז אַריבער צו די ווייסע. דריי פערטל פון די כינעזער, וואָס האָבן געקעמפט אויף דער באָלשעוויסטישער זייט, זיינען געפאַלן. אויך דער אַרבעטער־רעגימענט האָט געליטן גרויסע פאַרלוסטן. אַ סך זיינען גענומען געוואָרן אין געפאַנגענ־



...ORARY COMMITTEE OF JEWISH WOUNDED IN JAFFA

...פצועים יהודים

י ציגעניש פון וועד־הפצועים, באַשטעטיקט
ורך דעם וועד הקהילה און וועד הרבנות, אַז
. גלאַזער איז פאַרזיצנדער פון וועד הפצועים.



די ערשטע רייזע פון ד״ר טעאָדאָר הערצל קיין א״י מיט זיינע פריינט.



ל. גלאַזער אויפן פלאַץ פון דער מכביאַדע צוזאַמען מיט אברהם שפּיראָ, איינער פון די גרינדער פון פתח־תקווה.

שאפּט. אַזוי אַרום זיינען אַלע מיינע באַמיאונגען איינצוהאַלטן די שטאָט געווען אומזיסט. די הויפּט־אורזאַך פון אונדזער מפּלה איז געווען אַ פאַר־ראַט פון אַ הויכן אָפיצער, וואָס האָט געשפּילט אַ פּראָוואָקאַטאָרישע ראָל, און איבערגעגעבן דעניקינען אונדזערע סודות. באַלד איז די לאַגע געוואָרן אַזעלכע, אַז עס איז מיר געבליבן בלויז איין אויסוועג: צו אַנטלויפן. איך האָב אָבער נישט געקענט אַריבער די רייען פון די ווייסע, און באיך־ברירה האָב איך מיך געמוזט באַהאַלטן. די געפאַר איז געווען אַ גרויסע. מען האָט באַשטימט פאַר מיין קאָפּ אַ סומע פון הונדערט־טויזנט רובל. אָבער פונדעסטוועגן האָב איך מיך נישט פאַרלוירן. מיין באַהעלטעניש איז געווען מער אָדער ווייניקער אַ זיכערס, און איך האָב געמוזט האָבן גע־דולד. צוויי מאָנאַטן צייט בין איך נישט אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין. איך בין יעדן טאָג געווען אין געפאַר אַריינצופאַלן צום שונא אין די הענט אַריין. איך האָב פונסניי געהאַט צייט איבערצוטראַכטן די גאַנצע לאַגע. אינגיכן האָט איינער פון מיינע חברים מיר געבראַכט אַ פּאַס, וואָס האָט מיר געגעבן די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון אָדעס, און צו קומען קיין קרים. אמת, קרים איז אויך געווען אין די הענט פון די ווייסע, אָבער פון דאָרטן האָב איך גיכער געהאַט אַ מעגלעכקייט זיך אַריבערצוכאַפּן קיין אויסלאַנד. ווייל מיין איצטיק זיין אין אָדעס איז געווען נישט בלויז געפערלעך, נאָר אויך נוצלאָז. איך האָב געדאַרפט דערוויילע אָפּוואַרטן ביז דער באָדן וועט ווערן ווידער רייף. איך האָב אָנגעטרויט מיין גורל און מיין ווילן צום שיקזאַל. נאָך אַסך קליינע און גרעסערע שטערונגען, איז מיר צום סוף געלונגען זיך אַרויסצוקריגן פון אָדעס, און אָנצוקומען אין דער שטאָט פיאָדאָסיע, אין קרים. איך בין אַהין אָנגעקומען אַ פרעמדער, און אַ פרעמדער האָב איך געוואָלט בלייבן, ביז צו דער צייט, ווען איך וועל קענען אָנהויבן מיין טעטיקייט פונסניי.

# איך בין בלויז געווען אַ מענטש

די וואָכן דערנאָך האָבן אויף מיר געהאַט אַ שווערע ווירקונג. ביז איצט בין איך אַלעמאָל געווען פאַרנומען און מיין צייט איז געווען אויסגעפילט. מיין לעבן איז געווען אַקטיוו, פול מיט קאַמף און אינטערעס. מיט איינמאָל איז מיין לעבן געוואָרן פוסט, אָן אינהאַלט, און איך האָב מיך דערשראָקן פאַר דער ליידיקייט, וואָס האָט זיך ווי אויסגעשפּרייט אַרום מיר. איך בין געזעסן אין פּיאַדאָסיע, מיך אויסגעהיטן, אַז דער שונא זאָל זיך נישט דערוויסן ווער איך בין, און געמוזט שטומערהייט צוקוקן צו דער גאַנצער קאָנטער־רעוואָלוציענערער טעטיקייט, מיט וועלכער עס האָט געשווינבלט און געגריבלט אַרום מיר. אַ סך טעג האָב איך אפילו נישט געוואַגט אַרויסצוגיין אויף דער גאַס. איך האָב געלייענט ביכער, צייטונגען, האָב אַ סך געגרוּיכערט, נאָר די טעג האָבן זיך געצויגן לאַנג, ווי דאָס אידישע גלות, און עס איז נישט געווען מיט וואָס זיי אויסצופילן. פון פּיאַדאָסיע בין איך שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין יאַלטאַ, כאָטש די נסיעה איז געווען פאַרבונדן מיט געפאַר. דאָרטן האָט זיך געפונען אַ קרייז פון חברים, וואָס האָבן געטאָן אונטערערדישע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. איך בין געקומען צו זיי און זיי האָבן מיך אויפגענומען ווי אַן אייגענעם. מיר האָבן גלייך געגרינדעט אַ קאָמיטעט פון פינף, צווישן וועלכע עס איז געווען איין פרוי, פאַניע ספּאַלאַנסקאַיאַ, אַן ענערגישע און שיינע חברטע. מיר האָבן אויך איינגעאָרדנט אַ געהיימע דרוקעריי, און זיך געגרייט אַרויסצוגעבן אַ פּראָקלאַמאַציע לכבוד דעם ערשטן מאַי. ווען די פּראָקלאַמאַציעס זיינען געוואָרן אָפּגעדרוקט, איז געפאַלן דער גורל אויף פאַניע ספּאַלאַנסקאַיאַ, אַז זי זאָל זיי צעטיילן צווישן די סטודענטן און אַרבעטער. אָבער ווי גרויס איז געווען אונדזער אַלעמענס ווייטיק, ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז די יונגע סימפּאַטישע פרוי איז אַריינגעפאַלן צום שונא אין די הענט אַריין. באַלד צוּמאָרגנס איז זי געשטעלט געוואָרן צום קריגס־געריכט, און מען

## איך בין בלויז געווען אַ מענטש

האָט זי אויפגעהאַנגען אויף אַ לאַמטערן, אַזוי אַרום אָפּצושרעקן די אַנדערע.

שוין נישט רעדנדיק וועגן די טרויעריקע געפילן, וואָס אָט דער פאַקט האָט אַרויסגערופן אין אונדז אַלעמען, איז אונדזער פּראָפּאַגאַנדע צוליב דעם געוואָרן זייער געשטערט, און מיר האָבן פּראָגרעסירט זייער פּאַמעלעך. מיר האָבן זיך אָבער נישט אינגאַנצן פאַרלוירן, און אָנגעהויבן פונסניי. ווידער איז אויסגעקליבן געוואָרן אַ חבר צו פאַרטיילן פּראָקלאַמאַציעס און אָנצופירן מיט דער אַגיטאַציע. אָבער אויך ער האָט געהאַט דעם זעלביקן סוף, וואָס די פריערדיקע חברטע. מען האָט אים געכאַפּט און גלייך דערנאָך דערשאָסן.

אין עטלעכע וואָכן שפּעטער בין איך גראָד געזעסן אין מיין געהיימער וואוינונג און געלייענט אַ בוך, ווען איך האָב פּלוצלונג פאַרנומען אַ קלאַפּן אין דער טיר. איך האָב אפילו נישט באַוויזן צו עפענען, ווייל גלייך איז די טיר אויפגעבראָכן געוואָרן. אין מיין צימער האָבן זיך אַריינגעריסן זשאַנדאַרמען און פּאָליציי־לייט, וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן. איך האָב זיי געוויזן מיינע פּאַפּירן און זיי זיינען געווען פולשטענדיק אין אָרדענונג. אָבער דער עלטסטער פון די זשאַנדאַרמען האָט מיר דערקלערט, אַז מען ווייסט אויף זיכער, אַז איך בין אַ באַקאַנטער רעוואָלוציאָנער. עס האָבן נישט געהאָלפן קיינע טענות. איך האָב גלייך געמוזט גיין מיט זיי. מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון גענעראַל־שטאַב. עס איז שווער איבערצוגעבן וואָס עס האָט געהייסן אין יענער שרעקלעכער צייט אַרעסטירט צו ווערן אַלס פּאָליטיש־פאַרדעכטיק. עס איז געווען דאָס זעלביקע, וואָס גיין אויף אַ זיכערן טויט. איך בין געגאַנגען איבער די גאַסן פון יאַלטאַ צוזאַמען מיט די לייט, וואָס האָבן מיך אַרומגערינגלט, און איך האָב געהאַט אַ געפיל, ווי איך וואָלט נאָכגעגאַנגען מיין אייגענע לוויה. די מענטשן, וואָס זיינען פאַרבייגעגאַנגען די גאַסן, האָבן מיר נאָכגעקוקט מיט שטומער שטילשווייגעניש און מיט יענעם טרויער ווי מען קוקט נאָך די יעניקע, וואָס ווערן געפירט צו דער תליה. איך בין אָנגעקומען צו אַ גרויסער געביידע, איינע פון יענעם סאָרט געביידעס, וואָס שוין פונדערווייטנס

שמעקט פון דאָרטן מיט גרויזאַמקייט און טויט. איידער איך בין אַריבער דעם טויער, האָט מען מיך באַזוכט צי איך האָב נישט ביי מיר קיין געווער, און דאַן האָט מען מיך געפירט איבער שמוציקע טרעפּ, וואָס האָבן גע־פירט אין דער שטוב פון קאָמענדאַנט. ווייזט אויס, אַז מען האָט זיך שוין דאָרטן געריכט אויף מיין אָנקומען, ווייל עס זיינען דאָרטן געווען פאַרזאַמלט פיל אָפיצערן און באַאַמטע. מען האָט מיך באַקוקט נייגעריק, ווי אַ מענטש, וואָס האָט לאַנג אויף זיך געלאָזט וואַרטן, און אייניקע האָבן זיך פריילעך איבערגעוואונקען, אַ צייכן, אַז מען האָט געכאַפּט אַ גרויסן העכט. פריער האָט דער קאָמענדאַנט אָנגעהויבן זיין געשפּרעך כלומרשט מיט גוטן. ער האָט מיר אָנגעוויזן אַ שטול זיך אַוועקצוזעצן, און אפילו דערלאַנגט אַ פּאַפּיראָס. ער האָט מיר גלייך געגעבן אַן עצה, אַז איך זאָל אַלץ דערציילן, אַלעמען אויסגעבן, ווייל דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס קען מיך ראַטעווען. ווען איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב גאָרנישט וואָס צו דערציילן און וועמען אויסצוגעבן, האָט דער קאָמאַנדיר גלייך געביטן זיין טאָן. ער איז געוואָרן בייז און מיך גענומען דראָען.

— וועסט דערפאַר טייער באַצאָלן! — האָט ער זיך אָנגערופן — נעמט אים!

מען האָט מיך גלייך געבונדן אין קייטן און מיך אַריינגעוואָרפן אין אַ קאָמער, וואו איך בין געווען איינער אַליין. עס איז געווען דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב זיך געפונען אין אַ תפיסה. איך בין מודה, אַז עס איז מיר געוואָרן זייער אומעטיק. דער געדאַנק, אַז איצט וועט מער נישט זיין ווער עס זאָל אָנפירן מיט דער אַרבעט, האָט מיך געמאַכט נידערגעשלאָגן. איך האָב געוואוסט, אַז איצט וועט מען מיך אינגיכן שטעלן צו אַ קריגס־געריכט און דערשיסן. עס האָט אויסגעזען, אַז דער סוף איז געקומען. קיין מורא פאַרן טויט האָב איך נישט געהאַט. אַ מענטש, וואָס איז געווען אין קריג און געוואָרן פאַרוואונדעט, אַ מענטש, וואָס איז געוואוינט צו טאָן אונטערערדישע אַרבעט, געוואוינט זיך ביס־לעכווייז צו צום געדאַנק, אַז ער וועט פריער אָדער שפּעטער מוזן באַצאָלן מיטן לעבן. איך האָב מיך אין אַ געוויסן זין געטרייסט דערמיט, וואָס מיין פאַמיליע לעבט נישט און קיינער וועט ניט דאַרפן טרויערן נאָך מיר.

## איך בין בלויז געווען אַ מענטש

איך בין געווען אַליין מיט זיך און גרייט אויף אַלעמען. ערגעץ וואו האָב איך געהאַט אַ פאַרלאַנג, אַז אַלץ זאָל זיך ענדיקן ווי אַמגיכסטן. וואַרטן אויפן טויט איז אַ סך ערגער ווי דער טויט אַליין.

אינמיטן דער נאַכט האָט מען מיך גענומען אויף אַ פאַרהער. דאָס אויפוועקן אינמיטן דער נאַכט איז ביי יעדער פּאָליציי אַ מיטל ווי אַזוי אַרויסצופּרעסן ביי אַ באַשולדיקטן זאַכן, וועלכע ער וויל נישט מודה־זיין. מען האָט מיר דערקלערט, אַז מען ווייסט גאַנץ גענוי, אַז איך האָב געטאָן אין יאַלטע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט. מען האָט פאַרלאַנגט פון מיר נישט מער און נישט ווייניקער, נאָר אַז איך זאָל אויסגעבן די געהיימע אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער איך האָב גע־הערט און ווער עס זיינען געווען מיינע מיטאַרבעטער. מען האָט מיר דערקלערט, אַז מען גיט מיר צוויי שעה זיך איבערצוקלערן, און אַז אויב איך וועל נישט אַלעמען אויסגעבן, וועט מען אָנבעמען קעגן מיר די שטרענגסטע מיטלען. ווען איך האָב דערקלערט ווידעראַמאָל, אַז איך האָב נישט וועמען אויסצוגעבן, האָט מען מיך גענומען שלאָגן אין פּנים אַריין און אין די ציין. איך האָב איינגעזען, אַז לייקענען האָט קיין זין נישט, און זיך אָנגערופן:

— יאָ, אמת, איך האָב געקעמפט פאַר דעם אָרימען רוסלאַנד און פאַר דער רעוואָלוציע.

די מיליטערישע אויספאָרשער האָבן פונסניי אָנגעהויבן מיר איינצור־רעדן איך זאָל אָנרופן נעמען. מען האָט מיר אויך צוגעזאָגט, אַז מען וועט לינדערן מיין שטראָף. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן, האָט מען זיך גענומען מיך פּייניקן אויף דעם שטייגער, וואָס האָט דערמאָנט אין דער שפּאַנישער אינקוויזיציע. אַ פאַרשוין מיט אַ פּינצטער געשטיפּלט פּנים און מיט אויגן פון אַ רוצח, האָט מיר אַריינגעשטאָכן אונטער די נעגל צוויי נאָדלען. אַ ווייל בין איך אינגאַנצן געוואָרן איין קנויל פון ווייטיק. מיינע אויגן זיינען פול געוואָרן מיט טרערן, און איך האָב פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין. עס האָט אָבער געדויערט נישט מער ווי איין סעקונדע. צוזאַמען מיט די שרעקלעכע יסורים, וואָס איך האָב געליטן, האָט זיך אויפגעוועקט אין מיר אַ שטאַרקע איינגעשפּאַרטקייט און אַ

טיפער באַשלוס אַלץ איבערצוטראָגן און זיך נישט אונטערצוגעבן. איך האָב מיך אַלעמאָל געוואונדערט וואו עס האָט זיך גענומען כוח צו אַלע יענע מאַרטירער, וואָס זיינען געפייניקט געוואָרן פאַר זייערע אידייען, אָדער פאַר זייער גלויבן, מיט די שווערסטע פיין, און דאָך זיינען זיי געבליבן גאַנץ און פעסט אין דעם זייעריקן. איצט בין איך אַליין אויסגע־פּרואווט געוואָרן. אַזוי שטאַרק ווי עס איז געווען די פיזישע פיין, אַזוי שטאַרק איז געווען אין מיר דער אינערלעכער באַשלוס קיינעם נישט אויסצוגעבן, און נישט צו פאַרראַטן מיינע חברים. זאָל זיין וואָס עס וועט זיין! — האָב איך אַ טראַכט געטאָן — קיין לעבעדיקער וועל איך סיי־ווי־סיי פון זייערע הענט נישט אַרויס! און איך האָב פאַרקוועטשט די ליפּן און פאַרביסן די ציין. איך האָב אפילו נישט קיין געשריי געטאָן. איך האָב נישט געוואָלט ווייזן מיינע שונאים קיין צייכן פון שוואַכקייט. אַלץ אין מיר האָט געררופן: אויסהאַלטן! אויסהאַלטן!...

מיינע פייניקער האָבן באַלד איינגעזען, אַז זיי וועלן מיט מיר גאָרנישט מאַכן און זיי האָבן מיך צוריקגעפירט אין קאַמער אַריין. איך בין אָוועקגעפאַלן אויף דעם טאַפּטשאַן, וואָס איז דאָרטן געשטאַנען, און בין אַריינגעפאַלן אין אַ סאָרט שלאָף, וואָס עס איז אוממעגלעך אים צו שילדערן מיט ווערטער. איך בין געלעגן אַ צעווייטיקטער, אַ צעשלאָגענער, איינגעקנוילט אין די אייגענע שמערצן, ווי אין אַ מאַנטל, און איך האָב גע־פילט ווי צוזאַמען מיט די פיזישע ליידן, וואָס האָבן אַרומגענומען מיין קערפּער, האָב איך אויפגעהערט צו זיין איך, עפּעס, ווי איך וואָלט גע־ליטן נישט מיינע אייגענע ליידן, נאָר די ליידן פון אַ גאַנצער וועלט, וואָס קנוילט זיך אין פיין, צוליב אורזאַכן, וואָס זייער סוד וועט קיינמאָל נישט קלאָר ווערן פאַר קיינעם.

צו מאָרגנס האָט מען מיך, נאַטירלעך, ווידער גענומען אויף אַ פאַרהער, און מען האָט מיך ווידער געפּרואווט פייניקן. אָבער דאָסמאָל האָבן נישט די דראָאונגען און נישט דאָס פייניקן געמאַכט אויף מיר אַ שטאַרקן איינדרוק. איך בין, אַזוי צו זאָגן, שוין געהאַט אַריין אין דער ספערע פון פיין, און איך האָב מיך אָנגעהויבן צוצוגעוואוינען צו מיין לאַגע, פּונקט אַזוי ווי אַ מענטש איז פייאיק זיך צוצוגעוואוינען צו יעדער

# איך בין בלויז געווען אַ מענטש

לאַגע, אויב ער איז געצוואונגען. אינגיכן האָב איך מיך דערוואוסט, אַז מיינע פֿייניקער גרייטן זיך מיך צו שטעלן צו אַ געריכט. דאָס איז געווען אַ פּאָליטישע מאַנעווער. מען האָט געוואָלט באַווייזן דורך דעם פּראָצעס דער באַפֿעלקערונג פֿון יאַלטע און פֿון דער געגנט אַרום, אַז די קאָנטער־רעוואָלוציע לעבט און איז אַקטיוו. אין איינעם אַ פֿרימאָרגן האָט מען מיך אָוועקגעפֿירט אין געריכט־זאַל. איך בין געווען דערשטוינט צו זען וואָס פֿאַר אַ גרויסער המון עס האָט זיך צונויפֿגעזאַמלט. מען האָט מיך געפֿירט אַ געבונדענעם אין קייטן, אַרומגערינגלט מיט אַ שטאַרקער וואַך. איך האָב אָנגעקוקט די מענטשן. טייל האָבן מיך אָנגעקוקט מיט שטומע בליקן, פֿול מיט מיטלייד. אַנדערע האָבן נאָכגעשריען און געזידלט, אויפֿן רוסישן שטייגער.

באַלד בין איך אַוועקגעזעצט געוואָרן אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק. דער מיליטערישער פּראָקוראָר האָט געלייענט דעם באַשולדיקונגס־אַקט. ער האָט אויסגעזען צו זיין זייער אויפֿגערעגט, ווייל זיינע ליפּן האָבן געציטערט און אַ שוים איז אויף זיי אַרויסגעטראָטן. זיינע אויגן האָבן געקוקט בייז און שאַרף. די עדות, וואָס זיינען אויסגעפֿרעגט געוואָרן, זיינען באַשטאַנען פֿון עטלעכע זשאַנדאַרמען. ווען אַלץ איז געווען געענדיקט, האָט מיך דער פֿאָרזיצנדער פֿון געריכט געפֿרעגט צי איך האָב עפּעס וואָס צו זאָגן צו מיין פֿאַרטיידיקונג. איך האָב דערקלערט:

— אין דער גאַנצער צייט, וואָס איך האָב געקעמפֿט פֿאַר דער פֿאַר־ווירקלעכונג פֿון מיין אידעאַל, האָב איך קיין שום מענטשלעך לעבן נישט אומגעבראַכט. פֿאַרקערט, איך האָב איינגעשטעלט מיין אייגן לעבן צוליב מיינע אידייען. מיין רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט האָט געהאַט איין צוועק; צו העלפֿן די אַרבעטנדיקע מאַסן. וואָס איז שייך מיינע פּאָליטישע איבער־צייגונגען, בין איך נישט קיין באָלשעוויק, נאָר אַ סאָציאַליסט־רעוואָלו־ציאָנער, און איך גלויב, אַז יעדער האָט אַ רעכט צו דענקען און צו גלויבן ווי זיין געוויסן דיקטירט אים. אויב דאָס געריכט וועט אָנערקענען, אַז איך האָב צוליב דעם פֿאַרדינט טויט־שטראָף, בין איך גרייט צו שטאַרבן. עס וועט זיין פֿאַר מיר אַ באַפֿרידיקונג, אַז איך האָב מיך באַפֿרייט פֿון די שרעקלעכע אוממאָראַלישע באַדינגונגען פֿון דער היינטיקער צייט און

אָפּגעגעבן מיין קאָפּ פאַר אַ גרויסער אידייע. אָבער געדענקט, מיינע הערן, אַז איר וועט פאַר מיין קאָפּ באַצאָלן מיט טויזנט אַנדערע.

אַט די ווערטער האָבן אַרויסגערופן צווישן די צוהערער אַ גרויסע אויפרודערונג. עס וואָלט זיכער געווען געקומען צו אַ דעמאָנסטראַציע, ווען עס וואָלטן נישט געווען אַזויפיל זשאַנדאַרמען אין זאַל. דאָס געריכט האָט באַלד דערנאָך זיך אַוועקגעלאָזט אויף אַ באַראַטונג. די באַראַטונג האָט נישט לאַנג געדויערט. איך האָב נישט געקענט דערוואַרטן פון די ריכטער קיין שום גנאָד. איך האָב דאָך מיך אָפן דערקלערט פאַר אַ רעוואָלוציאָ־נער. דאָך בין איך געווען נייגעריק צו הערן צו וואָס פאַר אַ טויט מען וועט מיך פאַראורטיילן. מיין אינערלעכער וואונטש איז געווען, וואָס גיכער אַלץ איבערצוקומען.

דער אורטייל איז געווען קורץ און שאַרף: טויט דורך דער תליה. נאָך לאַנגע וואָכן אַרעסט און פיין, האָט ענדלעך געדאַרפט געשען דאָס, וואָס איך האָב די גאַנצע צייט דערוואַרט. דער אורטייל איז דורך די פאַרזאַמלטע אויפגענומען געוואָרן פאַרשיידן. די יעניקע, וואָס האָבן שטילערהייט געהאַט רעוואָלוציאָנערע סימפּאַטיעס, האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ. אַנדערע האָבן אויסגערופן, אַז דער אורטייל איז צו־מילד. וועגן אַנטלויפן האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. איך בין נאָך אַלץ געווען געבונדן אין קייטן און דערצו בין איך אין די לאַנגע וואָכן תפיסה געוואָרן זייער אָפּגעשוואַכט. איך האָב אפילו אָנגעהויבן שלעכט צו זען אויף די אויגן, און מיין געהער איז נישט געווען ווי עס באַדאַרף צו זיין. איך האָב קוים געשלעפּט די פיס, ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון געריכט, און די זשאַנדאַרמען האָבן מיך אונטערגעשטופּט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז איך האָב שיעור רוק־און־לענד נישט געבראָכן. איך האָב געגוי געזען, אַז קיין רעטונג פון דער לאַגע איז נישט פאַראַן. אין מיין מוח האָט געהערשט אַ כאַאָס. אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען מיך פונסניי אַריינגעוואָרפן אין מיין קאַמער.

וועגן דער לאַגע פון די געפאַנגענע אין די תפיסות פון די ווייסע האָט מען פיל געשריבן. איך וויל בלויז איבערגעבן פון מיין אייגענער דערפאַרונג צוויי פאַקטן.

# איך בין בלויז געווען אַ מענטש

די ענגשאַפט אין די קאַמערן, וואו מען האָט געהאַלטן די אַרעס־טאַנטן, איז געווען אַ שרעקלעכע. אין אַ קליינער צעל, וואו עס איז קוים געווען פּלאַץ פֿאַר עטלעכע פּערזאָן, האָט מען אַריינגעשטופּט פערציק און פופציק אַרעסטאַנטן. די באַדינגונגען, אין וועלכע די מענטשן האָבן דאָרטן געלעבט, איז אוממעגלעך איבערצוגעבן. דער טויט איז איינפאַך געווען אַ דערלייזונג נאָך די פּיין, וואָס די געפאַנגענע זיינען אויסגעשטאַנען. אין איינער אַ נאַכט איז אין דער טורמע דערשינען דער נאַטשאַלניק פון דער זשאַנדאַרמעריע צוזאַמען מיט אַ שטאַב־אָפיציר, מיטן נאָמען שלאַשאָוו, און זיי האָבן געהייסן, אַז מען זאָל אין זייערע אויגן איבערציילן די אַרעסטאַנטן. יעדן דריטן געפאַנגענעם האָט מען אַרויסגערופן פון דער רייע. דערנאָך האָט מען די דריטע אַלע צוזאַמען דערשאָסן. דער צוועק פון אָט דער אינספּעקציע איז געווען אַ „פּראַקטישער". מען האָט איינפאַך געוואָלט אַזוי אַרום מאַכן מער פּלאַץ אין די קאַמערן, ווייל מען האָט געדאַרפט אַריינזעצן נייע קרבנות. איך האָב די גאַנצע סצענע צוגעזען דורך מיין פאַרגראַטעט פענצטערל.

אַן אַנדערס מאָל גאַנץ פרי, ווען מען האָט אונדז אַרויסגעפירט אויף עטלעכע מינוט אויף דער לופט, האָבן מיר געזען ליגן ביי דער וואַנט ניינצן דערשאָסענע פרויען. איינע פון זיי האָט נאָך געגוססט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איידער מען האָט די פרויען דערשאָסן, האָט מען זיי פאַרגוואַלדיקט. אַזוי אַרום פלעגן די ווייסע זיך אָפרעכענען מיט זייערע פּאָליטישע קעגנער.

ענדלעך איז געקומען דער לעצטער טאָג, דער טאָג, אין וועלכן איך האָב געזאָלט געהאַנגען ווערן. אָבער די לעצטע מינוט האָט מען אָפּגעלייגט די הינריכטונג אויף נייע דריי טעג. די אורזאַך פון דעם אָפּלייגן האָב איך מיך קיינמאָל נישט דערוואוסט. איך דענק, אַז זיי האָבן אַזוי אַרום געוואָלט שטאַרקער מאַכן מיינע פּיין, און אַרויסרופן אין מיר נייע האָפענונגען און נייע צאַפּלענישן. זיי האָבן טאַקע זייער ציל דערגרייכט. איך בין שוין געווען גרייט צו שטאַרבן און שוין געהאַט דערגרייכט יענע רו, וואָס קומט נאָכדעם ווי מען רעזיגנירט איינמאָל פאַר אַלעמאָל פון לעבן. איצט האָב איך געמוזט פונסניי מיך מאַטערן. איך

האָב געמוזט אָנווענדן דאָס לעצטע ביסל פיזישע ענערגיע, וואָס איז מיר געבליבן, מיך צו האַלטן רואיק, און נישט געבראָכן צו ווערן מאָראַליש. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך מיר אַליין געזאָגט, אַז אייגנטלעך געהער איך מער נישט צו די לעבעדיקע. פּסיכיש בין איך שוין געהאַט געשטאָרבן. אַלדאָס לעבעדיקע האָט מיך מער נישט געדאַרפט אָנגיין. איך האָב מיך גייסטיק אָנגעהויבן צו דערווייטערן פון אַלע לעבעדיקע אינטערעסן. איך בין געלעגן אויף דעם טאָפּטשאַן, געדרימלט, געטראַכט אַ טראַכטעניש פון אימיצן, וואָס האָט שוין מיט אַלעמען פאַר־ענדיקט, און איך האָב געפילט ווי עס נעמט מיך אַרום יענע רו, וואָס האָט אין זיך אַלע אייגנשאַפטן פון טויט. איך האָב אפילו פאַרלוירן דאָס געפיל פאַר צייט. אַט איז געווען טאָג, באַלד איז געווען נאַכט, און איך האָב נישט געוואוסט ווי איך האַלט אין דער וועלט, און ווי לאַנג איך האָב נאָך צו וואַרטן. מען האָט מיר אַריינגעטראָגן ברויט, וואַסער, און איך האָב געגעסן מעכאַניש. איך בין געווען אין אַ צושטאַנד פון פולשטענדיקער פּאַסיוויטעט.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג, אַרום פיר אַזייגער, זיינען אַריינגעקומען אין מיין צעל אַ גלח און אַ רב, אין דער באַגלייטונג פון צוויי זשאַנדאַרמען. ביידע האָבן אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, אַז די לעצטע שעה פון מיין לעבן איז געקומען, און אַז איך זאָל בעטן מיט זיי צו גאָט, איידער איך גיי אַריבער אין אַ „בעסערער" וועלט. אַ ווייל בין איך געשטאַנען אַ פאַר־גליווערטער. דערנאָך האָב איך זיך אָנגערופן:

— „איך גלויב נישט אין קיין גאָט, אויב ער פירט די וועלט אַזוי ווי ער פירט זי, און אויב די מענטשן האָבן אַזאַ פּנים!"

איך האָב ווייטער דערקלערט, אַז איך האָב אין מיין לעבן נישט געטאָן קיין שום שלעכטס און אַז איך האָב דעריבער נישט אויף וואָס חרטה צו האָבן. דאַן האָב איך אָנגעגעבן דעם רב מיין נאָמען און אים געבעטן, אַז ער זאָל ביי אַ געלעגנהייט לאָזן וויסן מיינע ווייטע קרובים (די גאָר נאָענטע קרובים, האָב איך געגלויבט, זיינען אַלע אומגעקומען), וואָס עס איז מיט מיר געשען. פּלוצלונג איז איינער פון די זשאַנדאַרמען

## איך בין בלויז געווען אַ מענטש

צו מיר צוגעלאָפן און מיך גענומען שלאָגן מיט זיין נאַגייקע. ער האָט געשריען:

— דו פאַרשאָלטענער רעוואָלוציאָנער, דו הונט איינער! האָסט נאָך איינגאַנצן צו לעבן עטלעכע שעה, און דערביי האַלטסטו דיך נאָך אַלץ אין דיינע אפיקורסישע אידייען?...

און ער האָט מיך געשלאָגן אָן רחמנות. דער גלח און דער רב האָבן קוים ביי אים געפּועלט, ער זאָל מיך אויפהערן צו שלאָגן. איך האָב זיך אָנגערופן:

— איר פריידיקט פאַרן פאָלק, פאַר דער מענטשהייט. איצט זאָגט מיר: וואו איז די מענטשהייט? וואו איז די מאָראַל, וואָס איר רעדט אַזוי אָפט וועגן איר? וואו איז דער גלויבן? פאַרוואָס קוקט־צו גאָט צו אַזויפיל נידערטרעכטיקייט און שוויגט? און איר אַליין? ווייסט איר דען נישט, אַז איר זיינט משרתים ביי דעם בלוטיקן קאַפּיטאַליזם? דינט איר דען נישט די יעניקע, וואָס באַוועלטיקן די אָרימע? זענט איר דען נישט אַ טייל פון דער סיסטעם, וואָס איז פול מיט מאָרד און אומגע־רעכטיקייט?

לאַנג האָט מיין רעדע נישט געדויערט. איך בין באַלד געבליבן אַליין. איך האָב מיך צוגעלייגט און אַלץ אין מיר איז געווען פול מיט דערוואַרטונג. איך האָב געוואַרט אויף יענעם סודותדיקן און אומ־באַקאַנטן, וואָס איז געווען אַזוי נאָענט, און דאָך אַזוי ווייט... יאָ, ווייט, זייער ווייט. ווי לאַנג מען לעבט, ווי לאַנג מען אָטעמט, קען מען זיך נישט באַפרייען פון לעבן און פון דעם ליכט, מיט וועלכן עס איז באַ־לויכטן. ערגעץ־וואו אין מיר האָט נאָך געטליעט אַ פונק — אַ פונק פון האָפענונג...

# ניי לעבן

עס איז געווען אינמיטן דער נאַכט. איך בין געלעגן פאַרזונקען אין טיפן שלאָף. עס איז געווען אַ שלאָף אַ האַרטער, אַ פאַרשטיינערטער, ווי עס שלאָפן בלויז די יעניקע, וואָס האָבן מער גאָרנישט צו דערוואַרטן. פלוצלונג בין איך אויפגעוועקט געוואָרן פון געשרייען און שיסעריי. אין אָנהויב האָב איך געמיינט, אַז אַן עקזעקוציע קומט פאָר אין תפיסה־הויף. אָבער באַלד האָב איך מיך איבערציַיגט, אַז עס איז גאָר עפּעס אַנדערש. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דער קרים האָט עקזיסטירט נאָך אַ געהיימע ראַדיקאַלע אָרגאַניזאַציע. אירע מיטגלידער האָבן זיך גערופן „די גרינע" און זיי האָבן געהאַסט די בלוטיקע הערשאַפט פון וראַנגעלן און שלאַשאָוון ווי דעם טויט. צווישן זיי האָט זיך אויך געפונען ד. סמירנאָוו, אַ באַקאַנטער רעוואָלוציאָנער, וואָס איז אויך געווען דער פירער פון אָט דער אָרגאַניזאַציע. איינע פון די אויפגאַבן, וואָס די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געשטעלט, איז געווען צו שטורמען די תפיסה און אַרויסלאָזן אויף דער פריי די הונדערטער חברים, וואָס האָבן דאָרטן געשמאַכט. אַרום עלף אַזייגער ביינאַכט זיינען זיי באַפאַלן די תפיסה פלוצלונג, דערמאָרדעט די וואַכן, און גענומען שטורמען דעם אייזערנעם טויער. אַלץ איז געשען מיט אַן אויסטערלישער שנעלקייט. די טירן פון די קאַמערן זיינען אויפגעריסן געוואָרן, די אַרעסטאַנטן האָבן באַקומען געווער, וואָס די „גרינע" האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט, און די מהומה איז געוואָרן גרעסער פון מינוט צו מינוט. איידער איך האָב זיך אומגעקוקט, האָט מען אויפגעריסן די טיר פון מיין קאַמער און איך האָב באַקומען געווער. אַלץ איז געשען אַזוי גיך, אַז איך האָב אַליין נישט געוואוסט צי זאָל איך מיך פרייען. איך האָב קוים באַנומען, וואָס עס קומט פאָר. דערווייל האָט זיך די שטאַטישע זשאַנדאַרמעריע דערוואוסט וואָס עס איז געשען, און עס זיינען אָנגעקומען הונדערטער סאָלדאַטן. באַלד האָט אויסגעבראָכן אין דער פינצטערער נאַכט

# נייע לעבן

אַ מלחמה לויט אַלע כּללים. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט די שיסעריי. די תּפיסה־ווענט זיינען באַלד פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פעסטונג, פון וואַנען אונדזערע חברים האָבן געשאָסן אויף זייערע פאַרפאָלגער. טויטע און פאַרוואונדעטע זיינען געפאַלן פון ביידע זייטן. פאַרטאָג האָבן מיר איינגעזען, אַז בלייבן אין שטאָט איז פאַר אונדז אַ זיכערער טויט, ווייל די צאָל ווייסע איז געווען אומפאַרגלייכלעך גרעסער ווי די צאָל רויטע, און מיר האָבן זיך גענומען דורכאַרבעטן אַ וועג צו אַנטלויפן הינטער דער שטאָט, צו די בערג. קוילן זיינען געפלויגן איבער אונדזערע קעפ, אָבער מיר האָבן געפירט אַ פאַרביטערטן העלדישן קאַמף, ווי עס קעמפן בלויז אַזעלכע, וואָס האָבן מער גאָרנישט וואָס צו פאַרלירן. די זשאַנדאַרמען האָבן אונדז נאָכגעיאָגט, אָבער דאָ האָבן מיר געהאַט די איבערמאַכט. מיר האָבן זיך פאַרשטעקט צווישן שטיינער, הינטער פעלזן, און מיר האָבן געהאָלט מיט פייער אויף אונדזערע פאַרפאָלגער. מיר זיינען אויך גרייט געווען צו פירן אַ קאַמף מיט באַיאָנעטן, אויב עס וועט זיין נויטיק. ווייזט אויס, אַז די זשאַנדאַרמען האָבן זיך דערשראָקן פאַר די אייגענעביינער. זיי האָבן ביסלעכווייז זיך גענומען צוריקציען. אין דער זעלביקער צייט זיינען צו אונדזערע רייען צוגעקומען נייע כּוחות, ווייל אַלע יענע, וואָס האָבן שטילערהייט געהאַלטן מיט אונדז און געלעבט אין שרעק, אַז זיי קענען יעדן טאָג אַרעסטירט ווערן, האָבן אויסגענוצט די אַנאַרכיע, און געקומען צו אונדז דורך אַלע וועגן. עטלעכע טעג האָבן מיר זיך גע־האַלטן צוזאַמען, כאָטש מיר האָבן געהאַט זייער ווייניק שפּייז. אַביסל האָבן אונדז אַרויסגעהאָלפן די פּויערים אין דער געגנט אַרום. באַלד האָבן מיר איינגעזען, אַז בלייבנדיק צוזאַמען, שטעלן מיר זיך אויס אין אַ געפאַר נישט בלויז צו שטאַרבן פון הונגער, נאָר אויך אַריינצופאַלן דעם שונא אין די הענט אַריין. דורכרייסן זיך דורך דעם פראָנט אויפן וועג צו די באָלשעוויקעס, איז געווען אוממעגלעך. מיר האָבן זיך גע־מוזט ביסלעכווייז צעגיין, יעדער איינער אין אַן אַנדער ריכטונג, אויף זיין אייגענער מערכה. אַזוי האָבן מיר אויך געטאָן.

איידער איך בין אַוועק, האָבן מיר מיינע פריינט געגעבן פּאַפּירן, אויף אַ פאַלשן נאָמען, און איך האָב מיך געלאָזט אויפן וועג קיין סימ־

פעראַפּל, ווייל איך האָב מיך דערמאָנט, אַז דאָרטן ערגעץ דאַרף וואוינען מיינער אַ קרוב. וועגן פאָרן האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. איך האָב געמוזט מיך שלעפּן צופוס, אויף זייטיקע וועגן, אויסצומיידן אַ צוזאַמענ־טרעף מיט נישט־געוואונטשענע פאַרשוינען. דער וועג האָט גענומען זעקס און דרייסיק שעה. איך בין אָנגעקומען אין דער שטאָט אַן אָפּגע־ריסענער, אַן אויסגעמאַטערטער, און האָב אויסגעזען ווי אַ „בראָדיאַגע", אַ שלעפּער. צום גליק האָט נאָך מיין קרוב געוואוינט אין דער זעלביקער שטאָט.

ער האָט נישט געוואָלט גלויבן זיינע אייגענע אויגן, ווען ער האָט מיך דערזען. עס איז געווען, ווי ער וואָלט דערזען אַ מת צוריקקומען פון קבר. אָבער ער האָט זיך אַרויסגעוויזן נישט בלויז פאַר אַ געטרייען קרוב, נאָר אויך — פאַר אַ מוטיקן מענטשן און אַן איידלמאַן. כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז ער שטעלט איין זיין לעבן נעמענדיק מיך אין הויז אַריין, האָט ער געטאָן אַלדאָס מעגלעכע, אַז איך זאָל בלייבן ביי אים און מיך פילן באַקוועם. אַלץ איז געטאָן געוואָרן מיט פאָרזיכטיקייט. איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן קומען צו זיך. דאָס לעבן, וואָס איז שוין געווען ווייט פון מיר, האָט זיך גענומען אומקערן. עס איז געווען אַ מאָדנע צייט. איך האָב אָפט געהאַט אַ געפיל ווי איך וואָלט אויפגעשטאַנען נאָך אַ שווערער קראַנקהייט, פול מיט קאָשמאַרן. אמת, אַרויסגיין פון הויז האָב איך נישט געטאָרט. אָבער איך האָב געקענט זיצן אין אַ לופטיקער שטוב, שלאָפן אין אַ ריין בעט, עסן צוזאַט און לייענען אַ בוך. אָפט האָב איך מיר אַליין נישט געגלויבט, אַז דאָס אַלץ, וואָס עס האָט פּאַסירט, איז ווירקלעך. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז באַלד וועל איך מיך אויפכאַפּן און זיך ווידער געפינען אין תּפיסה. אָבער ניין, איך בין געווען פריי, אַלנפאַלס צייטווייליק.

אין איינעם אַ טאָג האָט פּאַסירט עפּעס, וואָס האָט געקענט זיך ענדיקן פאַטאַל. פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר, און צו מיין קרוב איז אַריינ־געקומען אַ באַאַמטער. ער איז געווען אַ געהיים־אַגענט. ער האָט דער־קלערט נישט־מער און נישט־ווייניקער, נאָר אַז ער ווייסט ווער איך בין און אַז ער איז געקומען מיך אַרעסטירן. מיין האַרץ האָט אויפגעציטערט.

## נ י י   ל ע ב ן

מיין קרוב איז געוואָרן בלייך ווי קרייד. אַ ווײַלע האָבן מיר זיך אָנגע־קוקט צעטומלט און דערשראָקן. נישט בלויז האָט דאָס געשמעקט מיט טויט־שטראָף פאַר מיר אַליין, נאָר אויך מיין קרוב האָט געקענט שלעכט ענדיקן. צום גליק איז מיין קרוב געווען איינער פון יענע מענטשן, וואָס ווערן נישט פולשטענדיק פאַרלוירן אין אַ שלעכטער לאַגע, און וואָס זייער ערשטער געדאַנק איז, ווי אַזוי צו געפינען אַן אויסוועג. ער האָט געטאָן דאָס, וואָס עס איז געבליבן צו טאָן. ער האָט אָן שום צערעמאָניעס פאַרגעלייגט דעם אַגענט געלט.

אין רוסלאַנד האָבן באַאַמטע קיינמאָל זיך נישט געמיאוסט צו נעמען כאַבאַר. אָבער צו יענער צייט איז כאַבאַר געווען אַן אויסגעפּרואווט מיטל. גענעראַל וואַנגעלס רעגירונג האָט נישט געהאַט קיין איבעריקע געלטער. דאָס מיליטער און די באַאַמטע זיינען געוואָרן שלעכט געשפּייזט, שלעכט באַצאָלט, און מען האָט געמוזט זוכן הכנסה פון דער זייט. דער אַגענט איז, דעריבער, גלייך איינגעגאַנגען אויף דעם פאָרשלאַג. מיין קרוב האָט אים גלייך דערלאַנגט אַ היבשע סומע. אָבער איך האָב מיך געמוזט פאַר־פליכטן צו פאַרלאָזן די שטאָט אַזוי שנעל ווי מעגלעך.

אָבער ווי אַזוי פאַרלאָזט מען די שטאָט? און וואוהין זאָל איך גיין? מיין שטיקל פּאַפּיר, דער דאָקומענט, האָט שוין נישט געטויגט. איך האָב געדאַרפט האָבן אַ נייעם דאָקומענט. דאָס בעסטע וואָלט געווען — אַן אויסלענדישן פּאַס, וואָס זאָל מיר געבן די מעגלעכקייט אַרויסצופאָרן פון רוסלאַנד. איך בין שוין געווען מיד פון קאַמף, צעבראָכן פון וואַנ־דערן. איך האָב געהאַט איין־און־איינציקן פאַרלאַנג, און דאָס איז געווען — רו. עס איז דעריבער לייכט זיך פאָרצושטעלן מיין פרייד, ווען דער זעלביקער אַגענט, וואָס האָט ערשט געוואָלט מיך אַרעסטירן, האָט דער־קלערט אָפן, אַז פאַר אַ געוויסער סומע געלט קען ער מיר צושטעלן אַ פּאַס, דורך וועלכן איך זאָל קענען אַריבערפאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּל. איך האָב נישט געגלויבט מיינע אייגענע אויערן. אַרויספאָרן פון רוס־לאַנד האָט אין יענער צייט באַדייט דאָס זעלביקע, וואָס אַרויס פון אַ גיהנום. אויך מיין קרוב האָט איינגעשטימט, אַז דאָס וואָלט געווען דאָס בעסטע, און ער איז גרייט געווען צו געבן די פאַרלאַנגטע סומע. מיר

זיינען געזעסן אַלע דריי, איך, דער קרוב און דער אַגענט, און מיר האָבן געשמועסט וועגן מיין אַרויספאָרן מיט אַזאַ אָפנהאַרציקייט, גלייך ווי דער אַגענט וואָלט געווען מיינער אַ נאָענטער פריינט, וואָס נעמט אָנטייל אין אַלע מיינע זאָרגן. אַזאַ קראַפט האָט אין רוסלאַנד געהאַט כּאַבאַר. מיין קרוב האָט אויך אַריינגעבראַכט שנאַפּס, און דער אַגענט האָט אין זיך אַריינגעגאָסן עטלעכע כּוסות. באַלד איז די זאַך געוואָרן באַשלאָסן. דער אַגענט האָט באַקומען אַ טייל פון דער סומע און ער האָט צוגע־זאָגט, אַז אין עטלעכע טעג אַרום וועט ער קומען מיט דעם פּאַס. אָבער צי וועט ער האַלטן וואָרט? וועט ער נישט אַמאָל נאָך אַלעמען מיך איבערגעבן צו דער פּאָליציי און דערביי נאָך מאַכן אַן אָנקלאַגע, אַז איך האָב געגעבן כּאַבאַר? דאָס האָט מען אויף זיכער נישט געקענט זאָגן. אין משך פון עטלעכע טעג האָב איך געלעבט אין אַ צושטאַנד פון נער־ווען דערוואַרטונג. דער אַגענט האָט זיך נישט געוויזן. יעדעס מאָל, וואָס מען האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר, האָב איך דערוואַרט, אַז פּאָ־ליציי זאָל אָנקומען און מיך אַרעסטירן. כּדי צו פאַרגעסן מיין לאַגע און נישט צו זיין אַזוי נערוועז, האָב איך אַ סך געלייענט, פיל גערויכערט, און אַרומגעגאַנגען אַהין־און־צוריק איבער מיין צימער, ווי אַ חיה אין שטייג. מענטשן, וואָס זיינען געבוירן אין פרייע, דעמאָקראַטישע לענדער, וועלן קיינמאָל נישט פאַרשטיין וואָס פאַר אַ באַדייטונג אַ פּאַס האָט געהאַט אין יענער צייט. אויף דעם פינפטן טאָג, ווען איך בין שוין זיכער געווען, אַז דער אַגענט האָט מיך אָפּגענאַרט, און אַז איך דאַרף פונסניי אָנהויבן וואַנדערן איבער די שטעט פון קרים, יעדע מינוט אויסגעזעצט אויף דער געפאַר אַרעסטירט צו ווערן, האָט זיך פּלוצלונג געעפנט די טיר, און דער אַגענט איז געקומען. ער האָט אַרויסגענומען פון זיין קעשענע אַ פּאַס, וואָס האָט מיר געגעבן די רעכט צו פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. דער אָנבליק פון דעם פּאַס האָט אין איין מאָמענט איבערגעאַנדערשט מיין שטימונג. איך האָב מיך דערפילט ווי אַ טרינקענדיקער, וואָס דער־שפּירט מיטאַמאָל ווידער באָדן אונטער די פיס. דער אַגענט האָט באַקומען צוגעצאָלט דאָס זייניקע. ער האָט אויך פונסניי ווידער באַקומען צו טרינ־קען. איך האָב אַרומגענומען מיין קרוב און זיך מיט אים צעקושט. איך



אומבאַאַרבעט לאַנד ביי דער סוריִשער גרענעץ איידער עס איז קולטיווירט גע־
וואָרן דורך די אידישע פּיאָנערן.



בליענדע אַראַנדזש־פּלאַנטאַציעס אין פּאַלעסטינע.



חלוצים ביים שניט

# נ י י  ל ע ב ן

וואָלט דעמאָלט געווען געקענט אַרומנעמען די גאַנצע וועלט, ווען עס וואָלט מעגלעך געווען, און זי צודריקן צו מיין ברוסט.

ביז וואַנען אַ שיף איז אָפּגעגאַנגען, האָב איך געדאַרפט בלייבן זיצן אין שטוב און זיך נישט דרייען אין גאַס. אָבער קיינמאָל איז מיר אַ צימער נאָך נישט געווען אַזוי ענג, ווי דאָס צימער פון מיין קרוב אין יענעם אָוונט נאָכדעם ווי איך האָב באַקומען מיין פּאַס. איך האָב געהאַט אַ באַדערפעניש צו גיין, צו לויפן, און מיט יעדן איינעם צו טיילן מיין גרויסע פרייד. אויף דער וואַנט פון מיין צימער האָט געהאַנגען אַ גיטאַרע מיט אַ סך פאַרביקע בענדער. אַ גיטאַרע האָט אין רוסלאַנד כמעט געהערט צום מעבל פון אַ שטוב. איך האָב זי אָנגענומען מיט ציטערדיקע פינגער און אָנגעהויבן צו שפּילן. איך האָב מיין פאָדערשטן פוס אויסגעשטרעקט פאָראויס, דעם קאָפּ אָנגעלעגט אויף אַ זייט און געלאָזט די סטרונעס אויסקלינגען דעם גאַנצן ווייטיק און די בענקשאַפט, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אין מיר. באַלד האָב איך אָנגעהויבן אונטערטאַנצן, אויפן זעלנערישן שטייגער. מיין קרוב איז אַריינגעקומען אין מיין צימער און מיך אָנגעקוקט דערשטוינט. דערנאָך האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און זיך צוגעהערט צו מיין שפּילן און צו מיינע פּראָסטע האַרציקע לידער.

די וועלט און דאָס לעבן זיינען מיר ווידער פאָרגעקומען שיין. איך האָב מיך געפילט ווי ניי־געבוירן. נאָך אַלעמען, ווי לאַנג איז דען, אַז איך בין געווען אַ קינד ? טיף אין מיר בין איך אייגנטלעך געבליבן אַ קינד ביז צום היינטיקן טאָג, כאָטש מיינע שווערע איבערלעבונגען האָבן מיך פריצייטיק געבראָכן.

מיין קרוב האָט אַלץ פאַר מיר געטאָן. נישט בלויז האָט ער באַצאָלט דעם אַגענט און מיר געקויפט אַ שיפסקאַרטע קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, נאָר ער האָט מיך אויך אויסגעקליידט. איך האָב ווידער געטראָגן אַן אויסגעפּרעסטן אָנצוג און פרישע וועש. אַ געפיל פון אומבאַשרייבלעכער וואַרימקייט און דאַנקבאַרקייט האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב געהאַט אַ געפיל ווי אַ שווערע משא וואָלט פון מיר אַראָפּגעפאַלן. איך האָב מער

נישט געהאַט די באַדערפעניש זיך מקריב צו זיין פאַר עפּעס אַן אַבסטראַק־
טער אידייע, איך האָב מער נישט געקענט און נישט געוואָלט וואָגלען, זיך
שלעפּן איבער תפיסות, קעמפן, שפּילן מיטן טויט. דער פאַרלאַנג נאָך
פּערזענלעך גליק, נאָך רו, האָט מיך אינגאַנצן באַהערשט. איך האָב
געקוקט מיט קינדישער דאַנקבאַרקייט אויף יעדן בוים, אויף יעדן גרעזל,
וואָס איז געוואַקסן אין אַ בלומען־טאָפּ, אויף יעדן קינד, וואָס האָט זיך
געשפּילט פאַר מיין פענצטער. ביינאַכט בין איך געזעסן און האָב אַרויס־
געקוקט צום הימל, וואָס איז געווען באַזייט מיט מיליאַרדן שטערן. וואָס
לענגער איך האָב געקוקט אויף זיי, אַלץ טיפער האָב איך געפילט דאָס
גרויסע גליק פון לעבן, לעבן גלאַט־אַזוי, אַן ווייטע צילן, בלויז צו קענען
אָנקוקן גאָטס וואונדערלעכע נאַטור.

אַ וואָך שפּעטער בין איך איינגעשטיגן אין אַ דאַמפער, וואָס האָט
מיך געזאָלט אָפּפירן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל. וואָס אמת, אויף דער שיף
בין איך געווען אין דער שטענדיקער געפאַר, אַז מען זאָל מיך דערקענען
און אַרעסטירן. איך בין דעריבער די גאַנצע צייט געזעסן אין מיין קאַ־
יוטע, און פלעג זעלטן ווען אַרויסגיין אויפן דעק. בלויז טיילמאָל אינ־
מיטן דער נאַכט, ווען אַלע זיינען געשלאָפן, פלעג איך אַרויסגיין אויפן
דעק כאַפּן פרישע לופט. די קליינע שיף האָט זיך געוויגט און געשאָקלט,
די כוואַליעס פון שוואַרצן ים האָבן זיך אויפגעהויבן שוימיקע, שוואַרץ
אין דער פינצטערניש, ווי צעלאָזענער פעלז, און זיי האָבן געשריען מיט
אַ ווילד שרייעניש, וואָס האָט דערמאָנט אין אוראַלטע צייטן פון בראשית,
ווען די ערד איז נאָך געווען יונג און דער מענטש האָט נאָך נישט באַ־
הערשט איר אויבערפלאַך. איך בין געשטאַנען איינער אַליין אין דער
נאַכט, געקוקט ווייט אַוועק צו דעם אומבאַקאַנטן ברעג, און מיינע געדאַנקען
האָבן געברוישט און געלאָפן צום ריטם פון די כוואַליעס. איך האָב יעדעס
מאָל געפרעגט דאָס אייגענע: וועל איך ווירקלעך אַרויס לעבעדיק פון
רוסלאַנד? וועט נישט אַמאָל עפּעס פּאַסירן די לעצטע מינוט? איז
מיר ווירקלעך נאָך באַשערט צו לעבן? אָפּט האָב איך געהאַט אַ טונקל
געפיל, אַז איך מוז אומקומען, און אַז אַלע מיינע אָנשטרענגונגען זיינען
אומזיסט.

# נ י י  ל ע ב ן

אין איינעם אַ טאָג האָב איך צו מיין גרויס שרעק זיך דערוואוסט, אַז מען האָט געכאַפּט אויף דער שיף צוויי רעוואָלוציאָנערן, זיי דערשאָסן און אַריינגעוואָרפן אין ים אַריין. זינט דעמאָלט האָב איך שוין אינגאַנצן נישט געוואַגט אַרויסצוגיין פון דער קאַיוטע און געשפּילט די ראָל, אַז איך האָב די ים־קראַנקהייט. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַן אומרו, וועלכע איך האָב מיר מער נישט געקענט אויסרעדן. יעדע מינוט האָב איך דער־וואַרט, אַז מען זאָל מיך קומען זוכן אין מיין קאַיוטע און מיך דערשיסן, אָדער גאָר צוריקפירן קיין רוסלאַנד. קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז געוואָרן פאַר מיר אַן אידעאַל, וואָס איך האָב נישט געגלויבט, אַז איך וועל אים דער־גרייכן. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז דער גורל שפּילט מיט מיר אַ טראַגישע שפּיל, פּילט מיך יעדעס מאָל אָן מיט נייע האָפענונגען, מאַכט מיין לאַגע קאָמפּליצירט און געשפּאַנט, כדי איינמאָל פאַר אַלעמאָל מיך צום סוף צו פאַרניכטן. איך האָב ווידער געלעבט צווישן רעזיגנאַציע און האָפענונג, איך האָב ווידער נישט געוואוסט צו וועמען איך געהער: צום טויט, אָדער צום לעבן.

און הינטער מיר האָט זיך אַלץ מער און מער פון מיר דערווייטערט דער ברעג פון רוסלאַנד, דאָס לאַנד, וועגן וועלכן נאַפּאָלעאָן דער ער־שטער האָט נאָך געזאָגט: „פאַר רוסלאַנד דאַרף מען זיך שרעקן מער ווי פאַר אַלע אַנדערע מאַכטן“.

# קאָנסטאַנטינאָפּאָל 1920

אין מיינע אויערן קלינגען נאָך די לעצ־
טע טענער פון דער מאַרסעליעזע. פאַר אונדז איז אָט דער הימן געווען
די סימפאָניע פון לעבן, די ליטורגיע פון דער רעוואָלוציע. אָבער דאָס
אַלץ איז שוין איצט פאַרגאַנגענהייט. איך קען נישט איינהאַלטן דעם
לויף פון דער צייט. זאָלן עס טוען די יעניקע, וואָס גלויבן נישט אין
איר מאַכט. מיינע אידעאַלן האָבן מיך אָפּגענאַרט. אָדער אפשר האָבן
עס געטאָן בלויז די מענטשן? איך האָב נישט געוואָלט וועגן דעם מער
זיך אַריינטראַכטן. פון איצט אָן האָב איך באַשלאָסן צו פירן אַ קאַמף
פאַר מיין אייגענער עקזיסטענץ. ווייטער האָב איך וועגן גאָרנישט גע־
טראַכט. איך האָב געוואָלט האָבן אַ קליין שטיקל פּלאַץ אויף דער ערד
— ווייטער גאָרנישט.

מיט אַזעלכע פעסטע פּרינציפּן האָב איך מיך דערנעענטערט צו קאָנ־
סטאַנטינאָפּאָל און אויפגענומען די ערשטע קאָנטורן פון דער וואונדער־
לעכער שטאָט ביים גילדערנעם האָרן. די שיף איז פאַראַנקערט געוואָרן.
עס איז געווען לייכט אַריבערצולייגן אַ בריק צו דער יבשה, אָבער עס איז
נישט לייכט אָנגעקומען זי אַריבערצוגיין, ווייל די טערקן האָבן געהאַט
קנאַפּע סימפּאַטיעס צו די קאָמוניסטן, און יעדן איינעם, אויף וועלכן עס
איז געפאַלן דער חשד, אַז ער איז אַ רויטער, האָט מען אים נישט אַראָפּ־
געלאָזט אויפן לאַנד. די סצענעס, וואָס עס האָבן זיך דערביי אָפּגעשפּילט,
די טרויעריקע לאַגע פון די יעניקע, וואָס האָבן געמוזט צוריקשווימען
קיין רוסלאַנד כדי דאָרטן אַריינצופאַלן אין די הענט פון שונא, — דאָס
איז אוממעגלעך איבערצוגעבן. איך האָב מורא געהאַט, אַז איך זאָל אויך
נישט האָבן אַן ענלעכן סוף. אָבער גראָד האָב איך מיך דערמאָנט אין
מיין פּאָטערס אַן אינטימען פריינט, וואָס האָט געוואוינט אין קאָנסטאַנטי־
נאָפּאָל, און וואָס האָט דאָרטן געהאַט אַ באַנק. עס איז איינפאַך געווען
אַ נס, וואָס איך האָב מיך דערמאָנט אין אים. ווייל ווי נאָר איך האָב אָנגע־

רופן זיין נאָמען, אַזוי איז די באַציאונג צו מיר געוואָרן גלייך אַן אַנדערע.

נאָך לאַנגע עקזאַמענס און נאָכדעם ווי דער באַנקיר איז געקומען און גאַראַנטירט פאַר מיר, אַז איך בין נישט קיין קאָמוניסט, האָט מען מיך ענדלעך אַראָפּגעלאָזט. דער באַנקיר האָט מיך איינגעלאַדן איך זאָל קומען אין אָוונט אין זיין הויז. באַלד דערנאָך האָט ער זיך מיט מיר געזעגנט, ווייל ער האָט געהאַט צו טאָן אין שטאָט. איך האָב גענומען פּאַמעלעך שפּרייזן איבער דעם טראָטואַר. אַ מאָדנע פרייד האָט מיך אַרומגענומען. איך בין געווען אַ פרייער פויגל. איך האָב געקענט גיין וואו איך האָב געוואָלט, און מער נישט געדאַרפט פאַר קיינעם קיין מורא האָבן. פריער בין איך אַריין אין דער אָרימער געגנט. די גאַסן זיינען געווען ענגע, ברוקירט מיט שטיינער, שמוציק, פול מיט בעטלערס און הענדלערס, מיט אויסגעהונגערטע הינט און צעקאָדלטע קעץ. דער ליאַרם האָט פאַר־טויבט. דאָס האָבן הענדלערס און קרעמערס אויסגערופן זייערע סחורות. מען האָט דאָ געהאַנדלט מיט אַלץ און אַלעמען: מיט פּיפּקעס פון דמשק און מיט האָניק פון אַנגאָרע, מיט אַלערליי שפּייזן און געטראַנקען, מיט סגולות, רפואות, קמיעות, און פּאָרנאָגראַפישע קאַרטן. אָט די אָפּטיילונג פון דער שטאָט האָט זיך גערופן סטאַמבול. אויף דער אַנדערער זייט פון גילדערנעם האָרן האָבן געוואוינט די רייכע, אַ סך אייראָפּייער, און די דיפּלאָמאַטן. דאָרטן איז געווען דער צענטער פון גרויסן האַנדל, און עס האָבן זיך דאָרטן געפונען גרויסע האָטעלן, קלובן, אַלערליי גאַסט־הייזער. ווייטער האָבן זיך געצויגן די קוואַרטאַלן גאַלאַטאַ, טאַטאַאַלאַ, טאַקסים, און פינף מייל ווייטער איז מען אָנגעקומען צו דער זומער־רע־זידענץ פון די „איבערשטע צענטויזנט" — טעראַפּיאַ און ביוקענדיק. די געשעפטן האָבן דאָרטן געהאַט שילדן אין פאַרשיידענע שפּראַכן. עס האָבן זיך דאָ געפונען בולוואַרן און עס האָבן קורסירט טראַמווייען.

איך בין געגאַנגען איבער דעם גאַלאַטאַ־בריק און בין אַריינגעפאַלן אין דער געדיכטקייט פון קאָסמאָפּאָליטישן טערקיי, וואו מען הערט רעדן אַ בבל פון לשונות: רוסיש, דייטש, ענגליש, פראַנצויזיש, אַרמעניש. אַלץ האָט געקלונגען אין מיינע אויערן פרעמד און מאָדנע. אַ שטאַרקן איינדרוק האָבן געמאַכט אויף מיר די מאָשעען, די ברונעמער, די ריזיקע

בעקנס, אין וועלכע מען וואַשט זיך פאַר די תפילות. די מינאַרעטן און קופּאָלן האָבן אָפּגעלויכטן ווייט און קלאָר אין דער בלענדיקער זון. אין די קאַפע־הייזער, וואָס אַ טייל פון זיי האָט זיך געפונען אינדרויסן, אויפן טראָטואַר, זיינען געזעסן מענער, אַ געמיש פון טערקן און איירא־פּייער, און לויט ווי זיי האָבן גערעדט און זיך געקאַכט, איז געווען לייכט צו פאַרשטיין, אַז דאָס פירן זיי הייסע דיסקוסיעס. באַלד האָבן מיך באַ־לאַגערט עטלעכע שוך־פּוצער און יעדער איינער האָט זיך געריסן מיר אָפּצופּוצן די שיך. איך האָב דערפילט, אַז איך בין אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט, וואו מען קלערט בלויז וועגן איין זאַך: ווי אַזוי וואָס מער צו געניסן פון די פאַר יאָר, וואָס גאָט האָט געגעבן.

די באַזאַרן האָבן זיך געפונען אונטער געוועלבונגען, און עס איז אינעווייניק געווען האַלב־פינצטער. אַרום און אַרום האָט געגריבלט און געשוויבלט מיט בעטלערס, אַלערליי קאַליקעס, שלעפּערס. סוחרים האָבן דאָ געשוואוירן ביי דער באָרד פון נביא מחמד, און דערביי גענומען געזאַלצענע פּרייזן. מען האָט דאָ געקענט זען אַ בולגאַרישן פּאָפּ, וואָס האָט דערמאָנט אין רוסלאַנד, אָדער אין אַ האדזשאס. מען האָט געקענט אָנטרעפן אַ דערוויש אָדער אַ צווערוועד, אַלץ טיפּן, וואָס קעמאַל פּאַשאַ האָט שפּעטער גרינטלעך אויסגערוימט.

דאָס רופן פון די טערקישע שמשים אין די געבעט־הייזער, די תפילות — אַלץ האָט געקלונגען אויפן אַלטן שטייגער, ווי אין דער צייט איידער עס איז געקומען צו די רייסענישן צווישן די לעוואַנטינער, אַרמענער און מאַכמעדאַנער. די אַרמענער זיינען כמעט אויסגעראָטן גע־וואָרן דורך פּאָגראָמען. אַמאָל איז דאָ געלעגן די וואונדערלעכע פעסטונג פון אָריענט, דאָ איז געווען די הויפּט־שטאָט פון די אָסמאַנישע סולטאַנען, דאָ האָט זיך אויפגעהאַלטן דער קאַליף, דער כהן־גדול פון אַלע מאַכמע־דאַנער. פון דעם ים־איינגוס רומילי היסטאר ציט זיך ביז צום דאַלמא באַקטשע אַ רייע פון גלענצנדיקע פּאַלאַצן און „יאַליס“, צווישן וועלכע עס רייסן זיך אַריין דאָ און דאָרטן קליינע גריכישע ישובים. די גריכן האָבן שפּעטער כמעט אינגאַנצן פאַרלאָזן דעם ברעג פון פּאָדער־אַזיע און זיך באַזעצט צופוסנס פון אַקראָפּאָליס, אָדער אין סאַלאָניקי.

## קאָנסטאַנטינאָפּאָל 1920

אַמאָל איז דאָס טערקישע פאָלק געווען פאַרשקלאַפט ביי די עבדול־האַמידס און זייער גלייכן. מען האָט נאָך געדענקט אין שטאָט די שחיטות איבער די אַרמענער און די שנעל־געריכטן. איצט איז דאָס לאַנד געשטאַנען אונטער דעם צייכן פון רעפאָרמען, אָבער די שאָטנס פון אַמאָל האָבן זיך נישט געאיילט צו פאַרשווינדן, און מען האָט געמוזט מיט זיי פירן שווערע ביטערע קאַמפן. די געשעענישן אין רוסלאַנד האָבן אויך דאָ געהאַט זייער אָפּקלאַנג.

די לאָגיק האָט דיקטירט, אַז איך זאָל דאָ גלייך אָנהויבן זוכן אַרבעט. איך האָב געמוזט אַרבעטן, ווייל איך האָב געוואָלט לעבן. אָבער איך בין דאָ געווען אַ פרעמדער, איינזאַם און פאַרלאָזן. איך בין געווען מיד פון וואַנדערן. די אוצרות, וועלכע די וואונדערלעכע שטאָט האָט פאַר מיר געעפנט, האָבן מיך אָנגעפילט מיט קנאה. איך האָב מיך דאָ אַרומגעדרייט, צווישן דעם ריזיקן המון, אָן געלט, אָן מיטלען, בלויז פול מיט גרויסער בענקשאַפט. איך בין געווען הונגעריק, ווייל איך האָב פון גאַנץ פרי אָן נישט געהאַט געגעסן, און די לעצטע עטלעכע מטבעות האָב איך געהאַט אויסגעגעבן.

איך האָב מיך דערמאָנט אין מיין באַנקיר, און זיך געפרעגט ווי אַזוי מען גייט צו אים. עס איז מיר נישט אָנגעקומען לייכט זיך צו דערפרעגן, ווייל איך האָב גערעדט בלויז רוסיש. אין רוסלאַנד בין איך געווען זיכער, אַז מיט רוסיש קען מען זיך אומעטום אַן עצה געבן. אָבער עס איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. איך האָב געבלאָנדזשעט, אָפּגעשטעלט מענטשן, געשטאַמלט, געמאַכט מיט די הענט, ווי אַ שטומער, און יעדער איינער האָט מיר, דוכט זיך, געוויזן אַן אַנדער ריכטונג. דערווייל איז געוואָרן אָוונט און טויזנטער לאָמפּן זיינען אָנגעצונדן געוואָרן. עס האָט מיר אויף אַ ווײַלע דערמאָנט אין דעם האַפן פון אָדעס. איך בין געווען מיד, אויסגעמאַטערט, און איך האָב מיך עטלעכע מאָל געמוזט אָפּשטעלן זיך אָפּצורוען.

עס איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט, ווען איך בין אָנגעקומען אין דעם הויז פון דעם באַנקיר. ער האָט מיך אויפגענומען פריינטלעך. ער האָט, אַפּנים, געמיינט, אַז איך האָב מיטגעבראַכט פון רוסלאַנד געלט.

אָבער איך האָב אים נישט געוואָלט אָפּנאַרן און אים גלייך געזאָגט דעם אמת, אַז איך האָב גאָרנישט. איך האָב אים אויך דערציילט מיינע פּאָלי־טישע איבערצייגונגען. ער האָט אויסגעזען צו זיין אַנטוישט, און זיך אָנגערופן:

— איר קענט, נאַטירלעך, ביי מיר איבערנעכטיקן. איך וועל דאָך אייך נישט לאָזן שלאָפן אין גאַס. ווייטער, אָבער, קען איך פאַר אייך גאָרנישט טאָן. מיין וואוינונג איז נישט צוגעפּאַסט פאַר געסט. זי איז צו־קליין. אויסערדעם האָט מיין פרוי נישט ליב קיין געסט...

איך האָב מיך אומגעקוקט און געזען, אַז דער מאַן באַוואוינט וועלכע אַכט הערלעכע צימערן, און דאָס איז נאָך אַלץ ביי אים געווען אַן ענגע דירה... איידער איך בין געגאַנגען שלאָפן האָט ער מיר צוגעזאָגט צו געבן אַן אונטערשטיצונג פון צוואַנציק טערקישע פונט. דערנאָך האָט ער מיך אַריינגעפירט אין מיין צימער און געזאָגט אַ גוטע נאַכט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך בין איינגעשלאָפן מיט אַ שווערן שלאָף.

צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך מיך אַרויסגעלאָזט זוכן עפּעס צו טאָן. אין קעשענע האָב איך געהאַט די אונטערשטיצונג, וועלכע איך האָב אָנגענומען מיט דאַנקבאַרקייט, כאָטש מיט אַ געפיל פון דערנידערונג. דאָס געלט איז קוים געווען גענוג אויף אַ פינף טעג. מער נישט. וואָס האָב איך געזאָלט ווייטער טאָן? קיין אַנדערע באַקאַנטע און פריינט האָב איך דאָ נישט געהאַט. ווען איך וואָלט אפילו געהאַט, וואָלט איך אויך נישט געגאַנגען צו זיי, נאָך דער נישט־פריינטלעכער אויפנאַמע, וואָס איך האָב געהאַט ביי דעם באַנקיר. מיין לאַגע איז געווען אַ טרויעריקע. פונדעסטוועגן האָב איך מיך נאָך אַלץ געטרייסט, וואָס איך בין אַרויס פון רוסלאַנד, און נאָך אַלץ נישט פאַרגעסן, אַז איך דאַרף זיין דאַנקבאַר דעם גורל פאַר דער געוואונענער פרייהייט.

צוויי וואָכן האָב איך אַרומגעבלאָנדזשעט איבער דער שטאָט. ענד־לעך איז דער גורל געוואָרן צו מיר גנעדיק, און איך האָב געפונען אַר־בעט ביי דער אונטערערדישער באַן. איך האָב נישט פאַרדינט אַ סך, אָבער עס איז געווען גענוג צו פירן אַ באַשיידן לעבן. קיין ספּעציעל גרויסע באַדערפענישן האָב איך נישט געהאַט. איך האָב געזוכט געזעל־

## קאָנסטאַנטינאָפּאָל 1920

שאַפט און געמאַכט פּיל באַקאַנטשאַפטן. אַזוי אַרום בין איך ביסלעכווייז גע־קומען צו זיך פון די גרויזאַמע געשעענישן אין רוסלאַנד. איך האָב גע־זוכט צעשטרייאונג. צו קיין ביכער האָב איך איצט נישט געהאַט קיין געדולד. די רעוואָלוציאָנערע ליטעראַטור האָט מיך נישט אינטערעסירט, און אַנדערע נאָך ווייניקער.

ענדלעך האָב איך געפונען, וואָס איך האָב געזוכט. איך האָב געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַ וואונדער־שיין מיידל פון רומעניע, אַ ראַסיקע שיינהייט, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט צוזאַמען מיט די עלטערן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אויפן וועג קיין פּאַלעסטינע. אין דער שטאָט האָט זיך צו יענער צייט געפונען אַ גרויסע צאָל עמיגראַנטן. אַממיינסטן זיינען עס געווען רוסן, מיטגלידער פון הויכן און מיטעלן אַדעל, צווישן זיי אַ סך געוועזענע איינפלוסרייכע אָפיצירן, וואָס זיינען אַנטלאָפן אַהער קוים מיטן לעבן. טייל האָבן מיטגענומען מיט זיך געלט און ווערט־זאַכן. אָבער אַנדערע האָבן זיך געפונען אין אַ צושטאַנד פון נויט און עלנט.

אין איינעם אַ טאָג האָב איך געטראָפן צווישן זיי אַ באַקאַנטן. עס האָט פון אים אַ ווײ געטאָן מיט נאָענקטייט און היימישקייט, און איך האָב מיך שטאַרק דערפרייט מיט אים. איך האָב מיך דערוואוסט פון אים, אַז אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל געפינט זיך נאָך אַ פריינט מיינער, אַ געוויסער יוזשעק. איך בין גלייך צו אים אַריבערגעפאָרן, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט געקענט מיין פאַמיליע, און איך האָב געוואָלט הערן פון אים ווי אַזוי עס האָט פּאַסירט, ווען זיי זיינען אַוועק פון אָדעס, און אַלדאָס איבעריקע. איך בין געפאָרן צו אים מיט אַ שווער האַרץ. ערגעץ וואו האָט אין מיר געטליעט אַ האָפענונג, אַז אפשר איז עמיץ פון מיין פאַמיליע געבליבן לעבן. אָבער יוזשעק האָט נישט געהאַט פאַר מיר קיינע גרוסן. דאַקעגן האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט חתונה־געהאַט, און ער האָט שוין אַ קינד. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געפונען אין זיין פרוי אַן אמתע לעבנס־חברטע. און ער איז פולשטענדיק גליקלעך. זיינע ווערטער האָבן אין מיר דערוועקט אַ שטילע קנאה און אַ בענקשאַפט נאָך פאַמיליען־גליק. אין אַ געוויסן זין איז אָט די בענקשאַפט מיינע גע־

וואָרן מיין פערזענלעכער אידעאַל. מיין פריינט איז געבליבן טריי זיינע רעוואָלוציאָנערע אידייען, און ער האָט דאָ, אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווייטער געפירט פּראָפּאַגאַנדע. ער האָט געהאַט צייט און מעגליכקייטן דערצו, ווייל ער איז געווען עקאָנאָמיש באַזאָרגט.

מאָדנע זיינען די וועגן פון אַ פרוי. נישט לאַנג דערנאָך האָט זיין פרוי געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַ קאָנטר־רעוואָלוציאָנער, און עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז נישט בלויז האָט זי אַוועקגעוואָרפן איר מאַן, נאָר זי האָט אים נאָך געמסרט, אַז ער פירט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל אַ רעוואָלוציאָנערן קרייזל. מיין פריינט האָט גלייך געמוזט אַנטלויפן. דערווייל האָט ער זיך אויסבאַהאַלטן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, ווייל ער האָט נישט געהאַט די נויטיקע פּאַפּירן אַרויסצופאָרן. איך האָב אים אין אָט דער צייט געטראָפן, און עס איז געווען אַ רחמנות אויף אים אַ קוק צו טאָן. ער האָט בשום־אופן נישט געקענט פאַרשטיין, ווי אַזוי ז י י ן פרוי, וועלכער ער איז געווען אַזוי טריי און איבערגעגעבן, האָט אים געקענט אַזוי מיאוס פאַרראַטן: אים, דעם פאָטער פון איר קינד, איר מאַן און געליבטן. איך האָב אים געוואָלט טרייסטן, אָבער ער האָט זיך אָנגערופן:

— דו קענסט מיט דיין שטאַרקער ענערגיע אַלץ איבערקומען. אָבער איך בין צו־שוואַך, און האָב נישט אַזויפיל ווידערשטאַנדס־קראַפט...

איך האָב ווירקלעך געפילט אין מיר אַ סך לעבנס־לוסט. עס איז געווען אַ סיבה דערצו. איך האָב אין מיין פריינדין, ראַכיל, געפונען אַ זייער איבערגעגעבענע פרוי. זי איז געווען אַ וועזן, וואָס האָט אין זיך געהאַט אַלע יענע מעלות, וועלכע איך האָב געזוכט אין אַ פרוי. איך האָב די גאַנצע פרייע צייט פאַרבראַכט מיט איר, און פון איר האָב איך געשעפּט נייעם מוט און נייע האָפענונגען. איך האָב זיך געפילט לעבן איר זיכער.

אין איינעם אַן אָוונט זיינען מיר געזעסן צוזאַמען. אַ קליינע געזעלשאַפט האָט זיך צונויפגענומען אין ראַכילס הויז. מיר האָבן גערעדט, געשמועסט, געלאַכט. פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר און מיין פריינט יוזשעק איז אַריינגעקומען. מיר האָבן אים אויפגענומען האַרציק, ווייל זיין

## קאָנסטאַנטינאָפּאָל 1920

גורל האָט אונדז אַלעמען זייער שטאַרק גערירט און מיר האָבן געהאַט מיט אים אמתע סימפּאַטיע.

עס זיינען נאָך נישט געהאַט אַריבער צען מינוט, ווי מען האָט ווידער אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. ראַכילס מוטער איז געגאַנגען עפענען. פּלוצלונג האָט זי דורך אַ שפּאַלט אין דער טיר דערזען עטלעכע פּאָליציי־לייט. זי האָט זיך, אָבער, נישט פאַרלוירן. זי האָט צו זיי אַ רוף געטאָן, אַז זי גייט נעמען אויף זיך אַ קלייד. דערווייל האָט זי אונדז געגעבן אַ צייכן, אַז מיר זאָלן זיך וואָס־גיכער אָפּטראָגן. מיין פריינט יוזשעק און אײנע, אַ פּאָליטיש־טעטיק מיידל, האָבן גלייך פאַרלאָזן די וואוינונג דורך דער הינטער־טיר. דערנאָך זיינען די פּאָליציי־לייט אַריין און געמאַכט אַ רעוויזיע. זיי האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן באַקומען זיכערע אינ־פאָרמאַציעס, אַז יוזשעק האַלט זיך דאָ אויף. מיר האָבן דאָס, נאַטירלעך, געלייקנט. אָבער פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אויף די טרעפּ אַ שאָס. מיר זיינען אַרויסגעלאָפן צוזאַמען מיט די פּאָליציי־לייט און געפונען יו־זשעקן ליגן אין אַ קאַלוזשע בלוט אויף די טרעפּ.

ער האָט זיך אַליין אַריינגעשאָסן אַ קויל אין קאָפּ. דער שאָס האָט, אָבער, נישט גלייך פאַראורזאַכט דעם טויט. יוזשעק האָט נאָך געלעבט. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַרלאָפענע אויגן און געכאַרכלט.

— זעסטו, דאָס איז דער סוף. עס איז די ענדע פון מיין לעבן און פון מיין ליבע. דו ביסט די לעצטע טעג געווען מיין אייציקער פריינט און האָסט מיך דערמוטיקט... איצט אַז כ'האָב געזען, אַז מען פאַר־פאָלגט מיך נאָך אַלץ און אַז עס איז נישטאָ קיין רעטונג, האָב איך עס מער נישט געקענט אויסהאַלטן...

נאָך אַט די ווערטער האָט ער פאַרלוירן דאָס באַוואוסטזיין, און ער איז מער שוין נישט געקומען צו זיך. ווען עס איז סוף־כל־סוף געקומען אַן אַמבולאַנס, איז ער שוין געווען טויט.

די מוראדיקע טראַגעדיע האָט אין אונדז אַלעמען אַרויסגערופן גרויס צאָרן. די פּאָליציי האָט, נאַטירלעך, געצויגן די קאָנסעקווענצן, און אין אײנעם אַ טאָג האָב איך מיך געמוזט מעלדן אין אַ געוויסן אַמט. איך האָב געזאָגט דעם גאַנצן אמת: אַז איך האָב געקענט יוזשעקן נאָך פון רוס־

לאַנד, אַז זיינע עלטערן האָבן געוואוינט אין שכנות מיט מיינע און אַז איך בין געווען באַפריינדעט מיט אים פון מיין פריער יוגנט אָן. קאָנסטאַנ־טינאָפּאָל איז דעמאָלט נאָך געווען באַזעצט פון ענגלענדער, פראַנצויזן און איטאַליענער. זיי האָבן געהאַט זייערע אַמטן און אפילו געריכטן. דריי טעג האָט מען מיך געמאַטערט מיט אַלערליי פראַגן. דערנאָך האָט מען מיך ענדלעך געלאָזט צורו.

עס האָט מיך שטאַרק פאַרדראָסן, וואָס ראַכילס פאַמיליע האָט אויך געהאַט צוליב מיר צרות פון דער פאָליציי. עס איז געווען פאַר דער משפּחה אַ גרויסער פּיין. מען האָט אויסגעפרעגט סיי די עלטערן, סיי ראַכילן אַליין. זי האָט אָבער אַלץ געטאָן מיך ריינצוואַשן, און איך האָב געהאַט צו איר דעם גרעסטן צוטרוי.

ווי געזאָגט, האָבן מיך פּאָליטישע פראַגן טיילווייז אויפגעהערט צו אינטערעסירן. איך האָב מיר דעמאָלט אַ שבועה געגעבן מער קיינמאָל נישט צו געהערן צו קיין פּאָליטישער פּאַרטיי און נישט אָנטיילצונעמען אין אירע אַרבעטן. זינט דעמאָלט זיינען אַריבער פופצן יאָר און איך האָב געהאַלטן מיין שבועה.

# אויפֿן וועג קיין ירושלים

מיין לעבן האָט איצט געהאַט אַ זין.

איך האָב געהאַט לעבן מיר אַ וועזן, צוליב וועלכן עס האָט גע־לוינט צו לעבן און צו קעמפן. אַזוי ווייניקסטנס האָב איך געגלויבט. אָט דער גלויבן האָט מיך אָנגעפילט מיט פרייד. די וואָכן, וואָס מיר זיינען געווען צוזאַמען, האָבן געהערט צו די גליקלעכסטע. אין איינעם אַ טאָג האָט מיך איבערראַשט די נייעס, אַז ראַכילס פאַמיליע מאַכט פאָרבאַריי־טונגען אַריבערצופאָרן קיין פאַלעסטינע.

אָט דאָס ווייטע לאַנד האָט דעמאָלט נאָך פאַר מיר נישט געהאַט קיין שום רייץ. מיין פאַלעסטינע איז נאָך אַלץ געווען מוטערל רוסלאַנד. איך האָב געהאַט אַ גאַנץ טונקעלע פאָרשטעלונג וועגן דעם „לאַנד פון די אבות".

אין פאַריקן יאָרהונדערט האָט אין רוסלאַנד עקזיסטירט אַ שטאַרקע באַוועגונג פון „חובבי־ציון", און איך האָב געוואוסט וועגן דעם. די ליב־האָבער פון ציון האָבן געהאַט דעם אידעאַל ווידער זיך צו באַזעצן אין ארץ־ישראל. שפּעטער איז געקומען דער ציוניזם, וואָס האָט זיך געשטעלט ברייטערע פּאָליטישע אויפגאַבן, און געהאַט פאַר זיין ציל צו באַזעצן אידן אין ארץ־ישראל אויף אַ ברייטן מאַסשטאַב און צו גרינדן אַ אידישע מלוכה.

ביי ראַכילס עלטערן איז עס געווען אַ חלום זיך צו באַזעצן אין פאַלעסטינע. זיי זיינען געווען מיד פון די רומענישע אַנטיסעמיטן און שאָוויניסטן. פאַר מיר, אָבער, איז די בשורה, אַז זיי וועלן אינגיכן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל, געווען גאָרנישט קיין פריילעכע. עס איז מיר געווען שווער זיך צו שיידן מיט מיין פריינדין.

ראַכיל האָט געפּרוּווט מיך צורעדן, איך זאָל מיט איר מיטפאָרן קיין פאַלעסטינע. דעם אמת געזאָגט, בין איך געווען גרייט דערויף. איך בין געווען גרייט אומעטום איר נאָכצופאָרן, אַבי צו זיין צוזאַמען מיט איר. איך האָב, אָבער, געוואָלט בלייבן עטלעכע מאָנאַטן אין קאָנסטאַנטי־נאָפּאָל, אין צענטער פון דער רוסישער עמיגראַציע, ווייל איך האָב נאָך אַלץ געהאַט אַ שטילע האָפענונג אפשר איז עמיץ איבערגעבליבן פון מיין

פאַמיליע. פאַקטיש זיינען אַריבער פיר יאָר, ביז איך האָב באַקומען זיכערע ידיעות וועגן מיינע אייגענע.

ראַכיל איז געווען צוגעבונדן צו איר פאַמיליע, און עס האָט נישט געקענט זיין קיין רייד וועגן דעם זי זאָל דאָ בלייבן, אין דער צייט, ווען אירע עלטערן פאָרן אָפּ. עס איז אויך געווען אינגאַנצן פאַרשטענדלעך.

צומאָרגנס איז די משפחה אַרויסגעפאָרן צום האַפן און איך האָב זיי באַגלייט. עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז מען קען נישט אָפּפאָרן. די פונקציאָנערן פון פאַלעסטינע־אַמט האָבן דערקלערט, אַז די שיף קען מער נישט אַרייננעמען קיין פאַסאַזשירן, און ראַכיל מיט איר פאַמיליע, צוזאַמען מיט נאָך צוויי הונדערט און דרייסיק עמיגראַנטן, האָבן געמוזט בלייבן און אָפּוואַרטן ביז עס וועט אָפּגיין אַן אַנדערע שיף. איך האָב מיך שטאַרק געפרייט און מיך קוים איינגעהאַלטן נישט צו טאַנצן פון גליק, ווייל דאָס געזעגענען זיך מיט ראַכילן איז מיר אָנגעקומען זייער שווער.

אַכט טעג בין איך געווען מיט זיי צוזאַמען. ראַכיל און איר פאַמיליע האָבן מיך שטאַרק צוגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן קיין פאַלעסטינע און דאָרטן אָנהויבן אַ ניי לעבן. עס איז מיר שווער אָנגעקומען צו מאַכן אַזאַ צוזאָג, ווייל דאָס גאַנצע פאַלעסטינישע פּראָבלעם איז מיר געווען זייער ווייט. איך האָב נישט געקענט באַגרייפן די מעגלעכקייט, אַז די לייזונג פון דער אידן־פראַגע זאָל קומען דורך פאַלעסטינע.

דאָך האָב איך ביסלעכווייז אָנגעהויבן זיך מער צו אינ־טערעסירן מיט אידישקייט און מיט אַלע אידישע פּראָבלעמען. איך האָב אָנגעהויבן איינצוזען אַז דאָס אידישע פאָלק פירט אַ קאַמף פאַר זיין אָדער נישט זיין. אין אַ סך לענדער ווערן אידן פאַרפאָלגט, באַליידיקט, עקאָנאָמיש אַרויסגעשטויסן. די צאָל פון די נישט־אידן, וואָס נעמען זיך אָן די אידישע עוולה, איז קליין. אידן אַליין זיינען געטיילט אין אַלערליי פּאַרטייען, קרייזלעך, און עס פעלט יענער געמיינזאַמער נאַציאָנאַלער אידעאַל, וואָס בלויז ער אַליין קען געבן אַ פאָלק די מעגלעכקייט צו עקזיסטירן און צו שאַפן. איך האָב געפילט, אַז דאָס בעסטע, וואָס איך קען איצט טאָן, איז זיך צו ווידמען דעם אידישן פאָלק. פאַלעסטינע דאַרף צו האָבן מענער מיט קרעפטיקע, אַרבעטזאַמע הענט. דאָס לאַנד דאַרף

האָבן סאָלדאַטן, וואָס זאָלן עס פּאַרטיידיקן. דעריבער האָב איך מיך נאָך לאַנגע קווענקלענישן אַנטשלאָסן צו פאָרן מיט ראַכילן און איר פאַמיליע. נאָך אַלעמען, האָב איך אויסער איר אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל קיינעם נישט געהאַט. די שענסטע גלענצנדיקסטע לאָקאַלן האָבן מיר נישט געקענט פאַרטרעטן די נאָענטקייט פון אַ היים.

נאָך אַ וואָך האָב איך געבראַכט מיינע פּאַפּירן אין אָרדענונג. דער־נאָך בין איך צוזאַמען מיט דער משפּחה איינגעשטיגן אין דער שיף „טרואַווער". עס איז געווען אַ קליינע שיף, וואָס האָט געקענט אַריינעמען בלויז עטלעכע הונדערט מענטשן. דער וועג קיין יפו האָט געזאָלט דויערן בלויז פיר טעג. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן אָט די ווייניקע טעג, ווען מען גרייט זיך אָנצוהויבן אַ ניי לעבן אויף אַ נייעם באָדן! נייע מענטשן האָבן זיך געצויגן צו אַן אַלט־ניי לאַנד, וואָס איז גערירשנט גע־וואָרן פון די אבות און באַזעצט געוואָרן דורך אייגענע ברידער.

איך האָב אַ סך אַוואַנטוריסטישע נסיעות געמאַכט אין משך פון די לעצטע יאָרן. אָבער די נסיעה קיין פּאַלעסטינע האָט איבערגעטראָפן אַלע פריערדיקע. איך בין נישט געפאָרן קיין פּאַלעסטינע אויסשליסלעך צוליב געהויבענע אידעאַלן, ווי די חלוצים, וואָס זיינען געקומען ווערן די פּיאָ־נערן פון אידישן אויפבוי. איך בין געפאָרן צוליב אַ מיידל, און מיין ציל איז געווען צו געניסן פון אַ פרידלעכער היים. איך האָב, אָבער, צוגעזען די באַגייסטערונג פון די חלוצים און פון די הייסע ציוניסטן, וואָס זיינען געפאָרן קיין פּאַלעסטינע פול מיט ליבע צו דער ערד, וואָס זיי האָבן ביז איצט נאָך קיינמאָל נישט געזען, און אָט דער ענטוזיאַזם האָט מיך אויך אָנגעשטעקט. איך בין ביז איצט געווען אַן אינטערנאַציאָנאַליסט, ווייל דער רוסישער נאַציאָנאַליזם איז מיר פאָרגעקומען צו־ענג. אָבער ביסלעכווייז האָב איך מיך אָנגעהויבן אַריינצולעבן אין דעם אידישן נאַ־ציאָנאַליזם.

די נסיעה איז ווייט נישט דורכגעגאַנגען גלאַטיק. עס האָט אויס־געבראָכן אַ שטורם, דער ים האָט זיך צעבונטעוועט, מעכטיקע כוואַליעס האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדזער קליינער שיף, וואָס איז נישט געווען צוגעגרייט צו קיין שטורעמס. די פיר טעג זיינען שוין געווען אַריבער,

און מיר האָבן זיך נאָך אַלץ געפונען אינמיטן ים. די קליינע שיף האָט זיך געוואָרפן, די כוואַליעס האָבן געקנאַקט אין אירע ווענט, ווי מיט ריזיקע האַמערס, און דער קאַפּיטאַן, אַן אמתער ים־בער, האָט נישט געמאַכט קיין סוד וועגן דער לאַגע. ער האָט אונדז געלאָזט וויסן, אַז מיר דאַרפן זיין גרייט אויף אַלעמען, ווייל דאָס וואַסער האָט שוין אָנגעהויבן אַריינ־צודרינגען אין דער שיף. ווייבער און קינדער האָבן געשריען. מענער האָבן געוויינט און זיך געזעגנט איינער מיט דעם אַנדערן. וואָס שייך מיר, האָב איך שוין נישט איינמאָל געהאַט געקוקט דעם טויט גלייך אין די אויגן אַריין. איך בין דעריבער געווען פולשטענדיק רואיק. איך האָב געטאָן אַלדאָס מעגלעכעס צו באַרואיקן ראַכילן און אירע עלטערן. אָבער דער גורל איז געווען צו אונדז גנעדיקער, ווי מיר האָבן דערוואַרט, אָדער אפשר האָט דער שיקזאַל מיר נישט געוואָלט פאַרשפּאָרן די ליידן, וואָס האָבן נאָך געדאַרפט קומען אין דער צוקונפט. מיר האָבן אָנגעטראָפן אַ פראַנצויזישע שיף, פון וועלכער מען האָט דערזען אין וואָסער לאַגע מיר געפינען זיך. די פראַנצויזישע שיף האָט אונדז אויפגענומען צו זיך און אָפּגעפירט קיין יפו. ווען דער עולם האָט דערזען לאַנד, האָט ער זיך ווידער באַרואיקט. די ים־קראַנקהייט, פון וועלכער כמעט אַלע האָבן גע־ליטן, האָט ביסלעכווייז אָפּגעלאָזט. אָבער לאַנדן האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געקענט, ווייל די כוואַליעס זיינען געווען זייער גרויסע. יפו האָט, ווי באַקאַנט, דעמאָלט נישט געהאַט קיין האַפן, און דאָס צופאָרן צום ברעג מיט קליינע שיפלעך, איז געווען זייער געפערלעך. נאָך לאַנגע רייד און טענות, איז אונדזער שיף אַוועקגעשוואומען קיין אַלעקסאַנדריע, אין עגיפּטן, פון וואַנען מיר האָבן געקענט צוריקפאָרן קיין יפו מיט דער באַן.

אַלעקסאַנדריע האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיקן איינדרוק. מיר האָבן צוזאַמען, איך און ראַכיל, געמאַכט אַ שפּאַציר דורך דער שטאָט און אַרום דעם האַפן. אומעטום האָט זיך געוואָרפן אין די אויגן די פּיל־פאַרביקייט פון עגיפּטן. עס איז גאָר קיין וואונדער נישט, וואָס ווען די אידן זיינען אַרויסגעגאַנגען פון מצרים, זיינען אַ טייל דאָרטן פאַרבליבן, און די איבעריקע, וואָס האָבן געוואַנדערט איבער דער מדבר, האָבן גע־בענקט צוריק צו דעם לאַנד, פון וועלכן מען האָט זיי אַרויסגעפירט.



די פורים־פייערונגען אין תל־אָביב.

# אויפן וועג קיין ירושלים

איך בין געווען פול מיט ליבע צו מיין באַגלייטערין, און מיר האָבן נישט אויפגעהערט צו מאַכן פּלענער פאַר דער צוקונפט. פּלענער זיינען אַלעמאָל שיין, אפשר דערפאַר, ווייל זיי ווערן זעלטן־ווען פאַר־ווירקלעכט. אָבער עס איז שוין אין דער נאַטור פון פאַרליבטע אַלעמאָל צו זען די צוקונפט אין רייכע פאַרבן, אין אַזעלכע, וואָס האָבן מיט דער ווירקלעכקייט ווייניק־וואָס צו טאָן. וואָלטן די געליבטע געזען פאַראויס די גרויע ווירקלעכקייט, וואָלטן זיי זיך נישט געליבט, נאָר, גיכער זיך געהאַסט. מיר האָבן געחלומט, ווי אַלע יענע, וואָס זיינען געפאָרן קיין פּאַלעסטינע, וועגן אַן אייגענער היים, ווי מיר האָבן דאָס געזען אויף די בילדער, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט מערב־אייראָפּייאישע אַרבעטער־פאַ־מיליעס.

מיר האָבן גענומען דעם שנעל־צוג קיין יפו. צומאָרגנס גאַנץ פרי זיינען מיר אָנגעקומען קיין יפו, און מיר זיינען גלייך אַוועק אין בית־החלוץ, וואוהין די ניי־אָנגעקומענע עמיגראַנטן פלעגן פאַרפאָרן און דאָרטן באַ־קומען די ערשטע הילף. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אונדז האַרציק אויפגענומען אויף דעם אידישן באָדן, און מיר האָבן זיך דאָרטן געקענט אָפּרוען נאָך דער שווערער נסיעה. מיר האָבן געמאַכט אַ שפּאַציר איבער יפו, וואָס איז געווען דורך־און־דורך אַראַביש. שפּעטער האָבן מיר באַזוכט די ערשטע אידישע שטאָט תל־אביב, וואָס האָט זיך געפונען אינגאַנצן אַנדערהאַלבן קילאָמעטער ווייט פון יפו. יפו האָט אויף אונדז געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ שטאָט, וואָס איז געבויט געוואָרן מיט טויזנט יאָר צוריק. די אַראַבער האָבן זיך דאָרטן אַרומגעשלעפּט שמוציקע און באַ־וואָקסענע. זייער דערשיינונג האָט אַרויסגערופן קנאַפּן צוטרוי.

די גאַסן פון יפו זיינען געווען פּרימיטיוו. אין אַלע זייטן האָבן מיר געזען די פּראָדוקטן פון דער געגנט: פּאָמעראַנצן, טייטלען, פייגן, באַ־נאַנען, ציטרינען, פּאָמידאָרן, אוגערקעס, רעטעך, אַזוי אַז עס האָט אונדז געוואָסערט אין מויל. מיר האָבן אויך געזען די ווילדע סאבראַ־פרוכטן, וואָס אַראַבער עסן זייער גערן, כאָטש זיי זיינען נישט געשמאַק פאַר אַן אייראָפּייאישן גומען.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

דאָס אַראַבערטום האָט געאָטעמט מיט אַ גאַנץ אַנדער׳ער לופט. עס איז געווען צו דערקענען אַז זיי געפינען זיך צווישן צוויי קעגנגעזעצטע קולטורן: דער מזרח און דער מערב. מיט זיי האָבן מיר געזאָלט טיילן אונדזער גורל. צי מיר ווילן יאָ אָדער נישט — וועלן מיר מוזן לער׳נען זייער שפּראַך און זיך באַמיען צו פאַרשטיין זייער פּסיכיק.

דערווייל זיינען מיר אַוועק קיין תּל־אָביב, די שטאָט, וואָס אידישע פּיאָנערן האָבן אויסגעבויט מיט זייערע הענט, און וואָס איז אין אַ געוויסן זין דער סימבאָל פון אונדזער׳ נייַ־אויפגעוואַכטער נאַציאָנאַלער ענערגיע. צו יענער צייט, אין יאָר 1921, איז תּל־אָביב נאָך געווען אַ קליין שטעטל, פון בערך אַכט אָדער צען טויזנט איינוואוינער. מען האָט, אָבער, גלייך דערפילט, אַז די שטאָט איז נישט פאַרענדיקט, און אַז דאָס בויען הויבט זיך ערשט אָן. איין גאַס האָט געהייסן „רחוב הערצל״, אויף דעם נאָמען פון דעם גרויסן פירער, ד״ר. טעאָדאָר הערצל, דעם באַגרינדער פון פּאָ־ליטישן ציוניזם. די האַנדל־גאַס האָט געהייסן נחלת־בנימין. דער פּאַרק איז אויך געווען אויף הערצלס נאָמען. אין דער אַלענביי־גאַס זיינען דעמאָלט געשטאַנען בלויז עטלעכע הייזער. ווייטער האָבן זיך געצויגן עטלעכע זייַ־טיקע געסלעך: נוה־צדק, רחוב רוקח און נאָך עטלעכע. דאָס איז געווען גאַנץ תּל־אָביב. אַרום זיינען געלעגן בערגלעך זאַמד.

היינט ציען זיך איבער דער שטאָט הערלעכע ברייטע גוט־אַספּאַל־טירטע גאַסן, און עטלעכע אויטאָבוס־ליניעס פירן פון איין געגנט אין דער אַנדערער. מען זעט אויך אַ סך פּריוואַטע לוקסוס־אויטאָמאָבילן. יעדעס שטיקל באָדן איז פאַרבויט. די הייזער הויבן זיך אויף אַלץ העכער און העכער, ווייל דער פּרייז פון פּלאַץ איז געשטיגן אומגעהויער׳ גרויס. היינט איז תּל־אָביב אַ לעגענדע פון שטיין, בעטאָן און מאַרמאָר, מיט גרויסע קאַפע־הייזער און געשעפטן, מיט פאַבריקן און שולן. דער וואוקס פון דער שטאָט גייט מיט אַן אַמעריקאַנישן טעמפּאָ. אין משך פון צען יאָר איז די שטאָט זיך פאַנאַנדערגעוואָקסן אַכט און צען־מאָל אַזויפיל. אין חיפה און אין ירושלים זיינען אַנטשטאַנען נייע קוואַרטאַלן, וואָס קאָנקורירן מיט תּל־אָביב.

אין אָט דער שטאָט האָב איך געזאָלט פאַרברענגען מיין לעבן. דאָ

# אויפן וועג קיין ירושלים

האָב איך מיר געזאָלט אויפבויען אַ נייע עקזיסטענץ. איז דאָס מעגלעך געווען, אַז איך, דער אינטערנאַציאָנאַליסט, זאָל דאָ אָנהויבן פירן אַ נאַציאָנאַל אידיש לעבן ? איז דאָס נישט געווען אַ שווערער נסיון ? עס איז שווער איבער־נאַכט זיך אָפּצושאָקלען פון די אַלטע איבערצייגונגען און געוואוינהייטן. פונדעסטוועגן האָב איך באַלד אין אָנהויב מיר פאָרגענומען צו טאָן אַלדאָס מעגלעכעס צו ווערן אַ טרייער בירגער פון אָט דער נייער מלוכה, צו ווייזן דער נישט־אידישער וועלט, אַז מיר קענען מיט אונדזער אידעאַליזם אויפבויען אַ מוסטער־לאַנד, אַז מיר זיינען נישט קיין דעסטרוקטיווע עלעמענטן, נאָר מענטשן, וואָס האָבן די פולשטענדיקע רעכט צו לעבן ווי פול־באַרעכטיקטע בירגער.

נאָך עטלעכע טעג בין איך געוואָרן באַפריינדעט מיט דעם דירעקטאָר פון דער עקספּרעס־„המעביר”־געזעלשאַפט. זיין נאָמען איז געווען גוריי, און ער האָט געמאַכט אויף מיר אַן איינדרוק פון אַ העכסט־סימפּאַטישן מענטשן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אונדזער פריינטשאַפט האָט אָנגענומען האַרציקע פאָרמען. איך האָב אים אויך אָנפאַרטרויט מיין עקאָנאָמישע לאַגע.

איך האָב געוואָלט מיך נעמען צו עפּעס, אָבער עס איז נישט אָנגעקומען אַזוי לייכט. דאָס לאַנד איז נאָך געווען ווייניק קולטיווירט, און די אויפנאַמס־פעיאיקייט — זייער אַ קליינע. מיין פריינט האָט לאַנג געטראַכט און געזוכט פאַר מיינעטוועגן עפּעס אַ באַשעפטיקונג. עס האָט זיך דערווייל נישט אויסגעפונען עפּעס בעסערס ווי אַ פּאָסטן פון אַ שומר ביי האָלץ־לאָדונגען לעבן ים. איך האָב גלייך אָנגענומען די שטעלע און געוואָרן אַ וועכטער ביי האָלץ לעבן ברעג ים. גראָד מיט עטלעכע טעג צוריק האָבן שיפן אַהער אָנגעבראַכט אַ סך האָלץ־לאָדונגען.

עס איז געווען ווינטער און איך האָב געדאַרפט היטן ביינאַכט. קיין שניי איז, אמת, נישט געפאַלן, אָבער עס האָבן געגאָסן שטאַרקע רעגנס און עס האָבן געבלאָזן קאַלטע שניידנדיקע ווינטן. נישט ווייט פון מיין פּאָסטן האָט זיך געפונען אַ מוסולמענישער בית־עולם. איך האָב מיך אַרומגעדרייט מיט דער ביקס אויף דער פּלייצע אַהין־און־צוריק, גלייך איך וואָלט געהיט נישט אַ לאָדונג האָלץ, נאָר דעם בוקינגהאַם־פּאַלאַץ אין

לאָנדאָן. קורץ נאָך האַלבער נאַכט האָב איך פאַרנומען מאָדנע געשרייען, גלייך ווי אַ קליין קינד וואָלט געוויינט און זיך געריסן. איך בין נאָכגע־גאַנגען דער ריכטונג, פון וואַנען די קולות זיינען געקומען, און זיך פלוצלונג אָנגעטראָפן מיט צוויי פייערדיקע אויגן, וואָס זיינען געווען געווענדט גלייך קעגן מיר. איך בין פון נאַטור נישט קיין שרעקעדיקער. אָבער ווען איך האָב גלייכצייטיק דערזען, אַז איך געפין זיך אויף אַ בית־עולם, איז מיר געוואָרן אומהיימלעך. אָבער ווי עס פּאַסט פאַר אַן אויס־געדינטן סאָלדאַט, האָב איך מיך נישט גערירט פון אָרט און געוואָלט אומבאַדינגט דערגיין וואָס דאָס באַדייט. איך האָב מיך עטוואָס אומגעקערט אויף צוריק, און מיט מיין פייפל געגעבן עטלעכע סיגנאַל־רופן צו די איבעריקע שומרים, וואָס האָבן געהיט אַביסל ווייטער. עס זיינען גלייך אָנגעקומען צוויי פון מיינע קאָלעגן, יונגעלייט, וואָס פריער זיינען זיי געווען סטודענטן, אינטעלעקטועלן, און אין פּאַלעסטינע זיינען זיי געוואָרן שומרים. ווען איך האָב זיי דערציילט, וואָס איך האָב געזען, האָבן זיי זיך הויך צעלאַכט. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז געווען נישט מער ווי דאָס הוילן פון אַ שאַקאַל, וואָס האָט געהאַט אַזאַ ווירקונג אויף מיינע נערוון.

אַזוי אַרום איז אַריבער אַ גאַנצער מאָנאַט. אָבער עס איז מיר נאָך אַלץ שווער געווען זיך צוזוגעוואוינען צו מיין נייער לאַגע. די שרעק־לעכע איינזאַמקייט פון דער נאַכט האָט אין מיר אַרויסגערופן די אומהיימ־לעכסטע געדאַנקען. עס איז נישט פאַראַן עפּעס ערגערס פאַר נערוועזע מענטשן ווי צו בלייבן אַליין מיט זיך און מיט די אייגענע געדאַנקען אין אַ פעך־שוואַרצער נאַכט. אַלע טראַגישע בילדער פון מיין פאַרגאַנגענהייט האָבן אויפגעטויכט פאַר מיין פאַנטאַזיע, און אַרויסגערופן אין מיר אומרו און טרויער.

איך האָב דעריבער אָנגעהויבן צו זוכן אַן אַנדערע באַשעפטיקונג, וואָס זאָל מיך מער צופרידנשטעלן. איך האָב גראָד געהערט, אַז אין פּתח־תקוה איז געגרינדעט געוואָרן אַ קבוצה, מיטן נאָמען „קדימה“, אַ פּלאַץ, וואו מען קען געפינען אַרבעט. די קבוצה איז, ווי אַלע קבוצות, געווען געגרינדעט אויף סאָציאַליסטישע יסודות. די הכנסה איז אַריינגע־

# אויפן וועג קיין ירושלים

קומען אין איין קאַסע, און איז צעטיילט געוואָרן לויט יעדנס באַדער־פעניש. ווי אַ מענטש מיט סאָציאַליסטישע איבערצייגונגען, האָט מיר אַזאַ מין צוזאַמענלעבן געמוזט געפעלן ווערן. די אַרבעטן זיינען דאָרטן געווען שווערע. מען האָט געדאַרפט מאַכן פרוכטבאַר ערד, וואָס איז זינט לאַנגע דורות געווען פאַרנאַכלעסיקט, פול מיט שטיינער. אָבער די אַרבעט האָט מיך פאַרבונדן מיט אָט דעם שטיינערנעם באָדן, וואָס איז מיר מיט דער צייט געוואָרן נעענטער ווי פריער רוסלאַנד. דער באָדן האָט גע־אָטעמט מיט היץ, האָט געשטעלט אַ ווידערשטאַנד קעגן יעדער לאָפּעטע ערד, וואָס מען האָט פון אים אַרויסגעגראָבן, און אויף די האַנט־פלאַכן זיינען אַנטשטאַנען בלאָזן, וואָס זיינען דערנאָך געוואָרן מאַזאָליעס. איך בין געווען שטאָלץ אויף מיינע ברוין־אָפּגעברענטע הענט.

עס זיינען געווען צווישן די חלוצים אַ סך, וואָס האָבן קיינמאָל נישט געוואוסט פון קיין פיזישער אָנגעשטרענגטער אַרבעט. אָבער זיי זיינען געווען באַגייסטערט פון אַ וואונדערבאַרער ליבע צום אידישן פאָלק און צו דער אידישער ערד, און זיי האָבן זיך נישט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום קרבן. אָפט האָבן די מאָסקיטאָס און די זומפּן פאַראורזאַכט מאַלאַריע, און אַ סך פיאָנערן זיינען אומגעקומען מיט אַ העלדישן טויט. אָבער די ענערגיע פון די אַנדערע איז דערפון געוואָרן נישט קלענער, נאָר גרעסער.

זיי האָבן געבויט גאַסן און אַרויסגעכישופט פלאַנצן פון דעם שטיי־נערנעם באָדן. זיי האָבן אַרויסגעבראַכט אַ מזל־ברכה פון אָן ערד, וואָס האָט ביז איצט גאָרנישט געגעבן אויסער דערנער. אין דער צייט, ווען אייראָפּע האָט אָנגעטרונקען איר ערד מיט דעם בלוט פון אירע בעסטע זין, האָבן מיר אין פאַלעסטינע באַוואָסערט די ערד מיט אונדזער שווייס. מיר האָבן געפירט אַ קאַמף נישט קעגן ברידער, נאָר קעגן שעדלעכע אינזעקטן, קעגן פאַרעקשנטע פעלזן. אונדזער קאַמף איז געווען אַ שווערער, אָבער מיר האָבן אַ סך דערגרייכט. מיר זיינען געווען פאַראייניקט און קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז:

דער קאַמף פאַר דעם באָדן און פאַר דער קולטור טאָר נישט אויפ־הערן.

# אידן און אַראַבער

דעם ערשטן מאַי 1921, אַרום צוועלף אַזייגער נאָכמיטאָג, האָט זיך איבער יפו און תל־אביב פאַרשפּרייט, ווי אַ בליץ, די ידיעה, אַז פאַנאַטישע אַראַבער, וואָס זיינען אָנגערייצט געוואָרן דורך דעם מופטי און אַנדערע העצער, זיינען באַפאַלן דאָס בית־החלוץ אין יפו, וואו מען האָט אויפגענומען אידישע עמיגראַנטן, און אַלעמען אויסגעקוילעט. באַלד זיינען די אויפגעהעצטע אַראַבער באַפאַלן אידישע פאַרבייגייער אין די גאַסן, און געהרגעט דאָס רוב אַלטע לייט און קינדער, וואָס קענען נישט שטעלן קיין ווידערשטאַנד. פּונקט אַזוי מערדערלעך זיינען זיי זיך באַגאַנגען מיט פרויען. מען האָט זיך געקענט ריכטן, אַז די מאַנדאַטן־מאַכט וועט שטעלן דעם געהעריקן ווידערשטאַנד, אָבער פאַקטיש האָט זי זיך כמעט ווי נישט וויסנדיק געמאַכט. מיר, אידן, האָבן דעריבער גלייך געמוזט גרינדן אַ זעלבסט־שוץ, און עס איז געווען פאַר מיר אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך, אַז איך, אַ מענטש מיט מיליטערישער דערפאַרונג, זאָל דאָרטן אַריינטרעטן. וואָלטן מיר נישט געווען זיך באַשיצט, וואָלטן מיר געוועון אינגאַנצן פאַרלוירן דעם אידישן קוואַרטאַל נוה־שלום. דער ווידערשטאַנד, וועלכן מיר האָבן געשטעלט, האָט די אַראַבער איבערראַשט. זיי האָבן זיך אויף עפּעס אַזוינס נישט געריכט.

באַלד זיינען די אַראַבער באַפאַלן דעם וואַרשעווער קוואַרטאַל ביי יפו. דאָרטן האָט זיך געפונען מיין פריינט יוסף חיים ברענער, דער באַרימטער העברייאישער שריפטשטעלער. דאָס ביסל חלוצים, וואָס זיינען דאָרטן געווען, האָבן געפירט אַ העלדישן קאַמף, אָבער זיי זיינען געווען צו־קליין אין צאָל. אידן, וואָס זיינען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד צוליב די פּאָגראָמען, זיינען אומגעקומען אין ארץ־ישראל דורך די מערדערישע הענט. י. ח. ברענער האָט גלייך דערזען די געפאַר און גענומען געווער. אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט, ווייל די מערדער האָבן אַלעמען אַרומגערינגלט. אַ חלוץ, וועלכן עס איז געלונגען צו אַנטלויפן, האָט אונדז געבראַכט די

# אידן און אַראַבער

שרעקלעכע בשורה. מיר האָבן גלייך געאײַלט אַהין און מיר זיינען אויפ־גענומען געוואָרן מיט אַ האָגל פון קוילן. כאָטש מיר האָבן געהאַט קרבנות, זיינען מיר נישט אָפּגעשראָקן געוואָרן. טריט ביי טריט האָבן מיר צוריק־געשטויסן די אַראַבער, ביז מיר זיינען צוגעקומען צום דעם הויף פון די „וואַרשעווער היימען", וואו ברענער האָט זיך געפונען. אָבער עס איז געווען צו־שפּעט, ווייל גראָד, ווען מיר האָבן געאײַלט אים צו ראַטעווען, האָט געטראָפן אַ קויל אין זיין גרויס אידיש האַרץ. ער איז באַלד דערנאָך געשטאָרבן אין מיינע אָרעמס. ברענערס טויט האָט אין אונדז אַרויסגע־רופן אַ טיפן אַנטשלוס צו קעמפן מיט די שונאים אָן רחמנות. אונדזער לאָזונג איז געוואָרן „בלוט פאַר בלוט". אין די וואַרשעווער הייזער, אין דעם היינטיקן „גבעת־ברענער", זיינען געפאַלן פיל טויטע און פאַרוואונ־דעטע. אַ גאַנצע נאַכט האָט געדויערט דער פאַרביטערטער קאַמף, און איך בין פאַרוואונדעט געוואָרן. ערשט אין פרימאָרגן איז אָנגעקומען מיליטער. די פאַרוואונדעטע, צווישן וועלכע איך בין אויך געווען, האָט מען אַריבערגעטראָגן אין דער הערצל־גימנאַזיע, ווייל אין שפּיטאָל זיינען מער נישט געווען קיין בעטן. אין דער מתים־שטוב פון שפּיטאָל זיינען געלעגן איבער צוויי הונדערט געפאַלענע. די צאָל פאַרוואונדעטע איז אָפּיציעל געווען פיר הונדערט און פופציק, שוין נישט רעדנדיק וועגן יענע, וואָס האָבן באַקומען פּריוואַטע הילף.

איך בין געלעגן אין שפּיטאָל צוזאַמען מיט די איבעריקע קראַנקע און איך האָב געפילט אַ שטאַרקע באַפרידיקונג, וואָס דאָ אין פּאַלעסטינע שטעלן מיר אידן אַ ווידערשטאַנד און יעדער אָנפאַל אויף אונדז קאָסט דעם שונא בלוט. די אידישע באַפעלקערונג האָט אונדז באַטראַכט פאַר העלדן. אַלטע אידן זיינען געקומען אין גימנאַזיע אַריין, אונדז געבענטשט און פאַרגאָסן טרערן. עס זיינען געווען יענע אידן, וואָס זיינען געקומען אין לאַנד אַריין שטאַרבן, און דאָ, אין לאַנד, האָבן זיי זיך אָנגעשטעקט מיט דעם לעבעדיקן גייסט, וועלכן עס האָבן מיט זיך געבראַכט די חלוצים.

ווען איך האָב זיך אויפגעכאַפּט נאָך דער ערשטער הילף, וואָס איך האָב באַקומען, האָב איך דערזען ביי מיין בעט ראַכילן. זי האָט געוויינט און מיך געקושט. זי און איר פאַמיליע האָבן מיך שוין געהאַט געזוכט

צווישן די טויטע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געקראָגן אַ קויל אין אָרעם, און אַז זי האָט דורכגעהאַקט דעם ביין. איך האָב באַקומען שרעקלעכע ווייטיקן. מען האָט מיך געמוזט אַריבערפירן אין שפּיטאָל. איך האָב אויך געהאַט באַקומען אַ קויל אין פוס. איך בין אָפּגעלעגן אין שפּיטאָל דריי וואָכן, און ערשט דערנאָך האָט מען מיך אַרויסגעלאָזט.

די לאַגע פון די יעניקע, וואָס האָבן געליטן פון די רויבערייען, און די פאַמיליעס, וועמענס באַזאָרגער זיינען דערמאָרדעט געוואָרן, איז געווען אַ שרעקלעכע. מען האָט גלייך געמוזט עפּעס טאָן. עס איז איבעריק צו זאָגן, אַז די אידן פון דער גאַנצער וועלט האָבן אונדז אַרויסגעוויזן די גרעסטע סימפּאַטיע. אָבער עס איז נישט געווען אַזוי לייכט צו געבן הילף אַלעמען. אין פּאַלעסטינע, ווי אין אַלע לענדער און צווישן אַלע אַנדערע פעלקער, האָבן זיך געפונען גענוג ענג־האַרציקע מענטשן, אײַבערהויפּט צווישן די אָרטיקע רעדלפירער, די קליינע פּאָליטיקער, און זיי האָבן אונדז פיל געשטערט. עס איז דעריבער נויטיק געווען צו גרינדן אַ ספּעציעלן הילף־קאָמיטעט פון מענטשן, וואָס האָבן אַליין אָנטייל גענומען אין דער פאַרטיידיקונג, און וואָס די לאַגע פון די געליטענע איז זיי בעענטער געווען. דאָקטאָר זאַלאָטשיסטי, קליבאַנאָוו, פעכטער און איך האָבן געהערט צו דעם קאָמיטעט. נאָך אַ סך מי און מאַטעריעלע האָבן מיר די זאַמלונגען געבראַכט צו אַזאַ מדרגה, אַז מיר זיינען געווען אין דער לאַגע קיינעם נישט אָפּצוזאָגן קיין הילף. נאָכדעם ווי אונדזערע מיטלען זיינען געוואָרן אויסגעשעפּט, האָבן מיר אויף אַ זיצונג באַשלאָסן זיך צו ווענדן צום הויף־קאָמיסאַר פון פּאַלעסטינע. ליובאַרסקי איז געווען דער סעקרעטאַר פון אונדזער קאָמיטעט, איך — דער פּרעזידענט. מיר זיינען ביידע גלייך אַריבערגעפאָרן קיין ירושלים און געבעטן אַן אוידיענץ ביי סיר הערבערט סעמיועל. מיר זיינען נישט געווען אַליין. צוזאַמען מיט אונדז זיינען געקומען דער רב־הכולל פון ירושלים הרב קוק, בן־צבי, און נאָך אַנדערע. די אויפנאַמע האָט געדויערט גענוג לאַנג און סיר הערבערט סעמיועל האָט זיך באַצויגן צו אונדז זייער פריינטלעך. הרב קוק האָט געפרעגט דעם אויבער־קאָמיסאַר אויב עס וועט איצט שוין הערשן רו און

# אידן און אראבער

פרידן אין פאַלעסטינע, און פאַרלאַנגט, אַז די אידישע איינוואוינער אין ארץ־ישראל זאָלן זיין וויניקער הפקר. דאַן האָב איך פאָרגעשלאָגן מיין ביטע. ערשטנס, האָב איך פאַרלאַנגט אין נאָמען פון דעם קאָמיטעט, אַז די רעגירונג זאָל געבן די נויטיקע אונטערשטיצונג פאַר די געליטענע. צווייטנס, אַז אין יפו און אין תל־אביב זאָל זיך געפינען מער מיליטער, כדי ענלעכע אָנפאַלן ווי דער איצטיקער זאָלן באַצייטנס אונטערדריקט ווערן. דריטנס, אַז אין תל־אביב זאָל איינגעאָרדנט ווערן אַ גרעסערע פאָליציי־אָפטיילונג. איך האָב געוויזן אַן אַלבום וואו עס זיינען געווען צענדליקער פאָטאָגראַפיעס פון די געמאָרדעטע און געפייניקטע. איך האָב געפרעגט :

— ווי לאַנג נאָך וועט פאַרגאָסן ווערן אידיש בלוט אין פאַלעסטינע ?

דער אויבער־קאָמיסאַר האָט דערויף געענטפערט קורץ און שאַרף :

— ווי לאַנג איך וועל דאָ זיין, קיינמאָל נישט !

דאַן האָט ער נאָך זיך באַמיט אונדז צו באַרואיקן און אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן טאָן אַלדאָס־מעגלעכעס, אַז צווישן די אידן אין פאַלעסטינע זאָלן זיך נישט פאַרשפרייטן קיין פּאַניק־שטימונגען.

מיר האָבן אָנגעהויבן מאַכן אַלערליי אָנשטרענגונגען צו שאַפן אַן עקזיסטענץ פאַר די פאַרוואונדעטע, ווי אויך פאַר די אלמנות און יתומים. מיר האָבן זיך אויך געווענדט צום דזשאָינט אין אַמעריקע. דערווייל זיינען נישט אריינגעפאַלן קיין שום הכנסות, און מיר האָבן געמוזט איינאָרדענען אַן אָוונט לטובת די געליטענע. מיר האָבן אויפן אָוונט געמאַכט אַ זאַמלונג און אַלץ צוזאַמען האָט אָנגעטראָפן פיר הונדערט פונט. פאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזאַ סומע האָט מען געקענט ווייניק וואָס אויפטאָן. ווען מען האָט געזען, אַז עס איז נישטאָ קיין עצה, האָט דיזענגאָף, דער בורגערמייסטער פון תל־אביב, אויף מיין פאַרלאַנג, אַרויסגעגעבן עפּעס אַזוינס, וואָס איז ענלעך געווען צו אַ געזעץ, אַז יעדער אַרבעט־געבער מוז אָנשטעלן אַ פאַרוואונדעטן. דעם ערשטן אויגוסט 1921 איז אונדזער קליינע הילף־אָרגאַניזאַציע ליקווידירט געוואָרן. עס האָט מיר זייער וויי געטאָן, ווען איך האָב מיך דערוואוסט, אַז די אָפיציעלע קערפערשאַפטן האָבן גאָרנישט געוואָלט בייטראָגן, כאָטש זיי

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

האָבן באַקומען פאַר דעם צוועק אַ געוויסן קאַפּיטאַל פון אַמעריקע. איך האָב יעדעס מאָל פונסניי געמוזט מאַכן די ביטערע דערפאַרונג, אַז די גרעסטע מערהייט פון אַלע אָרגאַניזאַציעס און וואוילטעטיקע אינסטיטוציעס ווערן מיסגעברויכט צוליב פּערזענלעכע צוועקן, און אַז די באַאַמטע האָבן קודם־כל אין זינען די אייגענע חשבונות. אַט דאָס איינזען האָט נאָך מער פאַרשטאַרקט אין מיר די איבערצייגונג נישט צו געהערן צו קיין פּאָלי־טישער פּאַרטיי, אפילו דעמאָלט, ווען עס האַנדלט זיך וועגן אידישע אינ־טערעסן. איך בין אַט דעם באַשלוס געבליבן טריי ביז צום היינטיקן טאָג.

אָבער דאָס אידישע אויפבוי־ווערק אין פּאַלעסטינע איז מיר געווען הייליק און טייער, און קיין שום קרבן איז מיר נישט געווען צו־קליין פאַר אַט דעם צוועק.

איך האָב איצט דערוויל באַשלאָסן מיר אויפצובויען אַן אייגענע היים, כדי מיין לעבן זאָל ווערן עטוואָס רואיקער און שטילער. איך האָב מיך פאַרלאָבט מיט מיין פריינדין ראַכיל, וואָס איז מיר געווען אין אַלע הינזיכטן אַזוי נאָענט. ראַכילס עלטערן האָבן דאָס אויפגענומען מיט גרויס פרייד. מען האָט אפילו שוין געהאַט באַשטימט דעם טאָג, ווען מיר וועלן אָפיציעל מעלדן וועגן אונדזער פאַרלאָבונג.

איך האָב דעמאָלט געהאַט דעם פּאָסטן פון אַ מאַגאַזין־פאַרוואַלטער ביי דער „אַמעריקען עקספּרעס קאָמפּאַני" און באַקומען פאַרהעלטניסמעסיק אַ הויכן געהאַלט. איך האָב געקענט און בין געווען גרייט צו בויען אַ פאַ־מיליע, זיך צו באַזעצן אויף שטענדיק אין ארץ־ישראל, און איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו פאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל פון מיינע וואַנדערונגען און וואַג־לענישן, פון וועלכע איך בין שוין געווען מיד. אַלץ אין מיר איז געווען פול מיט האָפענונג אויף יענעם טאָג, ווען ראַכיל וועט ווערן מיין פרוי און מיר וועלן קענען צוזאַמען טיילן אונדזער לעבן ווי אמתע לעבנס־פריינט. אָבער גלייכצייטיק בין איך אינערלעך געווען אומרואיק. אַ טונקעלע אַנונג איז מיך באַפאַלן, אַז קיין רו איז מיר פון שיקזאַל נישט באַשערט, און אַז עפּעס טונקעלעס און סודותדיקס רוקט זיך אָן, כאָטש איך האָב נישט געוואוסט אין וואָס עס וועט זיך אויסדריקן. באַלד האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז מיין אַנונג האָט געהאַט אַ גרונט.

# די טויטע שטייגן־אויף

די פּאָליטישע אומרוען האָבן אויפגע־
הערט, און דאָס לאַנד האָט אייגנטלעך ווייטער געקענט פאָרטזעצן זיין
אַנטוויקלונגס־פּראָצעס. אָבער די אידישע באַפעלקערונג איז אַזוי גיך
נישט געקומען צו זיך. עס זיינען געווען אַ סך עקאָנאָמישע און גייסטיקע
נאָכווייען. דערצו איז צוגעקומען אַ קריזיס. די אַרבעטער האָבן נישט
געקענט באַקומען קיין אַרבעט, אויף אַלע געביטן האָט געהערשט אַ
פאַרגליווערונג און אַ שטילשטאַנד. אין משך פון די אומרוען און אויך
שפּעטער האָט אויפגעהערט דער צופלוס פון קאַפּיטאַל און מענטשן קיין
פּאַלעסטינע. איך אַליין בין שוין געווען אַ שטיקל צייט אָן אַרבעט, און
איך האָב באַשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין עגיפּטן. אונדזערע אבות זיינען
דאָך אויך געווען אין עגיפּטן, מצרים, איידער זיי זיינען געקומען קיין
ארץ־ישראל. זיי האָבן געמוזט טאָן שווערע אַרבעט, עבודת־פּרך.
אָבער איך וואָלט געווען צופרידן, ווען איך וואָלט געפונען אַרבעט. מיין
קאַפּיטאַל איז געווען זייער קליין. קיין אַראַביש האָב איך נישט געקענט.
דערצו איז מיר געווען זייער שווער זיך צו שיידן מיט ראַכילן. אָבער איך
האָב נישט געהאַט קיין אויסוועג.

אינמיטן אויגוסט 1922, בין איך אַרויסגעפאָרן קיין עגיפּטן. איך
בין געפאָרן מיט דער באַן איבער דער מדבר קיין קאַנטאַרא. דאָס הייסע
זאַמד האָט זיך אַריינגעריסן אין די וואַגאָנען, און די אויגן זיינען דערפון
געוואָרן פאַרשאָטן און פאַרבלענדט. די לאַנדשאַפט איז געווען אַ פוסטע
און אַ לאַנגווייליקע. אומעטום האָט געהערשט אַ טויטע איינזאַמקייט,
וואָס איז בלויז דאָ און דאָרטן איבערגעריסן געוואָרן דורך אייניקע באַן־
געביידעס. איך האָב געמוזט טראַכטן וועגן דער צייט, ווען אידן זיינען
אַרויסגעגאַנגען פון מצרים. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און איך בין
אַריבערגעפאָרן דעם סועץ־קאַנאַל, און אָנגעקומען קיין אַלעקסאַנדריע.
מאָדנע, איך בין געווען בלויז אַ קורצע צייט אין ארץ־ישראל. אָבער

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

איך בין צוגעבונדן געוואָרן צו דער ערד מער וויפיל איך האָב אַליין דער־וואַרט. ווי לאַנג איז געווען, אַז איך בין אָפּגעשטיגן אין אַלעקסאַנדריע, ווי אַ מענטש, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַ שיף־ברוך, און זיך געריסן וואָס גיכער צו זען דאָס לאַנד, וואוהין איך בין געפאָרן? איצט בין איך ווידער אַרויסגעפאָרן פון דאָרטן, פול מיט בענקשאַפט סיי צו ארץ־ישראל, סיי צו ראַכילן, וואָס איז דאָרטן פאַרבליבן. איך האָב מיך אַרומגעדרייט איבער די גאַסן פון אַלעקסאַנדריע פול מיט טרויעריקע געדאַנקען. איך האָב מיך געפונען אין אַ פרעמדער וועלט, אין אַפריקע, און איך האָב ווידער געדאַרפט אַנהויבן אַלץ פונסניי. אַ שווערע מעלאַנכאָליע האָט מיך באַהערשט. וואו וואַנדער איך אַרום? וואוהין שלעפּ איך מיך? וואָס וועט זיין פון דעם אַלעמען? וועט קיינמאָל נישט קומען קיין סוף צו מיינע וואָגלענישן? עס איז פאַראַן אַ שפּריכוואָרט, גענומען פון תלמוד: „משנה מקום משנה מזל“, אַז מען ענדערט דאָס אָרט, ענדערט זיך דאָס מזל. ווער ווייסט? — איז מיר איינגעפאַלן — אפשר וועל איך דאָ אָנטרעפן אויף דעם גליק, וואָס וועגן דעם האָב איך געחלומט? אפשר וועל איך דאָ געפינען די לאַנג־געגאַרטע רו?

וואַנדערנדיק דורך דער שטאָט, האָב איך געשלאָסן קענטשאַפט מיט דעם פרעזידענט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין אַלעקסאַנדריע, אַלטשוק, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון עלעקטרישע אַרטיקלען. ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז איך האָב אָנטיילגענומען אין דער פאַר־טיידיקונג פון דער אידישער באַפעלקערונג אין פאַלעסטינע, אַז איך בין געוואָרן פאַרוואונדעט און אַז איך בין אַן מיטלען, — האָט ער גלייך באַשלאָסן מיר צו העלפן צו באַקומען וועלכע עס איז באַשעפטיקונג. ער האָט מיך געשיקט צו זיינעם אַ פריינט, אינזשענער פבזנר, וואָס איז געווען אָנגעשטעלט אין דער דירעקציע פון די שטאָטישע טראַמווייען. איך האָב טאַקע גלייך באַקומען באַשעפטיקונג אין דער עלעקטרישער קראַפט־סטאַנ־ציע. אָט די אַרבעט האָט געמוזט אויסגעפירט ווערן מיט דער גרעסטער זאָרגפעלטיקייט און פאַרזיכטיקייט. אַ טאָג פריער איז אַן אַראַבער גע־טויט געוואָרן דורך אַ קורצשלוס. איך האָב איבערגענומען יענעמס פאָסטן. מיין אַרבעט איז געווען פאַרבונדן מיט אַ שטענדיקער לעבנס־געפאַר.

## די טויטע שטייען אויף

אין דער זעלביקער אָפּטיילונג האָט געאַרבעט אַן אַראַבער מיטן נאָמען אַכמעד קאַמעל. אַ פּראָפעסיאָנאַליסט, וועלכער האָט מיר געגעבן אַלערליי אָנווייזונגען אין דער אַרבעט. איך האָב מיך אַרויסגעוויזן פּאַר זייער פּייאיק, און נאָך אייין מאָנאַט האָב איך באַקומען אַ וויכטיקערע אַר־בעט און אויך מיין געהאַלט איז געוואָרן פאַרגרעסערט. די אינזשיניערן האָבן געהאַט וועגן מיר די בעסטע מיינונג און דער אויבער־אינזשיניער האָט מיר געגעבן אַ קאָמפּלימענט, אַז איך אַרבעט ווי איינער, וואָס איז שוין יאָרן־לאַנג אין פאַך. מיר האָבן אויך אָפּט געפירט צווישן זיך גע־שפּרעכן, ווי אַלטע גוטע באַקאַנטע.

אין משך פון עטלעכע מאָנאַטן האָב איך געמוזט אַרבעטן ביינאַכט, און דאָס איז געווען זייער אומאָנגענעם. אונדזער קראַפט־סטאַנציע האָט זיך געפונען נישט וויט פון טייך ניל, וואו עס האָבן זיך געפונען פיל קראָקאָדילן. ווען איך בין געגאַנגען ביינאַכט צו דער אַרבעט, האָב איך אָפט געהערט זייער פּליוסקען זיך. איך האָב אפילו אַמאָל פאַרנומען אַ געשריי פון אַן אַראַבער, וואָס האָט געהאַט דאָס אומגליק געכאַפּט צו ווערן פון אָט דער ווילדער בעסטיע. די ענגלענדער האָבן אַ סך געטאָן, אַז אָט די רעפּטילן זאָלן אויסגעראָטן ווערן. מען האָט געצאָלט פּריזן פאַר יעדן געכאַפּטן קראָקאָדיל, אויסער דעם, וואָס מען האָט געקענט פאַר־קויפן פאַר גוט געלט די הויט, פון וועלכער מען מאַכט אַ לוקסוס־לעדער.

אין משך פון אַכט מאָנאַטן האָב איך אַזוי געאַרבעט נאַכט־איין, נאַכט־אויס, אין שכנות פון אַ קראָקאָדילן־נעסט, שטענדיק אונטער דער געפאַר צו שטאַרבן פון אַ קורצשלוס. דורך אַ גליקלעכן צופאַל האָב איך גע־שלאָסן קענטשאַפט מיט אַ פּערפום־פאַבריקאַנט. ער האָט מיר פאָרגעלייגט זיין סחורה. 200.000 פלאַקאָנס זיינען געווען צום פאַרקויפן. פּערפום האָט פון אַלעמאָל אַן געהאַט פאַר מיר אַ באַזונדערן רייץ, ווייל נאָך קינדווייז האָב איך געהאַט אַן אינטערעס צו פאַרשיידענע בלומען און זייערע ריחות. איך האָב אויך געהאַט דורכגעשטודירט אייניקע באָטאַנישע און כעמישע ווערק. ווען איך בין נאָך געווען אַ אינגל, האָב איך פאַנ־טאַזירט וועגן פראָדוצירן פּערפומען פון בלומען. איך האָב פאַרלאַנגט פון דעם פאַבריקאַנט, ער זאָל מיר פאַרקויפן פינף טויזנט פלאַקאָנס, אָבער

ער האָט מיר דערוויל געגעבן אויף פּראָבע עטלעכע הונדערט. דערביי האָט ער מיר צוגעזאָגט, אַז אויב איך וועל באַקומען אַ מאַרק, וועט ער מיר אויסבאָרגן נאָך, וויפיל איך וועל אַליין וועלן. ער האָט דערביי מיר ניט געגעבן קיין צו־גרויסע האָפענונג און פאַרלאַנגט איך זאָל מיר! נישט מאַכן קיין אילוזיעס. אָבער איך האָב גלייך געוואָלט מאַכן אַן עקספּערימענט.

אין אָוונט, נאָך מיין אַרבעט, האָב איך גענומען די געקויפטע עסענצן און די שיינע פלאַקאָנען און זיך אַוועקגעזעצט צו דער אַרבעט. באַלד זיינען עטלעכע טוץ געווען פאַרטיק. מיך אַליין האָבן זיי געקאָסט בלויז עטלעכע פּיאַסטער. צומאָרגנס האָב איך אַלע פאַרקויפט מיט אַ גוטן ריווח. אָט דער פאַרדינסט האָט מיר צוגעגעבן אַזויפיל מוט, אַז איך האָב אינגיכן געלאָזט וויסן דעם אויבער־אינזשענער, אַז איך וויל זיך אָפּגעבן מיט דער פּראָדוקציע פון פּערפום. איך האָב אין צוויי טעג שפּעטער פאַרלאָזט די קראַפט־סטאַנציע און באַקומען אַ גוטע צייגעניש וועגן מיין ביז־איצטיקער אַרבעט.

מיין געשעפט מיט פּערפום האָט געגליקט אויסערגעוויינלעך. נאָך זעקס מאָנאַטן אָנגעשטרענגטער אַרבעט האָב איך געהאַט אַ סומע פון איבער טויזנט פונט. איך האָב געשריבן צו ראַכילן, זי זאָל אַריבערקומען קיין עגיפּטן. זי איז געקומען און מיר האָבן פאַרבראַכט די צייט צוזאַמען. זי האָט אפילו אָנגעהויבן צו אינטערעסירן זיך מיט מיין געשעפט און זי האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפן. איך האָב געפונען אין מיין כלה אַן אמתן חבר און מיטאַרבעטער. די פּראָדוקציע איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז איך האָב געמוזט עפענען אַ געשעפט אין אַלעקסאַנדריע, אויף דער רואַ דע סואַר. אינגיכן האָב איך מיך געקענט באַפרייען טיילווייז פון מיין אַרבעט און אָנגעשטעלט מענטשן. אַזוי אַרום זיינען רואיק אַריבער צוויי יאָר. איך האָב געלעבט זאָרגלאָז, גליקלעך. אַלע מיינע געדאַנקען זיינען אויסגעפילט געוואָרן דורך מיינע געשעפטן און דורך מיין לעבנס־פריינט, ראַכיל. אַלע וואונדן פון דער פאַרגאַנגענהייט האָבן זיך כמעט ווי אויסגעהיילט.

פלוצלונג האָב איך מיך דערוואוסט עפּעס, וואָס האָט מיך פול־

שטענדיק גייסטיק דערשיטערט. איך האָב באַקומען זיכערע ידיעות, אַז מיין פאַמיליע, וועלכע איך האָב לאַנג געהאַלטן פאַר טויט, לעבט און געפינט זיך אין כאַרקאָוו. מיין פרייד איז געווען גרויס. אָבער גלייכצייטיק האָט מיך אָט די גוטע בשורה אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט. איך האָב איצט, נאַטירלעך, גלייך גענומען מאַכן באַמיאונגען אַריבערצופאָרן קיין רוסלאַנד, אָבער שטערונגען זיינען געווען פון אַלע זייטן. אין 1924 האָט אין רוסלאַנד, ווי באַוואוסט, געהערשט אַ שרעקלעכער הונגער. גלייכצייטיק איז געקומען די אינפלאַציע אין דייטשלאַנד. דאָס האָט געווירקט, אַז די עגיפּטישע סוחרים האָבן אָנגעהויבן צו קויפן דייטשע סחורות, ווייל אַלץ איז דאָרטן געווען אויסערגעוויינלעך ביליק, ווען מען האָט געצאָלט מיט ענגליש געלט. מיין לאַגער איז געווען גרויס און צוליב דעם וואָס עס זיינען נישט געווען קיין קונים, זיינען די פרייזן געפאַלן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן דאָס געשעפט צו ליקווידירן, און מיט דעם איבערגעבליבענעם געלט אַריבערצופאָרן קיין סאָוויעט-רוסלאַנד. איך האָב געוואָלט אַריבערברענגען מיין פאַמיליע אין אַ לאַנד, וואו זיי זאָלן קענען לעבן רואיק. איך האָב ראַכילן געגעבן אַ היפּשע סומע, און מיט איר אָפּגעשמועסט זי זאָל צוריקפאָרן קיין פּאַלעסטינע צו אירע עלטערן. וואָרים איך בין גרייט געווען צו טאָן אַלדאָס-מעגלעכעס אַרויס-צוראַטעווען מיינע נאָענטע און טייערע פון דער נויט, אין וועלכער זיי האָבן זיך געפונען.

איך האָב זיך אַזוי אַרום געלאָזט פאָרן קיין סאָוויעט-רוסלאַנד, כאָטש איך בין נישט געווען זיכער, צי מען וועט דאָרטן נישט אויסגעפינען אויף מיר עפּעס אַ זינד און מיך איינזעצן אין תפיסה. אמת, איך האָב ביז איצט קיינמאָל נישט געטאָן אַזוינס, וואָס איז געווען קעגן קאָמוניזם, אָבער עס איז געווען אַ פאַקט, אַז איך האָב מיך צוריקגעצויגן פון פּאָלי-טישן לעבן, און דאָס אַליין האָט אויך געקענט פאַררעכנט ווערן פאַר אַ זינד. איך האָב באַקומען געוויסע אינפאָרמאַציעס וועגן די פאַרהעלטע-נישן אין סאָוויעט-רוסלאַנד, וואָס האָבן מיך ווייט נישט דערמוטיקט צו מאַכן די נסיעה. אָבער איך האָב איינמאָל געהאַט באַשלאָסן צו פאָרן, און איך וואָלט מיך אַליין געווען געהאַלטן פאַר אַ פחדן, ווען איך וואָלט

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

מיך פלוצלונג אָפּגעזאָגט פון מיין פּלאַן. מיין רייזע ביז קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז אַריבער גלאַטיק. אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל בין איך אַריבער אין סאָוויעט־טישן קאָנסולאַט און געבעטן אַ וויזע קיין רוסלאַנד, מיטן צוועק צו באַזוכן מיינע עלטערן. איך האָב די וויזע באַקומען, און נישט לאַנג דערנאָך איינגעזעסן אין דעם דאַמפער „לענין", וואָס האָט מיך אַריבערגעפירט קיין אָדעס איבערן שוואַרצן ים. אַלערליי געמישטע געפילן האָבן מיך באַהערשט ביים אָנקומען קיין רוסלאַנד. איך האָב דורכגעלעבט סיי פרייד און סיי שרעק. אָבער איך האָב מיך באַמיט נישט אַרויסצואווייזן מיינע אינערלעכע געפילן און נישט צו פאַרפירן מיט קיינעם קיין געשפּרעכן. איך האָב געהאָפט, אַז איך וועל אָנטרעפן אין רוסלאַנד חברים, וואָס געדענקען מיך און ווייסן ווי אַזוי אָפּצושאַצן מיין פריערדיקע רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט.

ווען מען האָט דורכגעקוקט מיין פּאַס, ביים אָנקומען קיין אָדעס, האָב איך זיך באַגעגענט מיט עטלעכע פריינט, קאַמף־גענאָסן פון קע־רענסקיס צייטן, און זיי האָבן מיך אויפגענומען מיט אַ געוויסן ערע־פורכט. זיי האָבן וואַרשיינלעך גערעכנט, אַז איך בין געקומען אַהער מיט אַ ספּעציעלער מיסיע. זיי האָבן זיך פאַרזיכטיק אויסגעפרעגט וועגן דער לאַגע פון פאַרשיידענע אייראָפּייאישע לענדער, און איך האָב זיי אָפן און אָן צערעמאָניעס דערקלערט, אַז איך האָב מיך צוריקגעצויגן פולשטענדיק פון פּאָליטישן לעבן. עס האָט ביי זיי אַרויסגערופן פאַרוואונדערונג און אַ פאַרדעכטיק קאָפּ־שאָקלעניש. איך האָב זיי אויך דערציילט, אַז איך בין געקומען אַהער בלויז צוליב מיין פאַמיליע. אַזוי ווי זיי האָבן מיך געקענט פון אַמאָל און געוואוסט, אַז איך מיין וואָס איך זאָג, האָבן זיי מיר נישט געמאַכט קיינע שוועריקייטן, און נאָך צוואַנציק מינוט בין איך געווען ביי דער צאָל־קאָנטראָל, וואָס האָט מיך אויך גיך דערליידיקט.

אין אָדעס האָב איך מיך דערוואוסט, אַז נישט בלויז מיינע עלטערן זיינען אין כאַרקאָוו, נאָר אויך מיין פרוי און מיין זון. איך האָב קיינמאָל מיין פרוי נישט געוואונטשן קיין שלעכטס. דאָך האָט מיר די בשורה דערשיטערט. וואָס וועט איצט זיין מיט ראַכילן? אָט די פראַגע האָט מיך געמאַטערט די גאַנצע צייט. ראַכילן האָב איך ליב געהאַט און צו איר



יעקב, ל. גלאַזערס
ברודער, וואָס מיט
אים האָט פּאַסירט
די גרויסע טראַגעדיע



דער גרינדער און מעיאָר פון דער ערשטער אידישער שטאָט, תל־אָביב — מאיר דיזענגאָף, ע"ה



חיפה

האָב איך געהערט. איך האָב גאָרנישט געקענט דענקען וועגן אויפגעבן זי. איך האָב ביי מיינע אומשטענדן נישט געטאָרט פאַרלירן קיין צייט, און בין גלייך אַריבערגעפאָרן קיין כאַרקאָוו.

מיינע איינדרוקן אין אַט דער שטאָט זיינען נישט געווען קיין פריי־לעכע. דאָס לאַנד האָט זיך געפונען אין אַ גרויסער נויט. עס האָט גע־הערשט הונגער און עלנט. דאָס רוסישע פאָלק האָט זיך מקריב געווען פאַר דער רעוואָלוציע, טייכן בלוט זיינען פאַרגאָסן געוואָרן, אָבער אויף דער אויבערפלאַך זיינען אַרויסגעקומען אויך יענע עלעמענטן, וואָס האָבן אויסגענוצט די רעוואָלוציע פאַר זייער אייגענעם געברויך, און געמאַכט פון איר אַ מיטל פאַר פערזענלעכע, קליינלעכע צילן. איך האָב, אָבער, נישט געקענט צופיל טראַכטן וועגן די אַלע פראַגן, ווייל די באַגעגעניש מיט מיינע עלטערן האָט מיך אינגאַנצן אַבסאָרבירט. איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך ווידער געטראָפן. איך האָב זיי געהאַלטן פאַר טויט, און זיי מיך — פאַר טויט. פלוצלונג זיינען מיר געשטאַנען איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן, פאַרשטומטע פון אויפרעגונג, אָן ווערטער, וואָס זאָלן אויסדריקן אונדזער אינערלעכע גערירטקייט. מיין האַרץ האָט געקלאַפּט, פאַר די אויגן האָט געשווינדלט, און איך האָב מיך איינגעהאַלטן מיט די לעצטע כוחות נישט צו יאָמערן. איך האָב מיך איינפאַך געשראָקן, אַז די באַגעגעניש זאָל נישט ווירקן פאַטאַל אויף מיינע עלטערן, ווייל זיי זיינען געווען זייער אָפּגעשוואַכט.

אין משך פון עטלעכע טעג האָבן מיר זיך געהאַלטן אין איין דערציילן אונדזערע איבערלעבונגען. איך האָב זיי דערציילט, וואָס עס האָט פּאַ־סירט מיט מיר, זיי האָבן מיר דערציילט זייערע איבערלעבונגען, און וואָס מער מיר האָבן דערציילט, אַלץ מער איז געווען וואָס צו דערציילן. צווישן אַנדערעס האָב איך מיך דערוואוסט, אַז מיין פרוי און דאָס קינד געפינען זיך ביי מיינע שווער־און־שוויגער, וואָס האָבן געוואוינט נישט ווייט פון כאַרקאָוו אין אַ קליין שטעטל. איך האָב מיך גלייך אַנטשלאָסן צו פאָרן אַהין, אָבער מיינע עלטערן האָבן מיך געפּרואווט צוריקהאַלטן. ערשט, ווען זיי האָבן געזען, אַז מיין באַשלוס איז פעסט, האָבן זיי ענדלעך אויפגעהערט זיך מיט מיר צו שפּאַרן. עס איז, אָבער, געבליבן, אַז מיין

פאָטער זאָל מיך באַגלייטן. אָט די נסיעה האָט זיך אָבער, אַרויסגעוויזן פאַר איינער פון די שווערסטע, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט די לעצטע יאָרן.

דאָס שטעטל יעראַבאָווקע געפינט זיך נישט ווייט פון כאַרקאָוו, סאָוויעט־רוסלאַנדס נייער אינדוסטריע־צענטער. עס איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז איך וועל דאָרטן אַנשלאָגן. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַ נסיעה אַהין קען זיין געפערלעכער ווי אַ נסיעה ערגעץ קיין אַפריקע, אָדער אין די דזשאַנגלס.

מיר זיינען איינגעזעסן אין דער באַן און געפאָרן קיין יעראַבאָווקע. דער ישוב איז געלעגן אַ דריטהאַלבן קילאָמעטער ווייט פון דער סטאַנציע. מיר, איך און מיין פאָטער, זיינען אָנגעקומען אַרום איינס אַזייגער ביינאַכט. עס איז געווען אַ פראָסטיקע, מיט שניי־פאַרווייעטע ווינטער־נאַכט, ווי עס גיט זיך אויס נאָר אין רוסלאַנד. יענער יאַנואַר איז געווען איינער פון די קאַלטסטע מאָנאַטן, וואָס איך האָב ווען־עס־איז געדענקט. פון דעם צוג, פון וועלכן מיר זיינען אויסגעשטיגן, זיינען אויך אַרויס עטלעכע פויערים. זיי האָבן געוואָלט זיך לאָזן גיין אין שטעטל אַריין צופוס, ווייל קיין שליטן האָט מען אין ערגעץ נישט געזען. איך האָב געראָטן מיין פאָטער מיר זאָלן צוואַרטן אויפן וואָקזאַל ביז מאָרגן אינדערפרי און דאַן צופאָרן אין שטעטל אַריין. אָבער ער האָט, אַפּנים, געוואָלט, אַז איך זאָל וואָס־גיכער אָנקומען צו ווייב־און־קינד, ווייל ער האָט זיך איינגעעקשנט, אַז מיר זאָלן נאָכגיין די פויערים, וואָס קענען זיכער גוט דעם וועג. מיין געפיל איז געווען, אַז מיר זאָלן דאָס נישט טאָן, און איך האָב געוואוסט פון דערפאַרונג, אַז מיין געפיל נאַרט מיך זעלטן. פונדעסטוועגן האָב איך זיך צוגעהערט צו מיין פאָטער און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין. מיר זיינען געהאַט אָפּגעגאַנגען אַ צען אָדער צוועלף מינוט, ווען עס איז געוואָרן אַ שרעקלעכער שניי־שטורם. די נאַסקייט און די קעלט האָבן ווי פאַרקלעפּט די וויעס פון אונדזערע אויגן. די עטלעכע פויערים, וואָס האָבן גוט געקענט דעם וועג, האָבן גענומען בלאָנדזשען. אָנדערהאַלבן קילאָמעטער ווייטער האָט זיך געפונען אַ טייך און עס איז איבער אים געלעגן אַ בריק. אָבער אָנשטאָט אַריבערצוגיין די בריק, זיינען מיר אַרויף אויף דעם גע־

פּרוּוירענעם טייך. דער שניי־שטורעם איז געוואָרן אַלץ שטאַרקער, די קעלט —אַלץ אָטעם־פאַרכאַפּנדיקער. מיר זיינען נישט געגאַנגען, נאָר געקראָכן, איינגעטוליעטע, פאַרשאָטענע, און דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן פאַר־לוירן די פויערים, אונדזערע וועג־ווייזער. איך האָב אָנגענומען מיין פאָטער ביים אָרעם און מיר האָבן זיך געשלעפּט אַלץ ווייטער און ווייטער, אָן אַ וועג, אויסגעמאַטערטע, און האַלב־פאַרפרוירענע. עס איז שוין געווען אַרום פינף אַזייגער פאַר׳טאָג, די פינצטערניש איז געווען אַ געדיכטע, דער פראָסט האָט געברענט, און מיין פאָטער האָט זיך פּלוצלונג צו מיר אָנ־גערופן:

— מיין קינד, דו האָסט געוואָלט ראַטעווען דיינע עלטערן, און האָסט געהאַנדלט ווי אַ גוטער און איידעלער זון. אָבער איך האָב מער קיין כוח נישט. איך פיל, אַז איך וועל באַלד שטאַרבן. לאָז מיך דאָ בלייבן. דו מוזט זיך ראַטעווען!

עס איז שווער איבערצוגעבן דעם איינדרוק וואָס זיינע ווערטער האָבן אויף מיר געמאַכט. איך האָב מיט די לעצטע כוחות געענטפערט:

— טאַטע, אויב עס איז אונדז באַשערט צו שטאַרבן, וועלן מיר ביידע שטאַרבן, און אויב עס איז אונדז באַשערט צו בלייבן לעבן, וועלן מיר ביידע לעבן! אום גאָטעס ווילן, דו מוזט מיט מיר ווייטער גיין! טאָרסט נישט אָפּשטיין!

און עס האָט אויסגעזען גלייך אָט די ווערטער וואָלטן אים צוגעגעבן נייעם מוט, ווייל ער האָט אַ דריק געטאָן מיין האַנט, און מיר האָבן זיך גענומען ווייטער שלעפּן איבער דעם טיפן שניי.

אַזוי האָבן מיר געוואַנדערט צוזאַמען ביז מיר זיינען צוגעקומען צו אַ באַרג. דאָ האָבן מיר בוכשטעבלעך געמוזט קלעטערן אויף הענט און פיס. דער שניי איז געווען געפרוירן, גליטשיק, און מיר האָבן קוים־קוים זיך דערשלעפּט ביז אַרויף. נאָך פיל אָנשטרענגונגען איז אונדז געלונגען צו דערגרייכן ביז צום שפּיץ. דאָרטן האָבן מיר פונדערווייטנס דערזען אַ ליכטיקייט, און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון דער שיין. אַזוי אַרום זיינען מיר גייענדיק און פאַלנדיק געקומען ביז צו אַ מיל. די מיל איז געווען פאַרמאַכט, און אַזוי ווי מיר האָבן נישט געהאַט

קיין כוח צו רופן, האָבן מיר גענומען קלאַפּן אין פענצטער. דערפון איז אַ שויב אויסגעשלאָגן געוואָרן און איז געפאַלן מיט אַ קלינגעריי אויף דעם געפרוירענעם שניי. באַלד דערנאָך איז מיין פאָטער אַוועקגעפאַלן. דער וועכטער פון דער מיל און עטלעכע פון זיינע גוטע פריינט האָבן גראָד געפייערט ניי־יאָר. זיי זיינען גלייך אַרויסגעקומען. זיי האָבן אַ כאַפּ געטאָן מיין פאָטער, אים אַריינגעטראָגן אין שטוב, און דאָרטן האָבן זיי אים ביסלעכווייז אָפּגעראַטעוועט. דאַן האָבן זיי אונדז געגעבן עפּעס צום דערקוויקן זיך, און וויטער זיך גענומען פייערן דאָס נייע יאָר. פּלוצלונג האָט איינער פון זיי זיך אָנגערופן:

— מיין גאָט, ביי אייער זון זיינען דאָך געפרוירן די הענט!

מען האָט גלייך אַריינגעשטעקט מיינע הענט אין אייז־קאַלט וואַסער, און איך בין דערפון שיעור נישט געפאַלן אין חלשות. מיינע הענט זיינען ווירקלעך געוועזן פּאַרגליווערט.

עס זיינען אַריבער עטלעכע שעה. דערווייל איז געוואָרן פרימאָרגן. מיר האָבן דערקוויקט אונדזערע פאַרשמאַכטע הערצער מיט שנאַפּס און קוכן, און דערפון זיינען מיר אַביסל געקומען צו די כוחות. דערנאָך האָבן מיר געדונגען ביי אַ פּויער אַ שליטן און מיר זיינען אַוועקגעפאָרן צו שווער־און־שוויגער. די פרייד פון שווער־און־שוויגער, דער פרוי און דעם קינד איז, נאַטירלעך, געוועזן גרויס. איך האָב מיך גאָרנישט געקענט זאַט אָנקוקן אין מיין קינד. אין יענעם מאָמענט זיינען אין מיר אַנטשטאַנען די פאָטערלעכע געפילן אין זייער גאַנצער גרויס, און זיי זיינען פון מיר קיינמאָל מער נישט אָפּגעטראָטן. אָבער דעם וויטיק, וואָס איך האָב געפילט אין מיינע הענט, האָט פאַרשטערט די פרייד. איך האָב אפילו נישט געקענט קיין שמייכל טאָן.

אַ דאָקטאָר איז געקומען, און ער האָט דערקלערט, אַז מען מוז די הענט גלייך אַמפּוטירן, ווייל קיין שום אַנדער רעטונג איז נישטאָ. מיר האָבן טעלעגראַפיש אַרויסגערופן אַ פּראָפעסאָר פון כאַרקאָוו, און ער האָט אויך באַשטעטיקט דאָס זעלביקע. אָבער איך האָב פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט פאַרלירן מיינע הענט. איך האָב צופיל ליב געהאַט דאָס לעבן, איך זאָל וועלן לעבן ווי אַ קריפּל. עטלעכע טעג זיינען אַריבער אין

יסורים, און איך בין נאָך אַלץ געבליבן ביים מייניקן. מיין פּאָטער און מיין פרוי האָבן די גאַנצע צייט אויף מיר אַכטונג געגעבן, און עס איז נישט שווער איבערצוגעבן וואָס מיין אָרימער פּאָטער האָט געפילט צוקוקנדיק זיך צו די ליידן פון זיין איינציקן זון. צום סוף האָב איך מיך אַנטשלאָסן אַריבערצופאָרן קיין מאָסקווע, וואו עס האָט געוואוינט דער באַרימטער פּראָפעסאָר ליפּפּי. פּראָפעסאָר ליפּפּי האָט דערקלערט, אַז מען קען מיינע הענט נאָך אָפּראַטעווען. איך האָב געדאַרפט אַנווענדן בלויז איין מיטל. דאָס מיטל איז באַשטאַנען דערין, אַז מען זאָל מיינע הענט אַריינ־לייגן אין אַ שיכט פון גענדזענער הויט. איך האָב אַזוי געטאָן. הונדערט און צוויי און דרייסיק טעג זיינען מיינע הענט געלעגן אין דער גענדזענער הויט. און איך האָב מיט זיי נישט געקענט רירן, ווי אַן אומבאַהאָלפן קינד. מיינע הענט, וואָס זיינען געוואוינט געווען אַלעמאָל עפּעס צו טאָן, מיינע הענט, וואָס האָבן געוואָלט די וועלט אַרומנעמען, זיינען איצט געלעגן אוממעכטיק, ווי אָפּגעשטאָרבן, און איך האָב זיי נישט געקענט רירן פון אָרט. אָט די אומבאַהאָלפנקייט איז פאַר מיר געווען ערגער ווי דער טויט. ערשט ביסלעכווייז האָבן מיינע הענט פונסניי אָנגעהויבן זיך צו באַוועגן, און איך האָב ווידער באַקומען אין זיי מאַכט.

איך האָב געמוזט מיך לאָזן באַהאַנדלען פון דעם פּראָפעסאָר נאָך אַ ווייטערדיקן מאָנאַט, דערווייל איז אויסגעגאַנגען אַ העלפט פון מיין קאַפּיטאַל. אָבער דער גרעסטער קאַפּיטאַל, דאָס געזונט, איז מיר געבליבן. איך האָב ווידער געהאַט מיינע צוויי הענט און האָב ווייטער געקענט אָנ־הויבן דעם קאַמף פאַרן לעבן.

# אַ ראַנדעוואו מיט דעם טויט

נאָך פינף מאָנאַטן האָב איך מיך ווידער אומגעקערט קיין כּאַרקאָוו צו מיינע עלטערן. דאָרטן האָב איך אויך געטראָפן מיין אייגענע פאַמיליע. איך האָב דערקלערט מיינע עלטערן, אַז איך וויל זיי אַריבערנעמען אין אַ פרידלעך לאַנד, וואו זיי זאָלן קענען אויסלעבן זייערע יאָרן רואיק. די גאַנצע צייט, וואָס איך בין געווען אין רוסלאַנד, האָב איך נישט געקענט שרייבן צו ראַכילן, צוליב מיינע קראַנקע הענט. איך האָב אויך נישט געוואָלט דיקטירן אימיצן אַנדערש, כּדי ראַכיל זאָל זיך נישט דערוויסן, וואָס מיט מיר האָט געטראָפן. איצט האָב איך איר געשריבן, אַז איך קום קיין פּאַלעסטינע צוזאַמען מיט דער גאַנצער פאַמיליע. די עלטערן פון מיין פרוי האָב איך צוגעזאָגט צו העלפן אויסוואַנדערן קיין פּוילן, פון וואַנען זיי האָבן געשטאַמט. איך האָב אויך געלאָזט וויסן מיין פרוי, אַז איך האָב ליב ראַכילן, און אַז איך וויל פון איצט אָן לעבן מיט איר צוזאַמען. איך האָב איר דערקלערט, אַז איך בין צו ראַכילן אַזוי שטאַרק צוגעבונדן, אַז עס וועט זיין אוממעגלעך פאַר מיר זיך מיט איר צו שיידן. מיין פרוי האָט צו מיר געזאָגט, אַז אַזוי ווי איך בין דער פאָטער פון איר קינד, זאָל איך זי פאַר קיין פאַל נישט לאָזן אין רוסלאַנד, נאָר זי מיטנעמען קיין אייראָפּע. ווען מיר וועלן זיין אין פּאַלעסטינע, וועל איך קענען מיט ראַכילן אַלץ איבעררעדן פונסניי, און דעמאָלט זאָל געשען וואָס עס דאַרף געשען.

נאָך עטלעכע טעג זיינען אַלע פּאַפּירן געווען פאַרטיק, אַזוי, אַז מיינע שווער־און־שוויגער, צוזאַמען מיט דער פרוי און דעם קינד, האָבן גלייך געקענט אַרויספאָרן קיין וואַרשע, און איך מיט מיינע עלטערן האָבן זיך געלאָזט אויפן וועג קיין פּאַלעסטינע. דער וועג האָט ווידער געפירט דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל. מיין פאָטער איז אַרויס פון רוסלאַנד אָרעם ווי אַ בעטלער. מיר זיינען געווען גליקלעך, וואָס מיר האָבן זיך שוין ענדלעך געפונען אויף דעם דעק פון דער שיף, וואָס איר נאָמען האָב איך גראָד פאַרגעסן. אָט די שיף האָט אונדז געזאָלט פירן צו אַ ניי לעבן.

# אַ ראַנדעוואו מיט דעם טויט

דאָס לאַנדן אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז איצט אָנגעקומען לייכטער ווי מיט פיר יאָר צוריק. אָבער מיר האָבן נישט געקענט גלייך פאָרן קיין פּאַלעסטינע. מיר האָבן געמוזט וואַרטן צוויי מאָנאַטן ביז מיינע עלטערן האָבן באַקומען דעם סערטיפיקאַט. מיין געלט האָט זיך דערווייל אויסגעלאָזט, און די אויסגאַבן זיינען געווען גרויסע. מיר האָבן געוואוינט אין אַ האָטעל און געצאָלט הויכע געזאַלצענע פּרייזן. אָבער נישט געקוקט דערויף, איז דאָרטן געווען שמוציק, און מיר האָבן ביינאַכט נישט געקענט קיין אויג צוטאָן.

ענדלעך, נאָך צוויי מאָנאַטן זיך מאַטערן, האָב איך באַקומען פאַר מיינע עלטערן די דערלויבעניש איינצוואַנדערן קיין פּאַלעסטינע. איך האָב געקויפט שיף־קאַרטן און מיר האָבן איינגיכן זיך איינגעזעצט אין דעם דאַמפּער, וואָס איז אָפּגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע. מיין פרוי און קינד זיינען דערווייל געווען אין וואַרשע. אָבער, אויך דאָ, אויפן דאַמפּער, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „מיליאַנאָ", האָבן מיר זיך געטראָפן אויג־אויף־אויג מיט זיין מאַיעסטעט דעם טויט. עס איז געשען, ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צו סמירנע. מיר האָבן זיך דאָ געוואָלט אָפּשטעלן, אָבער מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז קעמאַל פּאַשאַ, דער פירער פון היינטיקן טערקיי, האָט באַזעצט די שטאָט און אַז עס הערשט דאָרטן קריגס־צושטאַנד. ווען מיר זיינען צוגעקומען נאָענט צו דער שטאָט, האָבן מיר דערזען, אַז זי ברענט. פון אַלע זייטן האָט מען דערהערט שרעקלעכע געשרייען. עס האָט זיך געהערט אַ דונערן פון קאַנאָנען און אַ שיסעריי פון ביקסן. מיין האַרץ איז צונויפגעשרומפּען געוואָרן, ווען איך האָב געזען אָט די סצענע פון בלוט און פייער. די גאַנצע שטאָט האָט געשריען, ווי באַהערשט פון שגעון, און די הייזער פון טויזנטער מענטשן זיינען אויפגעגאַנגען אין פלאַמען.

לעבן דער שטאָט זיינען געלעגן פאַראַנקערט שיפן פון פאַרשידענע פרעמדע רעגירונגען, און מען האָט אַהין געראַטעוועט די אויסלענדער. די שטאָט איז געווען פול מיט געשריי און יאָמער. אונדזער שיף האָט אויפגענומען אַ סך פראַנצויזישע און איטאַליענישע אונטערטאַנען. אַ גאַנצע נאַכט האָבן געדונערט די קאַנאָנען. און די שטאָט האָט געברענט פון אַלע

זייטן. אויפן ים זיינען געשוואומען טויטע, און אויך לעבעדיקע, וואָס האָבן אַזוי אַרום געפּרואווט זיך ראַטעווען. די יעניקע, וואָס האָבן זיך געראַ־טעוועט אויף אונדזער שיף, האָבן מיר דערציילט, אַז איבער די גאַסן פון סמירנע וואַלגערן זיך הונדערטער קעפּ, וואָס די טערקן האָבן אָפּגעהאַקט.

פינף טעג זיינען מיר אַזוי געשטאַנען און מיר האָבן יעדעס מאָל פונסניי אויפגענומען אַלערליי היימלאָזע. אונדזער פּראָוויאַנט און דער רעזערוו פון זיס וואַסער איז געווען היבש באַשרענקט. דער שיף־דאָקטאָר איז געווען שרעקלעך אויסגעמאַטערט, ווייל מיר האָבן אויך געמוזט אויפ־נעמען אַ סך פאַרוואונדעטע, וועלכע האָבן דאָ געקראָגן די ערשטע הילף. איך האָב מיך צוגעקוקט מיט אַ צעווייטיקט האַרץ צו דער בלוטיקער שפּיל, און איך האָב מיך יעדעס מאָל פונסניי געפרעגט: וואו איז די מאָראַל? וואוהין וועלן די אַלע שחיטות פירן? ווען וועלן זיי בעסער מאַכן? אין וועמענס נאָמען קוילן זיך אָט די אַלע מענטשן, וואָס קענען זיך נישט איינער דעם אַנדערן, און האָבן נישט קיין שום גרונט זיך צו האַסן? און ווער זיינען די יעניקע, וואָס רייצן־אָן אָט די אומגליקלעכע מענטשן איינער אויף דעם אַנדערן? וואו איז זייער געוויסן? איז זיי פרעמד יעדעס געפיל פון רחמנות? אָדער איז דאָס די מאָראַל פון דער גאַנצער מענטשהייט? פון אַלץ, וואָס לעבט און אָטעמט? איז נישטאָ מער קיין האָפענונג, אַז די מענטשהייט וועט אַמאָל אויפהערן אָט די בלוטיקע שפּיל, וואָס איר נאָמען איז קריג?

נאָך פינף טעג שטיין ביי סמירנע, האָט אונדזער שיף זיך געלאָזט אויפן וועג קיין יפו. איך האָב כמעט די גאַנצע שטרעקע פאַרבראַכט אין מיין קאַיוטע, אין טיפן שלאָף, וואָס איז געקומען נאָך עטלעכע וואָך־נעכט. פּלוצלונג האָט אַ ליאַרם מיך אויפגעריסן פון טיפן שלאָף. איך האָב דערהערט ווילדע אַראַבישע קולות, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיר זיינען אין יפו. די אַראַבער האָבן בוכשטעבלעך געשטורעמט די שיף און אָנגעבאָטן די פּאַסאַזשירן זייער דינסט. דאַנקן גאָט, מיר זיינען ווידער געווען ביי זיך אין דער היים. דער אייביקער וואַנדערער איז געקומען צו אַ ברעג. מיר זיינען גרייט געווען מיט אַלע אונדזערע חושים אָנצו־הויבן דאָס נייע לעבן.

# אַ ראַנדעוואו מיט דעם טויט

מיר זיינען איינגעזעסן אין אַ שיפֿל, וואָס האָט אונדז צוגעפֿירט צום ברעג. דער ים האָט זיך פֿעסט געוויגט און אונדזער שיפֿל האָט זיך גע־שאָקלט, ווי שיכור. מיין מוטער איז געוואָרן זייער! אומרואיק, אָבער דער פֿעסט־געבויטער אַראַבער האָט געראָדערט גלייך צום ציל און מיר זיינען באַלד אָנגעקומען צום האַפֿן. נישט לאַנג נאָכדעם ווי מיר זיינען אָנגעקומען, האָב איך געלאָזט וויסן ראַכילן און איר פֿאַמיליע, אַז מיר זיינען דאָ. די באַגעגעניש איז געווען זייער אַ האַרציקע און די פֿרייד — אַן אויפֿריכטיקע. מיר זיינען אַריבערגעפֿאָרן צו ראַכילס פֿאַמיליע, און מען האָט זיך אַ סך אָנדערציילט איינער דעם אַנדערן. אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך ראַכילן דערציילט, אַז איך האָב אין רוסלאַנד ווידער! געפֿונען מיין פֿרוי און מיין קינד, וועלכע איך האָב שוין לאַנג געהאַלטן פֿאַר טויט. איך האָב איר דערקלערט, אַז קיין שום זאַך אויסער דעם קינד בינדט מיך מער נישט מיט מיין פֿרוי, און איך האָב זי געפֿרעגט וואָס איך זאָל טאָן. איך האָב ראַכילן אָנגעוויזן דערויף, אַז מיר! האָבן אַ סך פֿאַרשטענדעניש איינער פֿאַר דעם אַנדערן, אין דער צייט ווען מיין פֿרוי און איך זיינען צוויי גאַנץ פֿאַרשיידענע מענטשן. ראַכיל האָט דערויף געענטפֿערט:

— טייערער, ווען דו וואָלסט נישט געהאַט קיין קינד פֿון אָט דער פֿרוי, וואָלט איך זיכער געוואָלט זיין דיינע. אָבער אַזוי ווי זי האָט מיט דיר אַ קינד, מוזטו געהערן צו דיין ווייב און קינד. איך קען דיר נישט איבערגעבן מיט קיין ווערטער ווי שווער עס איז מיר צו שיידן זיך פֿון דיר. דו וועסט מיר פֿעלן אויף טריט און שריט. אָבער איך קען נישט אַנדערש האַנדלען, ווייל איך ווייס, וואָס עס איז פֿאַר! אַ קינד צו בלייבן אָן אַ פֿאָטער. איך אַליין בין אויך דערצויגן געוואָרן פֿון אַ שטיף־פֿאָטער, און איך ווייס וואָס אַ קינד לײַדט אין אַזאַ פֿאַל. ניין, טייערער, דו מוזט בלייבן ביי דיין פֿרוי און זיין אַ פֿאָטער צו דיין קינד!...

יעדעס וואָרט האָט מיר פֿאַרשאַפֿט אומבאַשרייבלעכע לײַדן. איך האָב געזען, אַז איך פֿאַרליר אַ מענטשן, וואָס איז מיר! געווען זייער טייער, אָבער עס איז נישט געווען קיין אויסוועג. עס איז געווען אַ פּאַטום, קעגן וועלכן עס האָט נישט געהאַט קיין זין צו קעמפֿן.

איך האָב געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס צו באַזאָרגן מיינע עלטערן. צו

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

יענער צייט האָבן נאָך פיל איינוואוינער פון תל־אביב געוואוינט אין באַראַקן, ווייל די הייזער זיינען ניט געווען גענוג פאַר די עמיגראַנטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען. איך בין געווען מיט ראַכילן נאָך אַ קורצע צייט צוזאַמען, אָבער איך האָב נישט געקענט ברעכן איר פעסטן באַשלוס. איך האָב דערווייל, ווי געזאָגט, באַזאָרגט מיינע עלטערן, אַז זיי זאָלן האָבן זייער באַשיידן אויסקומעניש.

פלוצלונג האָב איך פונסניי באַקומען ווייטיקן אין מיין פוס, וואָס איז פאַרוואוּנדעט געוואָרן אין די פאַלעסטינער אומרוען. די וואונד האָט ווידער גענומען אייטערן. די דאָקטוירים האָבן מיך געראַטן, אַז איך זאָל גלייך אַריבערפאָרן קיין ווין, ווייל דער צושטאַנד איז געווען אַן ערנסטער. די קויל, מיט וועלכער דער אַראַבער האָט מיך מכבד געווען, האָט געמוזט זיין אַ פאַרגיפטעטע. איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי פאָלגן די דאָקטוירים. איך האָב מיך געזעגנט מיט ראַכילן, מיט מיינע עלטערן, און זיך געלאָזט פאָרן קיין ווין. ראַכיל האָט מיר געזאָגט מיט טרערן אין די אויגן, אַז זי וועט זיין אויף אייביק מיין פריינט און אַז זי וועט בלייבן מיר געטריי אויף שטענדיק, כאָטש מיר קענען נישט לעבן צוזאַמען.

נאָך אַ שווערן גייסטיקן קאַמף, בין איך אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע. די רייזע איז אַדורך אָן ספּעציעלע געשעענישן, אָבער איך בין געווען אין זייער אַ געדריקטער שטימונג. אַלץ, וואָס איך האָב געהאַט ביי מיר, האָט אָנגעטראָפן צען פונט. איך האָב קיינמאָל נישט געמאַכט פון געלט קיין גרויס וועזן. אָבער דאָס מאָל בין איך געווען שרעקלעך מיד, און די זאָרגן האָבן אַזוי שלעכט אויף מיר געווירקט, אַז אויף דעם פערטן טאָג פון דער נסיעה האָב איך באַקומען הויכן פיבער. די וואונד איז דערווייל געוואָרן אַלץ ערגער, און איך האָב מיך געמוזט ווענדן צו דעם שיף־דאָקטאָר. אין טריעסט האָב איך נישט געקענט אָפּשטייגן, און מען האָט מיך אַראָפּגענומען מיט אַ טראָג־ברעט. דערנאָך בין איך ווייטער געפאָרן קיין ווין. איך האָב זיך געווענדט צום ראָטשילד־שפּיטאָל, אָבער אַזוי ווי איך בין געווען אַן אויסלענדער, האָט מען מיך נישט אויפגענומען. איך בין דעריבער אַוועק אין פראַנץ־יאָזעף־שפּיטאָל, וואו איך האָב געהאַט פראַ־

טעקציע צו איינעם פון די דאָקטוירים, און מען האָט מיך דאָרטן אויפ־גענומען. דאָ בין איך געלעגן גאַנצע דריי מאָנאַטן. צוויי מאָל איז מיין פוס אָפּערירט געוואָרן. די ליידן זיינען געווען אומדערטרעגלעך. קיינער האָט מיך אין שפּיטאָל נישט באַזוכט, ווייל איך האָב דאָ נישט געהאַט קיין שום באַקאַנטע, און דאָס האָט מיך געמאַכט זייער טרויעריק. איך האָב מיט ווייטיק צוגעקוקט ווי צו די איבעריקע קראַנקע קומען היימישע, נאָענטע, קרובים, און מען ברענגט זיי בלומען און מתנות. אין מיין אָפּטיילונג, וואו עס זיינען געשטאַנען זעכציק בעטן, האָבן זיך געפונען אַ סך שווער־קראַנקע. לעבן מיר איז געלעגן אַ יונגער סטודענט, מיט וועלכן איך האָב אָפט געשמועסט. מיר זיינען געווען די איינציקע, וואָס האָבן דאָ נישט געהאַט קיין שום פריינט און באַקאַנטע. דער סטודענט האָט געליטן פון אַ שווערער קראַנקהייט. איינמאָל האָט ער מיך געבעטן איך זאָל אים דערלאַנגען די האַנט, ווייל דאָס וועט אים העלפן ער זאָל לייכ־טער איינשלאָפן. איך האָב געטאָן זיין ווילן און אים דערלאַנגט מיין האַנט, וועלכע ער האָט אָנגענומען מיט דאַנקבאַרקייט. פריער איז די האַנט געווען וואַרעם, אָבער וואָס לענגער ער האָט געהאַלטן מיין האַנט, אַלץ קילער איז געוואָרן זיין האַנט. ביז איך האָב פּלוצלונג דערפילט, אַז דער דרוק האָט נאָכגעלאָזט און אַז זיין האַנט איז פולשטענדיק קאַלט. נאָך אַ קורצן קראַמף, איז זיין קאָפּ צוריקגעפאַלן אויפן קישן. ער איז געווען טויט. איך האָב קוים געקענט אַרויסנעמען מיין האַנט פון זיינער. אָט דער טויט האָט אויף מיר געמאַכט אַזאַ דערשיטערנדיקן איינדרוק, אַז נאָך היינט שוידער איך אויף, ווען איך דערמאָן מיך דעריין.

עס איז כמעט נישט אַריבער קיין טאָג, אַז אימיצער זאָל נישט שטאַרבן אין מיין אָפּטיילונג. דער טויט האָט דאָ געשניטן אויף רעכטס און אויף לינקס . . .

אין יענע טריבע און איינזאַמע נעכט האָב איך אַ סך נאָכגעטראַכט וועגן דעם טויט. ער איז געווען אַזוי נאָענט צו מיר ווי קיינמאָל נישט ביז איצט. איך בין ערשט דאָ געקומען צום באַוואוסטזיין ווי אומבאַהאָלפן דער מענטש איז, ווי אָפּהענגיק ער איז פון יעדן קאַפּריז פון גורל, און ווי שווער עס איז פאָראויסצוזען וואָס עס דערוואַרט יעדן איינעם אין

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

דער נאָענטער אָדער אין דער ווייטערער צוקונפט. איך האָב איינגעזען, אַז דער מענטש האָט איין וועג: אונטערצואוואַרפן זיך דער געטלעכקייט, און זיין אַלעמאָל גרייט דערויף, וואָס דער גורל גרייט צו פאַר אים.

איך האָב מיך נאָך קיינמאָל נישט געפילט אַזוי הילפלאָז ווי דעמאָלט, אין דעם ווינער שפּיטאָל. איך האָב מיט איינמאָל דערזען די גאַנצע מענטשלעכע טראַגעדיע. צוזאַמען דערמיט איז געקומען אַ געפיל פון גלייכגילטיקייט צום לעבן. עס זיינען אפילו געווען מינוטן, ווען איך האָב געטראַכט וועגן מאַכן אַן ענדע צו אַלעמען. עס איז גענוג געווען אַ טראַכט צו טאָן, אַז דאָס אַלץ, וואָס איך האָב מיטגעמאַכט ביז איצט, קען זיך און וועט זיך, וואַרשיינלעך, איבערחזרן פונסניי, אַז איך זאָל פאַרלירן יעדע לוסט צום לעבן. קיין שום זאַך איז מיר אין יענע מינוטן נישט פאָרגעקומען אַזוי קליין און נישטיק ווי דער מענטש און זיין שיקזאַל. וואָס האָט דאָ געקענט העלפן די ציוויליזאַציע און אַלע אויפטוען פון דער טעכניק? מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז צו דעם מענטשלעכן עלנט איז קיין הילף נישטאָ, און אין אַזאַ שטימונג זיינען אַריבער טעג און וואָכן.

# צוויי פרויען

אײנמאָל אין אַ טאָג, ווען איך בין גע־
לעגן אין שפּיטאָל פּאַרטיפט אין מײנע געדאַנקען, וואָס זײנען ווײט נישט
געווען קײן פרײלעכע, איז אַרײנגעקומען די קראַנקן־שוועסטער און מיר
געמאָלדן, אַז מײן פרוי און מײן קינד זײנען געקומען מיך באַזוכן. איך
האָב זי אָנגעקוקט אַ פאַרװוּנדערטער און איבערגעפרעגט:

— מײן פרוי? מײן קינד?

— יאָ, אײער פרוי און אײער קינד! — האָט די שוועסטער גע־
ענטפערט. — זײ וועלן באַלד דאָ זײן!

איך האָב נישט געקענט גלויבן מײנע אײגענע אויערן. איז דאָס
מעגלעך, אַז מײן פרוי און קינד זײנען געקומען פון וואַרשע מיך צו זען?
אָבער באַלד זײנען זײ טאַקע אַרײנגעקומען. ווען איך האָב זײ דערזען,
האָב איך מיך מער נישט געקענט אײנהאַלטן און אָנגעהויבן צו װײנען.
מײן אינגל איז אַרויפגעקראָכן צו מיר אויפן בעט און געפרעגט: „וואָס
װײנסטו, פּאַפּאַ, עס טוט דיר אַזוי שטאַרק וויי?” דאָס וואָרט „פּאַפּאַ”
האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיקן אײנדרוק. בין איך ווירקלעך אַ
פאָטער פון אַ קינד? — האָב איך געפרעגט מיך אַלײן. — איז דאָס מעג־
לעך, אַז איך בין נישט אינגאַנצן אײנזאַם? געפינען זיך נאָך מענטשן,
וואָס איך בין זײערס און זײ זײנען מײנע? מײן פיר־יאָריקער זון איז
געשטאַנען פאַר מיר און מיך אָנגעקוקט מיט זײנע גרויסע קינדיש־פאַר־
וואונדערטע אויגן. אָט דער בליק האָט מיך ווי דורכגענומען. מײן פרוי
האָט שטילערהײט זיך אָנגערופן:

— איך פאַרשטײ, אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד דו געפינסט זיך. איך
האָב דערהאַלטן פון דײנע עלטערן אַ בריוו, אין וועלכן זײ האָבן מיר
איבערגעגעבן אין וואָס פאַר אַ לאַגע דו ביסט; אַז דו ליגסט אין אַ ווינער
שפּיטאָל און אַז דו נויטיקסט זיך אין אַ מענטשן. איך בין דעריבער גע־

קומען צו דיר קיין ווין. ראָכיל, ווי דו ווייסט, וויל אונדז נישט שטיין אין וועג. ווער־זשע האָט צו דיר געזאָלט קומען, אויב נישט איך?

אירע ווערטער האָבן דערוועקט אין מיר פאַרשיידענע געפילן. עס איז טאַקע אמת, האָב איך געטראַכט, אַז ראָכיל איז אַן אָנשטענדיקער, מאָראַלישער מענטש, וואָס איז פייאיק זיך צו ברענגען פאַר אַ קרבן. אָבער מיין פרוי איז דאָך נישט צוגעפאַסט צו מיר. אירע באַגריפן וועגן פאַמיליען־לעבן זיינען זייער אַלט־מאָדישע. זי האָט געקוקט אויף מיר נישט ווי אויף אַ פריינט, אַ חבר, מיט וועלכן מען קען טיילן געדאַנקען און געפילן, נאָר ווי אויף עפּעס אַ פאַמיליען־פאָטער, ענלעך צו איר אייגענעם פאָטער, וועמען זי האָט גענומען פאַר אַ מוסטער. דער אמת איז געווען, אַז מיר זיינען זיך אינערלעך געווען צוויי פרעמדע מענטשן, און געהאַט זייער ווייניק געמיינזאַמעס. פונדעסטוועגן האָב איך מיך אָנטשלאָסן, אַז אַזוי ווי זי איז שוין געקומען, זאָל זי שוין בלייבן. און זי איז טאַקע געבליבן אויך. אַ גאַנצן מאָנאַט האָט זי מיך באַזוכט יעדן טאָג, אָפט מיטגענומען דאָס קינד, און אַזוי אַרום אויסגעפילט די שעהן פון איינזאַמקייט, וואָס האָבן געהאַט אויף מיר אַזאַ שווערע ווירקונג.

ביסלעכווייז איז מיר געוואָרן אַלץ בעסער און בעסער. און צום סוף האָט מען מיך אינגאַנצן אויסגעשריבן פון שפּיטאָל. איך בין, אָבער, געווען אָן מיטלען, און געמוזט גלייך נעמען זאָרגן וועגן דעם מאָרגנדיקן טאָג. עס איז נישט אָנגעקומען לייכט פאַר אַ מענטשן ווי איך, אַן אויסלענדער, אָן אַ באַשעפטיקונג, צו געפינען אַרבעט אין דער אָרימער ווין, וואו צענדליקער טויזנטער מענטשן האָבן נישט געהאַט וואָס צו טאָן. דאָך האָב איך נאָך לאַנגע זוכענישן געפונען אַ שטעלע אין אַן עקספּאָרט־פירמע, און איך האָב דערפון דערנערט מיין פאַמיליע. מיין ציל איז געווען, איך זאָל קענען אָנזאַמלען געלט אויף אַ שיפס־קאַרטע, כדי באַלד דערנאָך זיך אומקערן קיין פּאַלעסטינע. נאָך אַ האַלב יאָר אַרבעט, האָב איך פאַרלוירן מיין פּאָסטן. אַלס אויסלענדער האָב איך דאָ געהאַט, ווי געזאָגט, זייער קליינע שאַנסן. איך האָב געהאַט אָפּגעשפּאָרט פונקט גענוג עס זאָל קלעקן אויף רייזע־הוצאות פאַר מיר און מיין קליינער משפּחה.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע פול מיט אומרו. עס האָט

# צוויי פרויען

מיך געפייניקט דער געדאַנק ווי אַזוי איך וועל קענען לעבן אין איין שטאָט, אין תל־אביב, סיי מיט ראַכילן, דער פרוי, וואָס איך האָב ליב און פאַרגעטער, און סיי מיט מיין פרוי און קינד? וועט נישט אַמאָל אָט די אינערלעכע צעריסנקייט פון מיין נשמה פירן צו שלעכטע קאָנסעקווענצן?

אין פאַלעסטינע האָט מיך דערוואַרט אַן אומאַנגענעמע בשורה. אין דער צייט, ווען איך בין דאָ נישט געווען, האָט ראַכיל געלאָזט וויסן מיינע עלטערן, אַז זי וויל נישט איך זאָל ווען־עס־איז קומען צו איר, און אַז מיר מוזן איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרגעסן איינער דעם אַנדערן. איך האָב מיך אויך דערוואוסט, אַז זי גרייט זיך חתונה צו האָבן. פאַר מיר איז דאָס געווען אַן איוב־בשורה. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך וועל עס קיינמאָל נישט קענען פאַרגעסן. מיינע געפילן צו איר זיינען אין משך פון דער גאַנצער צייט אויף קיין האָר נישט שוואַכער געוואָרן. אָבער דאָך האָב איך נאָך אַ לאַנגן אינערלעכן קאַמף באַשלאָסן אָפּצובריכן אונדזערע באַציאונגען.

נישט לאַנג דערנאָך האָב איך זי געזען צוזאַמען מיט דעם מאַן, וועלכן זי האָט זיך אויסגעקליבן. איך האָב נישט געגלויבט, אַז זי וועט זיין מיט אים גליקלעך. ער האָט אויסגעזען זייער איינפאַך און נישט סימפּאַטיש. איך וואָלט זיכער נישט געווען שטאַרק געגנוג דאָס־אַלץ איבערצוטראָגן, ווען נישט מיין קינד, וואָס איז געווען פאַר מיר אַ טרייסט צו אַלע צרות. דערצו בין איך געווען פאַרנומען מיט די זאָרגן וועגן אַן עקזיסטענץ. די לאַגע פון די אַרבעטער און פון דער גאַנצער פּראָדוקציע אין פאַלעסטינע איז געווען שטאַרק אָפּהענגיק פון די אַראַבער. די אַראַבער האָבן זייער אַ נידעריקן לעבנס־סטאַנדאַרד. זיי קענען אויסקומען פאַר ווייניק געלט, און זיי זיינען געווען אַ שטאַרקע קאָנקורענץ צו די אידישע אַרבעטער, וואָס האָבן גרעסערע לעבנס־פאָדערונגען. איך האָב געאַרבעט, אָבער איך האָב קוים־קוים געקענט אויסהאַלטן מיין פאַמיליע. שפּעטער האָב איך געעפנט אַ ביוראָ פאַר עקספּאָרט און אימפּאָרט. איך האָב געמוזט פיל אַרבעטן. פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט בין איך אַרומגעלאָפן איבער תל־אביב פון איין קונה צום אַנדערן. איך האָב ביסלעכווייז אָנגעהויבן צו מאַכן בעסערע געשעפטן, אָבער די אַרבעט איז געווען זייער

אַ שווערע. דערצו האָב איך מיך געפילט נישט גליקלעך אין פערזענלעכן לעבן, כאָטש איך האָב דאָס נישט אַרויסגעוויזן. מיין פאַמיליען־לעבן איז געווען אַן איינטאָניקס. איך און מיין פרוי האָבן זיך נישט פאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן און זיך נישט געקענט פאַרשטיין. מיין איינציקע לעבנס־חברטע, ראַכילן, האָב איך געהאַט פאַרלוירן, און אַט דער פאַקט האָט מיר נישט געגעבן קיין רו. נאָך אַ לאַנגער צייט פון אינערלעכע ראַנגלענישן האָב איך באַשלאָסן צו שרייבן צו ראַכילן, און איר צו שילדערן אַלע מיינע ליידן. איך האָב איר געשריבן, אַז איך בין ווי אַ לעבעדיקער מת, און אַז איך וואָלט זי געוואָלט נאָך איינמאָל זען אין מיין לעבן און זיך מיט איר צונויפצורעדן, ווי מיט אַ געטרייעם חבר. איך בין זיכער געווען, אַז ווי נאָר זי וועט דערהאַלטן אַט דעם בריוו, וועט זי מיר לאָזן וויסן, אַז זי וויל מיך זען. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב געהאַט אַ טעות. די אַנטוישונג איז געווען אַ שרעקלעכע. אין אַן אָוונט נאָכדעם ווי איך האָב אַרויסגעשיקט דעם בריוו, איז פּלוצלונג אַריינגעקומען אין מיין וואוינונג ראַכילס מאַן צוזאַמען מיט איר ברודער. דער מאַן האָט צו מיר אַ געשריי געטאָן:

— זאָגט מיר, כ׳בעט אייך, וואָס ווילט איר האָבן פון מיין פרוי?

איך בין נישט געווען אַליין אין שטוב. אַ סך באַקאַנטע האָבן זיך געהאַט ביי מיר צונויפגעזאַמלט. איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ פיינלעכער פאַרלעגנהייט. דאָך האָב איך מיך באַהערשט און אים רויִק געפרעגט:

— וואָס באַדייט אייער פראַגע?

דערויף האָט דער מאַן אַרויסגענומען דעם בריוו, וואָס איך האָב געשריבן צו ראַכילן, און אים אַוועקגעלייגט אויף דעם טיש.

— אַט דאָ האָט איר, לייענט! — האָט ער אויסגערופן צו מיין פרוי.

אַ ווײַלע בין איך ווי פאַרשטומט געוואָרן. דאַן האָב איך געזאָגט:

— זאָגט ראַכילן, אַז זי איז באַגאַנגען אַ מיאוסן טאַט, ווייזנדיק אייך אַט דעם בריוו. איצט זע איך, אַז דער קרבן איז נישט ווערט געווען...

און צו ראַכילס ברודער האָב איך אַ זאָג געטאָן:

— דו קענסט מיך, ישראל, און דו וועסט מיך אפשר פאַרשטיין. איך בעט דיך: פיר אַרויס דיין שוואָגער...



אידישע מיידלעך ביי די פורים־פייערונגען אין תל־אביב










די הייליקע שטאָט ירושלים.

# צוויי פרויען

מיין פרוי איז געווען בלייך, ווי קרייד, און האָט זיך ביז איצט נישט אָנגערופן מיט קיין וואָרט. ערשט, ווען ראַכילס מאַן האָט זיך געגרייט צו פאַרלאָזן די וואוינונג, האָט זי אים נאָכגערופן:

— זאָגט, ביטע, ראַכילן, אַז איך וועל בלייבן טריי מיין מאַן. עס איז אמת, אַז ער האָט ראַכילן ליב געהאַט פון גאַנצן האַרצן. אָבער איצט וועט ער זיך איבערצייגן, אַז זי איז נישט ווערט געווען די ליבע, צוליב וועלכער ער האָט אַזויפיל געליטן, און איך בין גליקלעך דערמיט!...

ראַכילס מאַן מיט דעם ברודער זיינען באַלד אַוועק. אויך די פאַר־זאַמלטע זיינען זיך צעגאַנגען נאָך דעם פיינלעכן אינצידענט. איך האָב איצט נאָכאַמאָל איבערגעטראַכט וואָס עס איז פאָרגעקומען, און געמוזט באַוואונדערן מיין פרויס האַנדלונג און דעם אופן ווי אַזוי זי האָט רעאַגירט. איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז מיין פרוי האָט אַ גוטן כאַראַקטער. אַן אַנדערע פרוי וואָלט אין אַזאַ פאַל אינגאַנצן אַנדערש געהאַנדלט. איך בין אויך מיט איינמאָל באַפרייט געוואָרן פון מיינע געפילן צו ראַכילן און פון דעם אינערלעכן צוואַנג צו טראַכטן וועגן איר. דער קאַמף פאַר דער עקזיסטענץ האָט, איבעריקנס, פאַרנומען דעם גרעסטן טייל פון מיין צייט און מיינע געדאַנקען.

יאָרן זיינען אַריבער. מיט דער צייט איז מיין עקאָנאָמישע לאַגע גע־וואָרן אַ בעסערע. איך האָב גענומען אַ גרעסערע וואוינונג און געקענט געבן מיין זון אַ גוטע דערציאונג. איך האָב געשיקט מיין זון אין גימנאַזיע. איך האָב אים געוואָלט געבן יענע מעגלעכקייטן, וועלכע איך אַליין האָב נישט געקענט דערגרייכן אין מיינע יונגע יאָרן. אַזוי אַרום זיינען אַוועק יאָרן. איך האָב געהאַט מיין היים, מיין זון, און אויך אַ פרוי, וואָס איז געווען די מוטער פון מיין קינד.

מיינע באַציאונגען צום קינד זיינען פון אָנהויב אָן געווען זייער צערטלעכע. איך האָב נישט געגעבן דעם קינד צו פילן די אָנגעצויגענע באַציאונג, וואָס האָט געהערשט צווישן מיר און מיין פרוי. איך האָב דאָס קינד ליב געהאַט מיט אַלע טיפענישן פון מיין האַרצן, ער איז געוואָרן אַ שטיק פון מיין איך. ער איז געווען אַ לעבעדיקער, אַ ריר־עוודיקער, און איך האָב געפילט, אַז מיר וועלן בלייבן חברים אויפן גאַנצן לעבן.

ער האָט מיר געגעבן נישט בלויז ליבע, נאָר אויך קראַפט צום לעבן. דאָס קינד האָט אויך געוואוסט פון מיינע זאָרגן. איינמאָל, ווען ער האָט מיך געזען זיצן אַ פאַרדאגהטן און טראַכטן מיינע מחשבות, האָט ער מיך אַ פרעג געטאָן:

— זאָג מיר, פאַפאַ, פאַרוואָס זאָרגסטו אַזויפיל? טוט דיר עפּעס וויי?

איך האָב אַ שמייכל געטאָן און געענטפערט:

— ווען דו וועסט עלטער ווערן, מיין טייער אינגל, וועסטו באַגרייפן אַ סך זאַכן. דו דאַרפסט וויסן, מיין קינד, אַז עס איז נישט לייכט צו פירן אַ פאַמיליען־לעבן. מען איז אויף שטענדיק צוגעבונדן צו איין מענטשן, און דאָס איז נישט קיין גרינגע זאַך. אָבער דיך, מיין אינגל, דאַרף דאָס נישט אָנגיין. דו דאַרפסט אַ סך לערנען, שטודירן, און אָנזאַמלען כוחות כדי שפּעטער נישט צו פאַלן אונטער דער לאַסט פון לעבן!

געצויגן האָט זיך אַזוי אונדזער לעבן כלומרשט גלאַטיק און האַר־מאָניש ביז צום יאָר 1927, ווען אין פּאַלעסטינע האָבן פונסניי אָנגעהויבן פּאַרצוקומען אומרוען, וואָס האָבן שפּעטער זיך פאַרוואַנדלט אין אַ ביר־גער־קריג. די באַציאונגען צווישן די אידן און די אַראַבער זיינען געוואָרן אַלץ אָנגעצויגענער. אויך האָבן געוויסע מלוכות געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס צו פאַרשטאַרקן דעם אַנטאַגאָניזם צווישןביידע פעלקער. די אַראַבישע גייסטלעכע האָבן, פון זייער זייט, געהעצט די פעלאַכן און בעדואינער. דערצו איז געוואָרן אַ שווערערווירטשאַפטלעכער קריזיס, אַ סך אונטער־נעמונגען האָבן באַנקראָטירט, און אויך איך האָב געמאַכט שלעכטע גע־שעפטן. שפּעטער איז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז עס איז שוין אינגאַנצן אוממעגלעך געווען צו עקזיסטירן. עס האָט געהערשט אַ וויסטע בהלה. יעדער איינער האָט זיך געפּרואווט ראַטעווען אויף זיין שטייגער, און מען האָט זיך וויי‌ניק־וואָס איבערגענומען ווי אַזוי דאָס וועט ווירקן אויף אימיצן־אַנדערש. די סוחרים און באַנקירן האָבן פאַרלוירן יעדע מאָס. דער קאַמף איז געווען אַ שרעקלעכער. אין דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ זיינען אַרויסגעקראָכן אַלע יענע פאַרדאָרבנקייטן, וואָס אין אַ נאָרמאַלער צייט פּרואווט מען זיי צו באַהאַלטן. אין מיין הויז, וואו מען האָט ביז איצט

# צוויי פרויען

געלעבט רואיק און געמיטלעך, האָט מען איצט פונסניי אָנגעהויבן צו ציטערן פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג. איך האָב אַלץ מער און מער געפילט ווי דער באָדן ווערט וואַקלדיק אונטער מיינע פיס. איך האָב געוואוסט פון מיין דערפאַרונג, אַז „פאַר אַלע זינד צאָלט מען אויף דער ערד". אָבער דאָסמאָל איז מיר שווער געווען צו באַגרייפן פאַר וואָסערע זינד איך מוז ליידן. איז עס דען אַ זינד, ווען אַ מענטש וויל לעבן און געניסן פון לעבן? דאַרף מען דען נישט פאָדערן פון לעבן דאָס, וואָס עס קען אונדז געבן?...

# באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ אין לעבן

די אַנטוישונגען, וועלכע איך האָב געהאַט פון מיינע מיטמענטשן, האָבן מיך אָנגעפילט מיט פאַרביטערונג. וויל די וועלט ווירקלעך, אַז מען זאָל זי אָפּנאַרן? עקזיסטירט אויף דער וועלט גאָרנישט מער ווי ליגן און שווינדל? דאָס לעבן אין לאַנד איז מיר אַלץ מער און מער געוואָרן דערווידער. איך האָב דעריבער באַשלאָסן ווידעראַמאָל אונטערצופירן אַ שטריך אונטער מיין לעבן און אָנצוהויבן פונסניי, אין אַן אַנדער לאַנד. איך האָב באַשלאָסן צו פאָרן קיין דרום־אַפריקע, און דאָרטן פונסניי אַ פּרואוו טאָן דאָס מזל.

איך האָב מיט אַ שווער האַרץ ליקווידירט מיין ביוראָ און פאַרקויפט דאָס לעצטע, וואָס איז מיר געבליבן. בלויז אַ טייל פון דעם געלט האָב איך מיטגענומען מיט מיר. דאָס איבעריקע האָב איך איבערגעלאָזט מיין פרוי און דעם קינד. איך האָב מיטגענומען מיט זיך אינגאַנצן וועלכע צוואַנציק פונט. איך האָב מיר אויסגעאַרבעט אַ פּאַס און אַ וויזע, און זיך געלאָזט זוכן גליקן אין אַפריקע. איך האָב געהערט, אַז דאָרטן קען מען פאַרדינען און לייכטער זיך איינאָרדענען. איך האָב זיך מיט אַ שווער האַרץ געזעגנט מיט מיינע אייגענע און בין אַרויסגעפאָרן קיין פאָרט סאַאיד. איך האָב געהאַט אין מיין טאַש גענוי זעכצן פונט מיט פופציק פּיאַסטער. די רעשט האָט צוגענומען די באַן. איך האָב אין פאָרט סאַאיד געהאַט אַ באַקאַנטן, דעם לייטער פון עמיגראַציע־אַמט, וועלכן איך האָב געבעטן ער זאָל מיך באַזאָרגן מיט אַ שיפס־קאַרטע קיין קאַפּשטאַדט. איך האָב געוואָלט אָנקומען קיין קאַפּשטאַדט פאַר יעדן פּרייז, אפילו אַלס בלינדער פּאַסאַזשיר. ער האָט געשיקט צו מיר אין האָטעל אַריין זיין פריינט, דעם פּאָליציי־שעף. יענער האָט מיר צוגעזאָגט אַ פרייע רייזע אויף אַ דאַמפּער, וואָס האָט געזאָלט אָפּפאָרן אין צוויי טעג שפּעטער. איך האָב, הייסט עס, געהאַט די שענסטע און באַרעכטיקסטע האָפענונגען, אַז עס וועט זיך מיר איינגעבן צו מאַכן אַ באַקוועמע נסיעה קיין קאַפּשטאַדט.

## באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ אין לעבן

אין צוויי טעג אַרום האָט דער דאַמפּער געזאָלט אָפּפאָרן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן צו זען די שטאָט פּאָרט סאַאיד, איידער איך פאָר אַוועק. פּאָרט סאַאיד איז דאָך עפּעס די פעסטונג פון דער ענגלישער אימפּעריע אויפן וועג קיין אַזיע. אין אמתן איז פּאָרט סאַאיד אַ טויטע שטאָט, און זי לעבט אויף אויף אַ ווייל בלויז דעמאָלט ווען עס קומט־אָן אַ שיף אין האַפן. און ווען מען לאָדט - אָן און מען לאָדט - אויס די שיף, איז די שטאָט באַלעבט פון די פּאַסאַזשירן און שיף־לייט, וואָס שפּאַצירן דאָ אַרום. אין די באַזאַרן און אין די קראָמען ווערט טומלדיק, הענדלער, בעטלער, אַלערליי קונצנמאַכער טוען אַלדאָס־מעגלעכעס צו פאַרדינען אַביסל געלט. די קאָפּע־הייזלעך, וואָס זיינען געוויינלעך פּוסט, וואַכן־אויף. מען האַנדלט דאָרטן מיט אַלערליי אָנדענקונגס־קאַרטן, טאַבאַק, ליקערס, און אפילו מיט טעפּיכער. די גיריקייט צו געלט איז דאָ גרויס, ווי איבעראַל אין אָריענט, און מען קען דאָ הנאה האָבן פון לעבן מער ווי אין מערב, וואו מען איז אייביק פאַריאָגט און פאַרהאַוועט.

נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר איבער דער שטאָט, האָב איך מיך צוריקגעקערט אין האָטעל אַריין, אין אַ גוטער שטימונג, פול מיט האָפענונגען. איך האָב מיך נאָך נישט באַוויזן רעכט אָפּצורוען, ווי עס איז געקומען צו מיר מיין נייער פריינט פון פּאָרט סאַאיד, דער פּאָליציי־שעף, און מיך איינגעלאַדן, איך זאָל מיט אים מאַכן אַ נסיעה קיין קאַהירע. מיר זיינען אַריבערגעפאָרן אַהין און אָנגעקוקט די הערלעכע עלעגאַנטע בולוואַרן און דעם גאַנצן לוקסוס פון דער שטאָט. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן זיך דאָ אַרומצודרייען צווישן דעם גרויסן פיל־פאַרביקן המון. שפּעטער זיינען מיר געפאָרן מיט דעם טראַמוויי צו די פּיראַמידן פון גיזע, וואו מיר זיינען בוכשטעבלעך באַפאַלן געוואָרן פון די אַראַבישע פירער. יאָרטויזנטער האָבן צו אונדז אַראָפּגעקוקט, ווי שטומע עדות פון מענטשלעכן אומזין. דערנאָך זיינען מיר צוריקגעפאָרן קיין פּאָרט סאַאיד. איך בין געווען מיד און צעבראָכן, ווייל די היץ איז געווען גרויס. די זאָרגן, וואָס האָבן מיך געהאַט אָפּגעלאָזט אויף אַ שטיקל צייט, האָבן פונסניי מיך גענומען פּיי־ניקן. איך בין געזעסן מיט מיין באַקאַנטן, געפּלוידערט, גערעדט וועגן אַלץ און אַלעמען, און די זאָרגן האָבן דערביי געטאָן דאָס זייעריקע: זיי

האָבן געעגבערט, געמאַטערט, און נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין רגע, ווי אַ צאָן־ווייטיק.

פּלוצלונג האָט אימיצער מיך אַרומגעכאַפּט, זיך צעקושט מיט מיר און מיך געגומען באַשיטן מיט פראַגן. אַלץ איז געשען אַזוי שנעל, אַז איך בין אַ ווײַלע געבליבן ווי פאַרגליווערט פון שטוינונג. באַלד האָט יענער אָנגערופן זיין נאָמען, און איך האָב ערשט איצט דערקענט מיין יוגנט־פריינט, דוד, פון אָדעסער קאָנסערוואַטאָריע. אַמאָל זיינען מיר געווען נאָענטע חברים. איצט איז דוד געווען אַ סאָלידער מאַן מיט אַ פראַנץ־יאָזעף־באָרד. איך, ער און יאַשאַ, זיינען געווען אַמאָל די בעסטע פריינט. אונדזער ביידנס פרייד איז געווען אַ גרויסע. דער פּאָליציי־שעף, וואָס איז דערביי געווען, האָט מיך גלייך אינפאָרמירט, אַז מיין פריינט איז אַ דירעקטאָר פון אַ גרויסער געזעלשאַפט אין פּאָרט סאַאיד. איך האָב מיך שטאַרק דערפרייט. אין מיין זכרון האָבן אויפגעטויכט עטלעכע אָנגענעמע זכרונות פון די אַמאָליקע יאָרן. מיין פריינט האָט מיר דערוויילן דערציילט, אַז ער איז פאַרהייראַט, האָט צוויי קינדער, און אַז ער איז אין אַלע הינזיכטן גליקלעך און צופרידן. באַלד האָט ער מיך איינגעלאַדן צו זיך אין הויז אַריין, — דו מוזט קומען, ווייל דו וועסט ביי מיר אין הויז האָבן אַ גרויסע איבעררעשונג! — האָט ער געטענהט. איך בין באַלד צו אים אַריבערגעפאָרן. אויף דעם וועג האָבן מיר געשפּאַסט און געלאַכט. צום סוף זיינען מיר אַנטשוויגן געוואָרן. איך בין געווען אינגאַנצן פאַר־טיפט אין מיינע געדאַנקען, ווען מיר זיינען שטיין געבליבן ביי אַ ווילע. אַן אַראַבישע דינערין האָט געעפנט די טיר. מיין פריינט האָט זיך אַנט־שולדיקט אויף אַ ווייל און איך בין געבליבן שטיין אין פאָדער־הויז. פּלוצלונג האָט זיך געעפנט די טיר און אַ פרוי האָט זיך באַוויזן. איך האָב פאַרלוירן דאָס לשון פון איבעררעשונג. אין דער טיר איז געשטאַנען אונדזער געמיינזאַמע חברטע פון די יוגנט־יאָרן, ראָזע. מיר האָבן זיך אַמאָל צוליב איר שטאַרק אַרומגעקריגט און אפילו זיך געשלאָגן, ווייל יעדער פון אונדז האָט געחלומט מיט איר אַמאָל חתונה צו האָבן. איצט האָט די זעלביקע ראָזע זיך מיר געוואָרפן אויפן האַלדז, מיך אַרומגענומען אויפן רוסישן שטייגער און אַ באַגייסטערטע אויסגערופן:

# באַרג-אַרויף און באַרג-אַראָפּ אין לעבן

— איז דאָס מעגלעך, ביזטו דאָס דער זעלביקער, פריינט ?

אירע צוויי קינדער, וואָס זיינען געשטאַנען דערלעבן, האָבן געקוקט דערשטוינט סיי אויף דער מוטער, סיי אויף מיר, און געפרעגט :

— מאַמע, ווער איז דער אָנקל ? פאַרוואָס וויינסטו ?

ראָזע האָט דערקלערט אירע קינדער, אַז איך בין אירער אַ יוגנט-חבר און אַז מיר האָבן יאָרן-לאַנג שטודירט צוזאַמען. ראָזע און דוד האָבן מיך דערנאָך אַריינגעפירט אין זייער וואוינונג, מיך באַשאָטן מיט פראַגן, און מיר זיינען אַזוי אָפּגעזעסן אַ גאַנצע נאַכט. גאַנץ פרי האָט מיין פריינט מיך געבעטן, איך זאָל מיט אים אַריינגיין אין אַ באַזונדער צימער. דאָרטן האָט ער מיר געגעבן צו וויסן, אַז מיין געפּעק געפינט זיך ביי אים אין שטוב. ער האָט זיך, נעמלעך, דערוואוסט פון מיין פלאַן צו פאָרן קיין דרום-אַפריקע, האָט גערעדט וועגן דעם מיט מיין באַקאַנטן און איז געקומען צום באַשלוס, אַז עס טויג נישט פאַר מיר, איך זאָל פאָרן אַהין. ער האָט מיר פאָרגעלייגט, איך זאָל דערוויל בלייבן ביי אים. ער האָט מיך געבעטן, איך זאָל אים זאָגן וואָס פאַר אַן אַרבעט איך בין פייאיק צו טאָן. איך האָב אים דערציילט, אַז די לעצטע יאָרן האָב איך מיך באַשעפטיקט אַלס סוחר און קאָמיסיאָנער. ער האָט מיר פאָרגעלייגט, אַז ער וועט מיך שטיצן מיט געלט-מיטלען, און ער האָט מיר גלייך געגעבן הונדערט פונט. איך האָב דעם גאַנצן נאָכמיטאָג פאַרבראַכט אין זיין הויז. איך האָב איבערגעטראַכט די גאַנצע סיטואַציע. פאַרוואָס זאָל איך זיך לאָזן אין דער וועלט אַריין, ווען איך קען דאָ באַקומען באַשעפטיקונג ביי אַ נאָענטן פריינט ? ווי זאָגט דאָס שפּריכוואָרט : אובי בענע איבי פּאַטריאַ, וואו עס גייט איינעם גוט, דאָרטן איז זיין פאָטערלאַנד. פאָרט סאַאיד איז נישט ערגער ווי יעדע אַנדערע שטאָט אויף דער וועלט.

יענעם טאָג האָב איך גלייך אַריבערגעשיקט אַ גרעסערע סומע אַהיים צו מיין פאַמיליע. מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז שוין געווען איינגע-אָרדנט פאַר מיר אַ גלענצנדיקע ביוראָ, און נאָך מיט צוויי אָנגעשטעלטע פאַר אַ צוגאָב, ווייל מענטשן זיינען אין פאָרט סאַאיד דאָס ביליקסטע. מיין פריינט האָט מיך פאָרגעשטעלט פאַר עטלעכע באַנק-דירעקטאָרן און געהאָלפן מיר אָנקניפּן באַציאונגען מיט אַלערליי גראָס-ליפעראַנטן, און

אַזוי אַרום האָב איך אָנגעהויבן צו אַרבעטן. איך האָב געקויפט ביי די גראָס־ליפעראַנטן סחורה און זי פאַרקויפט ווייטער אין דעטייל, און דאָס האָט מיר אַריינגעבראַכט אַ גוטן ריווח. אין פיר מאָנאַטן צייט האָב איך אויסגעצאָלט מיין פריינט דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט אין מיין אונטערנעמונג. מיין געשעפט האָט זיך פאַרגרעסערט. איך האָב זיך פאַררעגיסטרירט אין האַנדלס־קאַמער און בין אויפגענומען געוואָרן אין דעם פאַרבאַנד פון סוחרים, צו וועלכן מיין פריינט האָט געהערט.

די אַרבעט איז געווען זייער שווער. מיין פריינט האָט מיר פאָרגעשלאָגן, אַז אָנשטאָט צו קויפן די סחורות פון די ליפעראַנטן, זאָל איך זיי גלייכער באַציען דירעקט פון די פאַבריקן. אַזוי אַרום וועלן די פאַרדינסטן זיין גרעסערע. איך האָב געזאָלט פאָרן קיין אייראָפּע און איינקויפן סחורה. אונדזערע רעפּערענצן זיינען געווען אויסגעצייכנטע, און מיין פריינט איז גרייט געווען אין דעם נייעם געשעפט אַריינצולייגן עטלעכע טויזנט פונט. איך האָב אויפגענומען אָט דעם פּלאַן מיט פרייד.

אין עטלעכע טעג אַרום האָב איך פאַרלאָזט מיין ביוראָ, אין וועלכן עס זיינען געבליבן טעטיק די אָנגעשטעלטע, און בין אָפּגעפאָרן קיין אייראָפּע. מיין רייזע האָט געפירט דורך איטאַליע קיין עסטרייך, און דערנאָך איבער דייטשלאַנד און פראַנקרייך.

עס איז געווען פאַר מיר אַ פאַרגעניגן ווידער אָנצוקוקן אייראָפּע. עטלעכע וואָכן האָב איך געהאַלטן אין איין אַרומפאָרן. איך האָב באַגעגנט נייע מענטשן און באַקומען נייע איינדרוקן. דערביי האָב איך געפירט וויכטיקע אונטערהאַנדלונגען פאַר מיין נייער פירמע אין פאָרט סאַאיד. אין ווין האָב איך געהאַט אַביסל קענטשאַפט פון פריער. בערלין איז געווען פאַר מיר אַ נייע שטאָט. איך האָב שוין געהאַט געזען נישט איין גרויסע שטאָט. אָבער דער איינדרוק, וואָס בערלין האָט אויף מיר געמאַכט, איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער.

איך בין ערשט געווען אַ קורצע צייט אונטערוועגנס, אָבער איך האָב כמעט דאָס גאַנצע געלט געהאַט אויסגעצאָלט אַלס אַנגאַבעס פאַר אַלערליי סחורות, ווייל איך האָב אָנגעקויפט אַ סך מער וויפיל איך האָב מיר פאַרגענומען איידער איך בין אַרויסגעפאָרן. פּלוצלונג האָב איך דערהאַלטן

## באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ אין לעבן

אַ טעלעגראַמע, אַז איך זאָל אָפּשטעלן דאָס איינקויפן פון נייע סחורות, און אַז איך זאָל מיט דער ערשטער שיף קומען קיין פּאָרט סאַאיד. איך האָב נישט פאַרשטאַנען, וואָס דאָס זאָל באַטייטן, אָבער איך בין זיכער געווען, אַז ווען מען רופט מיך צוריק פון וועג, איז זיכער עפּעס געשען, נישט קיין גוטס. איך האָב מיך אומגעקערט קיין פּאָרט סאַאיד אַזוי שנעל ווי עס איז נאָר מעגלעך געווען.

ווען איך בין אָנגעקומען קיין פּאָרט סאַאיד, האָב איך גענומען אַ טאַקסי צו מיין ביורא. די ביורא איז געווען געשלאָסן. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען, אַז עפּעס אַן אומגליק איז פאַרלאָפן, און איך האָב מיך גע־הייסן פירן צו מיין פריינטס ווילע. ראָזע האָט מיר דערקלערט, אַז עס איז ווירקלעך געשען עפּעס אומאָנגענעמס, און אַז איר מאַן וועט מיר מיטאָג־צייט, ביים טיש, אַלץ אויפקלערן. זי האָט אויסגעזען אַזוי טרויעריק, אַז איך בין פאַרשטומט געוואָרן און מער גאָרנישט גערעדט און געפרעגט.

איך האָב געוואַרט אומגעדולדיק אויף מיין פריינטס קומען און איך האָב מיך ענדלעך דערוואַרט. ער האָט מיך באַגריסט זייער פריינטלעך. דאַן האָט ער מיר דערציילט אין קורצן, אַז די גראָס - ליפעראַנטן פון פּאָרט סאַאיד זיינען אַריינגעפאַלן אין גרויס צאָרן, פאַרוואָס איך האָב מיך פאַרבונדן דירעקט מיט די פאַבריקן. זיי האָבן דעריבער אַוועקגעשריבן צו דער גענעראַל־דירעקציע פון דער געזעלשאַפט אין פּאַריז, ביי וועלכער מיין פריינט איז געווען אָנגעשטעלט, אַז מיין פריינט מאַכט גרויסע גע־שעפטן פּריוואַט, צוליב אייגענע פאַרדינסטן, און אַז ער נוצט אויס פאַר דעם צוועק דעם קרעדיט פון דער געזעלשאַפט. דערויף איז אָנגעקומען אַ דעפּעשע פון פּאַריז, אַז מיין פריינט זאָל אין משך פון פיר־און־צוואַנציק שעה ליקווידירן אַלע פּריוואַטע געשעפטן. דעריבער האָט מיין פריינט מיך גלייך צוריקגערופן פון אייראָפּע און געלאָזט פאַרשליסן מיין ביוראָ. וואָלט ער דאָס נישט געטאָן, וואָלט ער געווען פאַרלוירן זיין לאַנג־יאָריקן און גוט־באַצאָלטן פּאָסטן.

אָט די בשורה האָט מיך געמאַכט זייער טרויעריק. וואָס האָב איך איצט געזאָלט טאָן ? איך בין געווען אויף דעם וועג רייך צו ווערן, אָבער איך בין געבליבן שטעקן אינמיטן. איך האָב איצט געמוזט לאָזן וויסן די פיר־

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

מעס אין איראָפּע, וועלכע איך האָב איינגעצאָלט אָנגאָבן אויף סחורה, אַז מיין פריינט געהערט מער נישט צו דער פירמע, און אַז איך פאַרלאַנג קרעדיט בלויז אויף מיין אייגענעם נאָמען. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי די פירמעס אַ חשד, אַז עפּעס איז דאָ נישט אַלץ אין אָרדענונג, און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט מיר צו געבן קרעדיט. מיר האָבן דעריבער נישט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג ווי צו ליקווידירן די ביוראָ. פון דער גאַנצער בהלה האָב איך קוים אָפּגעראַטעוועט וועלכע ניינציק פונט. איך האָב געפּרואווט אויסגעפינען שותפים, וואָס זאָלן גרייט זיין צו צאָלן פאַר די סחורות, אויף וועלכע איך האָב איינגעצאָלט האַנט־געלט, און בין אַרומגעלאָפן איבער דער שטאָט פון פרימאָרגן ביז שפּעט אין אָוונט. מיינע קעשענעס זיינען פול געווען מיט אַלערליי פּראָוועלעך פון סחורות און מיט חשבונות. אָבער איך האָב קיינעם נישט אויסגעפונען. נאָך דריי מאָנאַטן שווערער אַרבעט און אַרומלויפעניש, איז אַלץ געווען פאַרלוירן, אויך די עטלעכע פונט, וואָס זיינען מיר געבליבן.

איך בין געוועזן צוליב דעם אַלעמען זייער געקרענקט. נישט בלויז האָב איך פאַרלוירן געלט און גוטע שאַנסן, נאָר איך האָב נישט ווילנדיק געשעדיקט מיין פריינט אויך. די ווינער סוחרים האָבן געהאַט צו אונדז טענות און געשריבן בייזע בריוו. איך האָב מיך געפילט שולדיק, כאָטש איך בין נישט באַגאַנגען קיין שום זינד און בין בלויז געווען אַ קרבן פון די אומשטענדן.

עס איז געווען אַ דורכפאַל אין פולן זין פון וואָרט. לאַנג בלייבן אין פּאַריז סאַאיד האָט מער נישט געהאַט קיין זין. איך האָב זיך געזעגנט מיט מיין פריינט און מיט זיין פרוי און זיך אומגעקערט קיין פּאַלעסטינע. אויפן גאַנצן וועג אַהיים האָבן מיך די טרויעריקע געדאַנקען נישט אָפּגעלאָזט אויף אַ מינוט. אַ פאַרביטערטער פאַרלאַנג האָט זיך אין מיר דערוועקט: איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו מאַכן אַן עק צו דעם גאַנצן לעבן מיינעם און צו אַלע מאַטערנישן. מיר איז פאַרגעקומען, אַז אַלע וועגן זיינען איצט פאַר מיר פאַרשלאָסן. עס איז מיר געבליבן אין זכרון דאָס בילד פון מיין געזעגענען זיך מיט מיינע פריינט. ביידע האָבן געוויינט, ווען זיי האָבן מיך צוגעפירט צו דער באַן, און איך האָב נישט געקענט

## באַרג־אַרויף און באַרג־אַראָפּ אין לעבן

פאַרגעסן זייערע פּנימער. מיר האָט זיך אויסגעדוכט, אַז עס איז אַ באַשטימטע זאַך פון גורל, אַז וואוהין איך זאָל נישט קומען און מיט וועמען איך זאָל נישט האָבן צו טאָן, מוז איך ברענגען מיט זיך בלויז אומגליק און טרויער.

ענדלעך איז דער צוג אָנגעקומען קיין יפו, און איך האָב, אַ מידער און אַ צעבראָכענער, זיך אומגעקערט קיין תּל־אביב.

# עפּיזאָדן

מיין פאַמיליע האָט מיך אויפגענומען מיט טרערן אין די אויגן. דאָך האָבן מיין פרוי און מיין קינד מיר צוגעגעבן נייע ענערגיע און נייעם מוט. אין יענעם אויגנבליק האָב איך געפילט ווי נאָענט זיי זיינען מיר געווען. איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן ווי אַזוי מען לאַכט. הערנדיק מיין קינד לאַכן, בין איך דערשראָקן געוואָרן. עס האָט געקלונגען פאַר מיר מאָדנע שיין און מאָדנע פוסט. איך האָב מיך אַליין געפרעגט: בין איך נאָך דער אייגענער?

דאָס לעבן אין פאַלעסטינע האָט מיך שוין געהאַט מיד געמאַכט. דער אידעאַליזם, מיט וועלכן מען קומט־אָן אין לאַנד, הערט אויף אין משך פון יאָרן, ווען מען זעט־איין אַלץ מער און מער ווי יעדער איינער זאָרגט פאַר זיך און ווי ווייט מען איז איינזאַם אין דעם אייגענעם פאָטערלאַנד. איין יאָר לעבן אין פאַלעסטינע פאָדערט מער אָנשטרענגונג ווי צען יאָר לעבן אין אַן אַנדער לאַנד.

שווערע מאָנאַטן האָבן זיך אָנגעהויבן פאַר מיר. איך האָב געזוכט אַרבעט און בין געווען גרייט צו טאָן אַלץ, וואָס עס וועט זיך נאָר לאָזן. אָבער איך האָב נישט געפונען קיין אַרבעט, ווייל די צאָל אַרבעטסלאָזע איז געווען גרויס. נאָך לאַנגע אָנשטרענגונגען איז מיר ווידער געלונגען צו עפענען די קאָמיסיאָנס־ביוראָ און איך בין אויפסניי געווען פאַרנומען פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט כדי אויסצואַרבעטן מיין שטיקל ברויט. ווי לאַנג דער קריזיס האָט געדויערט, האָט אפילו נישט געהאָלפן די שווערע אַרבעט,, ווייל די צאָל קונים איז געווען זייער אַ קליינע. און ווי לאַנג דער קריזיס וועט דויערן, האָט קיינער נישט געקענט פאָראויסזען. איינער פון מיינע פריינט, זאַקס, האָט מיך אַריינגענומען אין אַ פאַרזיכערונגס־געזעלשאַפט, וואו איך בין געוואָרן אַן אַגענט, און האָב אפילו די ערשטע צייט געהאַט אַ געוויסן דערפאָלג. אָבער די מיאוסע קאָנקורענץ, וואָס האָט געהערשט אין אָט דער פּראָפעסיע, און די פאַר־

# עפּיזאָדן

דאָרבענע מיטלען, וועלכע די אַגענטן פון פאַרשיידענע געזעלשאַפטן האָבן אָנגעווענדט אין זייער קאַמף פאַר פאַרדינסט, האָט מיך אָנגעפילט מיט אַזאַ עקל, אַז איך האָב מיך באַלד געמוזט אָפּזאָגן פון אָט דער נישט־עסטעטישער פּראָפעסיע. איך האָב ווייטער זיך גענומען צו אימפּאָרט און עקספּאָרט, און עס האָט מיט דער צייט מיר אָנגעהויבן צו גיין אַביסל בעסער. עס איז שווער איבערצוגעבן אין אַ בוך אַלע יענע קאָמפּליקאַציעס, מיט וועלכע עס איז פאַרבונדן דאָס לעבן פון אַ געשעפטס־מאַן אין אַזאַ קליין לאַנד ווי פאַלעסטינע, וואו די קאָנקורענץ איז זייער גרויס, און וואו אַלץ ווערט געפירט אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב. אָבער איך האָב מיך ביסלעכווייז צוגעוואוינט צו די אומשטענדן און איך האָב געלעבט. קיין וויכטיקע געשעענישן זיינען אין מיין לעבן איצט נישט פאָרגעקומען. סיידן דאָס, וואָס אין איינעם אַ טאָג האָט זיך געעפנט די טיר פון מיין געשעפט און עס איז אַריינגעקומען נישט קיין אַנדערער ווי מיין יוגנט־פריינט יאַשאַ, וואָס איז געקומען קיין פאַלעסטינע אויף אַ קאָנצערט. די פרייד פון אָט דער באַגעגעניש איז געווען אַ גרויסע.

איך האָב ווידער געמאַכט נישט־שלעכטע געשעפטן. איך האָב אָפט געמוזט מאַכן ווייטע נסיעות. איך האָב גענומען אַ גרעסערע וואוינונג. אויך מיין ביוראָ און די צאָל אָנגעשטעלטע איז מיט דער צייט פאַרגרעסערט געוואָרן. אָבער אין מיין פאַמיליע־לעבן איז נישט פאָרגעקומען קיין שום ענדערונג. ווען איך בין נאָך אַ גאַנצן טאָג שווערער אַרבעט געקומען אַהיים, האָב איך נישט געהאַט קיין שום גרונט צו האָבן פאַרגעניגן פון מיין פאַמיליען־לעבן. מיין פרוי האָט נישט אַרויסגעוויזן פאַר מיר קיין שום פאַרשטענדעניש. עס האָט אפילו געפעלט אין מיין הויז יענע רו, וואָס איז נויטיק געווען פאַר מיר נאָך אַ טאָג אָנגעשטרענגטער אַרבעט, אָפּט אין אַ שווערער היץ, צו וועלכער אַן איראָפּייאישער מענטש קען זיך נישט אַזוי גיך צוגעוואוינען. די איינציקע טרייסט איז געווען פאַר מיר מיין אינגל. איינמאָל אין אַן אָוונט, ווען איך בין אַהיימגעקומען, האָט ער מיר דערציילט, אַז ער האָט געשטעלט דעם לערער אין גימנאַזיע עטלעכע פראַגן וועגן אַסטראָנאָמיע, און אַזוי ווי דער לערער האָט אים נישט געקענט געבן קיין צופרידנשטעלנדיקן ענטפער, האָט ער זיך גאַנץ

איינפאַך געווענדט צום פּראָפעסאָר איינשטיין. עס האָט אויך נישט לאַנג געדויערט ווי עס איז אָנגעקומען פון פּראָפעסאָר איינשטיין אַן ענטפער. אָט דער פאַקט האָט געמאַכט אַן איינדרוק אין פּאַלעסטינע און מען האָט וועגן דעם געשריבן אין די צייטונגען. מיין זונס פאָטאָגראַפיע איז פאַר־עפנטלעכט געוואָרן. איך וועל דאָ איבערגעבןביידע בריוו.

אָט איז מיין זונס בריוו:

תל־אביב, דעם 9טן אַפּריל, 1931.

צום הער פּראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין, בערלין.

זייער געערטער הער פּראָפעסאָר, איך סיאָמע גלאַזער, בין אַ שילער פון דער העברייאישער גימנאַזיע אין תל־אביב. איך וואָלט געוואָלט מיך ווענדן צו אייך מיט אַ פראַגע. מיט עטלעכע טעג צוריק האָב איך גערעדט מיט מיינע חברים וועגן דעם הימל און דער ערד און מיר האָבן געהאַט אַ דיסקוסיע. אַזוי ווי נישט מיינע חברים און נישט מיין לערער האָבן מיר געקענט געבן אַ גענויען ענטפער אויף מיין פראַגע, האָב איך געבעטן מיין פאָטערס סעקרעטאַר, ער זאָל מיר אָנשרייבן אַ בריוו צו אייך, הער פּראָפעסאָר.

די ערשטע פראַגע: אויב די איינצלנע שטערן זיינען אַזוי גרויס ווי אונדזער ערד און נאָך גרעסער, ווי אַזוי קענען די אַלע מיליאָנען מיליאַרדן שטערן געפינען גענוג פּלאַץ אויף דער וועלט?

די צווייטע פראַגע: ווי אַזוי קענען אָט די אַלע שטערן זיך געפינען אַזוי נאָענט איינער פון דעם אַנדערן?

איך בעט אייך, הער פּראָפעסאָר, מיר צו ענטפערן אויף אָט די פראַגן. איך דאַנק אייך פאַר אייער פריינטלעכקייט פאָראויס און צייכן מיט וואַרימע ארץ־ישראל גרוסן,

אייער איבערגעגעבנער, סיאָמאַ גלאַזער.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט ווי עס איז געקומען אַן ענטפער. דער בריוו האָט געטראָגן דעם דאַטום פון זיבעצנטן אַפּריל 1931, און עס איז דאָרטן געווען געשריבן מער־ווייניקער אַזוי: „ווי גרויס די פּאָמעראַנצן פון ארץ־ישראל זאָלן נישט זיין, און ווי מעכטיק עס זאָל נישט זיין זייער

# עפּיזאָדן

צאָל, וועט מען אַלץ געפינען געגוג גרויסע קאַסטנס, וואוהין מען וועט זיי איינפּאַקן. גאָטס קאַסטן איז אַזוי גרויס, אַז עס איז דאָ פּלאַץ פאַר אַלע הימלישע קערפּערס".

די צייטונגען האָבן, ווי געזאָגט, פאַרעפנטלעכט בײדע בריוו. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָט מיין זון געמאַכט פון ים־מושעלס אַן עראָפּלאַן, וואָס איז געווען קנאַפּע צוויי מעטער די לענג. דער קונציק־געמאַכטער עראָפּלאַן האָט אַרויסגערופן גרויס אַנזען, און ער געפינט זיך איצט אין שטאָטישן מוזעי צוזאַמען מיט אַ בילד פון מיין זון. מען האָט מיין זון בכלל באַטראַכט פאַר אַ וואונדער־קינד. ער האָט געקענט גלענצנדיק נאָכמאַכן מענטשן און אַרויסגעוויזן מימישע פייאיקייטן. ער האָט אויך שיין געשפּילט קלאַוויר און געזונגען. איך בין נישט בלויז שטאָלץ געווען אויף מיין זון, נאָר איך האָב אין אים געזען אַ חבר. אָבער דאָס קינד האָט מיר דאָך נישט געקענט פאַרטרעטן קיין פרוי. איך האָב נאָך אַלץ געבענקט נאָך אַ פרוי, וואָס זאָל מיך פאַרשטיין, נאָך אַ צאַרטער נשמה, וואָס איר וואַרימקייט און פריינטלעכקייט זאָלן מיר געבן אַן אינטערעס אין דעם לעבן, וואָס איז אויסגעפאַלן פאַר מיר אַזוי שווער.

ווידער איז אַוועק אַ שטיק צייט. נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין געווען גרייט צו פאַרבלייבן מיט מיין פרוי און מער נישט צו זוכן קיין גליק אין לעבן, איז אונזער צוזאַמענזיין געוואָרן ערגער און אומ־דערטרעגלעכער פון טאָג צו טאָג. צום סוף האָבן מיר בײדע באַשלאָסן, אַז די בעסטע זאַך וועט זיין זיך פריער אָדער שפּעטער צו גטן. אונדז האָט פאַרבונדן דאָס אינגל, אָבער איצט איז ער שוין אַלט געווען דרייצן יאָר. ער איז געווען רייף, גוט־אַנטוויקלט, און מיר האָבן קיין זאַך נישט באַדאַרפט באַהאַלטן פון אים.

# ווען דער דערפילונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע

איך בין ווידער געווען אַליין. די פריינט זיינען קיין פריינט נישט געווען, דאָס לעבן איז געווען אומעטיק. אָבער דאָס גריבלען זיך האָט נישט געהאַט קיין זין. וואָס עס זאָל מיט אַ מענטשן נישט געשען, מוז ער אָפּענטפערן מיט טאָטן, מיט אַנטשלאָסנ־הייט, און נישט מיט זעלבסט־פּייניקונג און פּוסטן טרויער. איך האָב געלעבט, געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס צו געניסן פון לעבן, און זיך איבער־געגעבן מיט לייב און לעבן דער אַרבעט. אַ געזעלשאַפט, וואָס האָט געהאַט אַ סך ערד אין פּאַלעסטינע, האָט מיך געשיקט קיין אייראָפּע פאַרקויפן באָדן. אַלס איינוואוינער פון פּאַלעסטינע בין איך געווען פאַר־אינטערעסירט אין אָט דער אַקציע. אונדזער אַלעמענס ציל איז דאָך געווען, אַז די צאָל אידן אין ארץ־ישראל זאָל ווערן גרעסער, און אַז דער באָדן זאָל איבערגיין אין אידישע הענט. מען האָט געמוזט צאָלן די שייכן און פעלאַכן הויכע געזאַלצענע פּרייזן. עס זיינען אויך געווען שוועריקייטן מיט די אַראַבישע פּויערים וואָס האָבן אָפּגעדונגען דעם באָדן ביי די אייגנטימער. נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו צאָלן די אייגנטימער די אָפּצאָלונגען, וואָס יענע האָבן פאַרלאַנגט, זיינען די אַראַ־בישע פּויערים פאַקטיש געווען לייב־אייגענע פון די עפענדים. ווען מען האָט אָפּגעקויפט די ערד, האָט מען געמוזט באַזונדערס אויסצאָלן געווויסע סומעס צו די פּויערים, וואָס זיינען מיט איינמאָל געבליבן אָן מיטלען. דערצו האָבן אויך אַלערליי אַראַבישע גייסטלעכע געמוזט איינשטימען אויף יעדן לאַנד־איינקויף, וואָס איז געמאַכט געוואָרן אין פּאַלעסטינע, און דאָס אַלץ צוזאַמען האָט געווירקט, אַז די פּרייזן זאָלן זיין אומגעווויינ־לעך הויכע.

אַ געזעלשאַפט, צו וועלכער עס האָבן געהערט באַקאַנטע פּערזענלעכ־קייטן, האָט נישט פון וויט פון ירושלים, לעבן דער וואַסער־ליטונג, אַנגע־



תלמידות פון דער אַגראַר־שול ביי פּראַקטישער אַרבעט אין נהלל.



צושויער ביי דער פורים־פּייערונג אין תל־אביב.

קויפט אַ סך באָדן צום פאַרצעלירן. דער פּלאַן איז געווען, אַז מען זאָל דאָ אַנטוויקלען לאַנד־ווירטשאַפט, איבערהויפּט בוים־קולטור. מען האָט דאָ געזאָלט פאַרפלאַנצן אַ סך פון יענע פרוכטן, וואָס ביז איצט האָט מען זיי געמוזט אימפּאָרטירן קיין פּאַלעסטינע. דער פּלאַן איז געווען פון אַ גרויסן מאַסשטאַב און עס האָט געלוינט זיך דערמיט צו באַשעפטיקן. איך פּערזענלעך האָב דאָ געזען אַ מעגלעכקייט פאַר אַ סך אַרויסגעשטויסענע אידן זיך צו באַזעצן אויף לאַנד און אָנצוהויבן אַ ניי און פּראָדוקטיוו לעבן.

איך האָב ווידער געמאַכט אַ רייזע קיין איראָפּע. איך בין געווען אין עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און אין דייטשלאַנד. עס איז געווען אין 1934טן יאָר. אָנגעהויבן מיין טעטיקייט האָב איך אין ווין. איך האָב געהאַט אַלערליי צוזאַמענקונפטן, זיצונגען, פּרעסע־קאָנפערענצן, און געשלאָסן קענטשאַפט מיט די פאַרשיידנסטע מענטשן. צווישן אַנדערעס איז פאַר אונדז געשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון אַריבערנעמען קיין פּאַלעסטינע דייטשע אידן, וואָס האָבן געוואָלט אַנטלויפן פון נאַצי־דייטשלאַנד. דער „טראַנספער־אָפּמאַך", וועגן וועלכן מען האָט אַזויפיל געשריבן אין דער אידישער און העברייאישער פּרעסע, איז נישט אַנטשטאַנען אויס פאַרגעניגן און וואוילטאָג. דייטשע אידן האָבן געמוזט אַנטלויפן, זיך ראַטעווען פון די נאַציס, און אַז די הערשער פון דייטשלאַנד האָבן נישט געלאָזט אַרויספירן קיין אידיש געלט, האָבן מיר געמוזט אָננעמען די סחורות, וואָס עס איז דערלויבט געווען די אידן אַרויסצופירן. נישט ווילנדיק האָבן מיר אַזוי אַרום געבראַכן דעם באָיקאָט אויף די סחורות פון היטלער־דייטשלאַנד. אָבער האָבן מיר דען געהאַט אַן אַנדער אויסוועג? האָבן מיר געקענט איבערלאָזן אונדזערע ברידער פון דייטשלאַנד צווישן די סאַדיסטן און ווילדע חיות? איך האָב געמוזט אַריבערפאָרן קיין דייטשלאַנד. איך האָב אונטערגעהאַנדלט מיט דעם ווירטשאַפטס־מיניסטער שמידט און דר. מיללער. עדות פון מיין באַגעגעניש מיט די פאַרשטייער פון דעם אידן־פּרעסערישן דייטשלאַנד זיינען געווען דער ראַבינער דר. ווילהעלם לעווי און דער דירעקטאָר פון דער עבריה־באַנק — דרימער. איך האָב געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס אַרויסצוראַטעווען וואָס־מער אידן פון דעם דייטשן גיהנום. שמידט האָט אפילו אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו גיין

אויף הנחות. אָבער די אַזוי־גערופענע „ראַדיקאַלע" נאַציס האָבן צע־שטערט דעם גאַנצן פּלאַן. אינגיכן איז שמידט אַראָפּגעזעצט געוואָרן. זיין נאָכפאָלגער, שאַכט, האָט נישט געהאַלטן קיין איינעם פון די צוזאָגן, וואָס שמידט האָט געגעבן. אַזוי אַרום האָבן די נאַציס צוגענומען ביי טויזנטער אידן די לעצטע מעגלעכקייט אַרויסצוראַטעווען זיך פון דער נידערטרעכטיקער דייטשער אינקוויזיציע. די פאַרהאַנדלונגען מיט דער דייטשער רעגירונג זיינען ענדגילטיק אָפּגעבראָכן געוואָרן, און איך האָב זיך אויפסניי געווידמעט אויסשליסלעך דעם באָדן־פאַרקויף.

דערווייל האָב איך מיך אומגעקערט קיין ווין. איך האָב צו אָט דער שטאָט געהאַט אַ באַזונדערע סימפּאַטיע. ספּעציעל האָט מיך לעצטנס גע־צויגן קיין ווין, זינט איך האָב דאָרטן געשלאָסן קענטשאַפט מיט ווערא, אַ פרוי מיט אַ שיינעם בלאָנדן קאָפּ און מיט קלוגע אויגן. זי האָט פאַר אַ קורצער צייט געהאַט אַ מאַן, אָבער דאָס צוזאַמענלעבן מיט אים איז געווען זייער אַן אומגליקלעכס. איר מאַן האָט זי ביטער אַנטוישט.

ווערא איז נישט געווען קיין אַלטעגלעכער טיפּ — דאָס האָב איך דערזען גלייך פון ערשטן בליק. איך האָב אויך געגלויבט אין אירע געפילן צו מיר. נאָך אַלעמען, האָב איך געהאַט דורכגעמאַכט גענוג מיט פרויען, אַז איך זאָל אָנהויבן זיי צו פאַרשטיין. מיר דוכט זיך ,אַז איך וועל אַמ־בעסטן כאַראַקטעריזירן אונדזער באַציאונג ציטירנדיק אירס אַ בריוו.

„איך וועל אַלץ טאָן — האָט זי מיר געשריבן — דיר לייכטער צו מאַכן דיין לעבן און דיין פינאַנציעלן קאַמף. איך וועל פּרוּוון אַלץ, וואָס ליגט אין מיין קראַפט. געליבטער, קעמף פאַר אונדזער באַלדיקער פאַראייניקונג און זאָל דיר שטיין פאַר די אויגן אונדזער גליקלעכער ציל ... דאָס וועט דיר צוגעבן קראַפט און מוט. לאָמיר זיך מאַכן גליקלעך און פאַרגעסן אַלדאָס־טרויעריקע. מיר ביידע, דו און איך, האָבן אַ סך געליטן. איצט וועלן מיר זיך אויסלערנען ווי אַזוי צו זיין גליקלעך!"

עס איז נישט מיין שולד, וואָס דאָס אַלץ איז נישט פאַרווירקלעכט געוואָרן. איך האָב געזאָגט און איבערגעחזרט צום ווילפלטן מאָל, אַז איך וויל און וועל אין איר גלויבן, און אַז אויב איך וועל מיך אין איר אַנטוישן, וועל איך פאַרלירן דעם גלויבן אין אַלע פרויען. ווערא האָט

מיר צוגעזאָגט, אַז זי וועט טיילן מיט מיר איר לעבן. זי האָט מיר אפילו אַמאָל געשריבן: „איך טרוי דיר מער ווי יעדן איינעם אויף דער וועלט". אָבער צווישן וואָרט און טאַט איז פאַראַן אַ גרויסער אונטערשייד. מיינע געשעפטן האָבן געפאָדערט, אַז איך זאָל דערוויילּ זיך אומקערן קיין פּאַלעסטינע. ווערא האָט מיר צוגעזאָגט, אַז: „איך וועל טאָן אַלץ, וואָס עס איז דיר אָנגענעם". אין תּל־אביב האָב איך אַלץ געפונען אין בעסטן אָרדענונג. מיין זון, וואָס איז שוין דעמאָלט געווען אין פערצנטן יאָר, איז געהאַט אויסגעוואָקסן און האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ רייפן מענטשן. ער האָט אפילו אין מיין אָפּוועזנהייט מיך טיילווייז פאַרטראָטן אין געשעפט. מיין פרוי, מיט וועלכער איך בין געבליבן פאַרבונדן ווי מיט דער מוטער פון מיין קינד, האָט אָנגעהויבן אַרויסצואווייזן אינטע־רעס אין מיין אַרבעט און איז אָפּט געקומען אין מיין ביוראָ. איך האָב אין אַ געוויסן זין געהאַט דאָס געפיל פון היימישער וואַרעמקייט. ווערא האָט דערוויילּ צו מיר געשריבן בריוו. „וויט פון דעם שמוץ פון דער וועלט וועלן מיר בויען אונדזער היים. און ווען דו וועסט אַריינקומען אין דיין, אונדזער היים, וועלן פאַרשווינדן אַלע זאָרגן, און אַ הייליקער ערנסט וועט אָנפילן דיין האַרץ, ווי ביים אַריינטריט אין אַ רעליגיעזן טעמפּל"...

אַן אַנדערס מאָל האָט זי מיר געשריבן: „אונדזער לעבן וועט זיין ווי אַ געטלעך בוך, פול מיט אמת, שיינקייט, און לעבנס־טיפקייט. איך טראָג דיין נאָמען פון דער מינוט אָן, וואָס איך האָב זיך מיט דיר באַקענט, און איך וועל אים טראָגן ביז דער טויט וועט צושליסן מיינע אויגן. וואו דו וועסט גיין, וועל איך זיין מיט דיר. איך וועל דיך מאַכן גליקלעך און אָפּרוימען אַלע שטיינער פון דיין וועג. איך וויל היילן אַלע ליידן און אַלע שמערצן, וועלכע דאָס לעבן האָט דיר געבראַכט. איך וויל דיך באַ־גלייטן אויף אַלע וועגן".

און דאָך — זיינען אויך אַזעלכע הויכע און שיינע ווערטער בישט קיין גאַראַנטיע, אַז עס געפינט זיך אונטער זיי אמתער אינהאַלט. עס איז גענוג געווען, אַז איך זאָל איר שרייבן וועגן דער באַציאונג, וואָס איך האָב צו מיין פרוי אַלס צו דער מוטער פון מיין קינד, אַז ווערא זאָל גלייך ענדערן איר מיינונג. אירע בריוו זיינען געוואָרן קילער, אומעטיקער,

און זיי האָבן אינגיכן אינגאַנצן אויפגעהערט צו קומען. אין מיין נשמה איז ווידער טונקל געוואָרן. איך האָב אָט די פרוי מיט אַן אמת ליב געהאַט. געהייסן האָט עס, אַז זי פאַרלאָזט מיך דערפאַר, ווייל איך וויל נישט באַהאַנדלען די מוטער פון מיין קינד ווי אונדזער עלטער־זיידע, אברהם, האָט באַהאַנדלט הגרן. אין אמתן האָט דאָ געשפּילט אַ גרויסע ראָל דער פאַקט, וואָס זי האָט זיך דערוואוסט, אַז מיינע פינאַנצן זיינען נישט אַזוי סטאַביל ווי זי האָט גערעכנט. אָט דער פאַקט האָט געהאַט אויף מיר אַ פאַטאַלע ווירקונג. אָנשטאָט איך זאָל ווערן מער צוגעבונדן צו מיין פרוי, איז די פרעמדקייט צווישן אונדז אַלץ מער געוואָקסן. די ביטערקייט אין מיין האַרצן איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז מיר האָבן באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל זיך צו שיידן. איך האָב באַלד דערנאָך פאַרלאָזט מיין היים, און זיך אַרויסגעלאָזט איבער דער וועלט. עס איז נישט געווען אַ שטי־מונג, וואָס אַזוי גיך ווי זי אַנטשטייט, אַזוי גיך פאַרגייט זי. איך האָב געפילט, אַז איך מוז נעמען דעם וואַנדער־שטעקן, אויב איך וויל נישט אונטערגיין.

איך האָב מיך אומגעקערט קיין איראָפּע. מיינע לעצטע אָפּשפּאָרונגען האָב איך אָפּגעגעבן מיין פאַמיליע און אַזוי אַרום זי עקאָנאָמיש פאַרזיכערט. איצט האָב איך געוואָלט לעבן בלויז פאַר מיר אַליין און אָנהויבן אַלץ פון־סניי. איך בין געפאָרן קיין ווין, און פון דאָרטן בין איך צוגעפאָרן מיט דער באַן אין אַן אַנדער עסטרייכישער שטאָט, וואו איך האָב מיט וועראַן פאַרבראַכט די שענסטע צייט. איך האָב איר געלאָזט וויסן, אַז איך בין דאָ, און באַשטימט אַ באַגעגעניש אויף פיר און צוואַנציק שעה שפּע־טער. איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט נישט שלאָפן ביינאַכט, און איך האָב געוואָלט, אַז איידער זי וועט קומען צו מיר, זאָל זי אַלץ איבער־טראַכטן. זי האָט מיך אָפּגערופן אין האָטעל און איר שטים איז געווען זייער געריירט. עס האָט אויסגעזען, אַז זי פירט מיט זיך אַן אינערלעכן קאַמף. ערשט צומאָרגנס נאָכמיטאָג האָב איך מיך דערוואוסט, אַז זי איז גאַנץ פרי אַוועקגעפאָרן. אין משך פון עטלעכע טעג האָבן געהאַלטן אין איין אָנקומען פון איר בריוו, אויף וועלכע איך האָב געענטפערט. אונדזער קאָרעספּאָנדענץ האָט קלאָר געמאַכט די גאַנצע סיטואַציע. איך האָב איר

## וועגן דער דערפילונג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע

אָפּן געלאָזט וויסן, אַז צווישן אונדז איז אַלץ געענדיקט. דערויף האָט ווערע געענטפערט אַ לעצטן בריוו, אין וועלכע זי האָט מיך באַשולדיקט, אַז איך בין טיף געזונקען. איך האָב מיך אָבער דערמיט נישט איבער־גענומען, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז פון אירע הייסע פלאַמיקע שורות רעדט אַרויס די אַמביציע און דער פאַרוואונדעטער שטאָלץ. איך בין געווען, ערלעך גערעדט, טיף צופרידן, וואָס איך האָב וויי־געטאָן אָט דער פרוי, וואָס האָט מיט איר האַנדלונג מיך אַזוי טיף און שווער גע־טראָפן. אין וואָכן אַרום האָב איך דערפילט, אַז צוזאַמען מיט ווערען האָב איך פאַרלוירן אויך מיין פּיאיקייט ליב צו האָבן. איך, אַלנפאַלס, בין דעריין זיכער געווען.

איך האָב געפּרואווט אַוועקשענקען מיין האַרץ, אָבער מען האָט מיין מתנה יעדעס מאָל צוריקגעגעבן. פונדעסטוועגן בין איך נאָך לאַנגע אי־נערלעכע קאַמפן געקומען צום באַשלוס, אַז מיר מענטשן האָבן קיינמאָל נישט די רעכט אויפצוהערן שענקען, אפילו ווען אונדזער געשאַנק איז נישט אָנגעלייגט. אַזוי איז עס אין דער באַציאונג צווישן מאַן און פרוי, און אַזוי — אין אַלע אַנדערע באַציאונגען. יאָ, האַרץ מיינס, איך וועל יעדעס מאָל פונסניי פּרוואוון דיך אַוועקשענקען, ווייל אין געבן, און נישט אין נעמען, ליגט די גרויסע פרייד און דער זין פון דעם לעבן, וואָס מיר מאַכן־דורך אויף דער ערד.

# איבער לענדער און שטעט

אין אַ געוויסן טאָג האָב איך דערזען,
אַז איך בין איינער אַליין אויף גאָטס וועלט.

מיט מיין פרוי בין איך געווען געשיידט; ווערע, די פרוי, וואָס אויף איר האָב איך געלייגט אַזויפיל האָפענונגען, האָט מיך פאַרלאָזט. איך האָב דערפילט אַ מאָדנע שטילקייט סיי אַרום מיר אין סיי אין מיר.

אַ ווײַלע איז מיר פאָרגעקומען, אַז דאָס איז די שטילקייט פון טויט. עס האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איצט דאַרף קיינער מיך נישט און איך דאַרף קיינעם נישט. איך בין אויסגעוואָרצלט געוואָרן פון לעבן. איך האָב נישט געהאַט נישט קיין לאַנד, נישט קיין פאַמיליע, נישט קיין פריינט.

אָבער אַזאַ צושטאַנד קען לאַנג נישט דויערן. אַזאַ צושטאַנד איז אַ קריזיס. אָדער ער פירט צו זעלבסטמאָרד, צו זעלבסט־פאַרניכטונג, צו דער שטופּע, וואָס אַהין אַנטלויפן אַלע יענע, וועלכע דאָס לעבן האָט שווער געשלאָגן און זיי זיינען צו שוואַך ווידער צו קומען צו זיך, אָדער אַזאַ צושטאַנד פירט צו זעלבסט־דערוואַכונג, צו אַ גייסטיקן תחית־המתים.

ווייזט אויס, אַז איך האָב אין זיך געהאַט צו־פיל לעבנס־ענערגיע, אַז איך זאָל אויסקלייבן פאַר מיין וועג „די פלוכט און די קראַנקהייט", ווי די פּסיכאָאַנאַליטיקער רופן עס. איך האָב אויסגעקליבן דעם געזונטן וועג: דעם וועג פון שאַפונג, פון זעלבסט־קאָנטראָל, פון הערשן איבער דער אייגענער לאַגע, ווי שווער זי זאָל נישט זיין.

מיינע דערפאַרונגען האָבן מיך איבערצייגט, אַז עס איז נישטאָ דאָס שלעכטע, וואָס אַ מענטש זאָל עס נישט קענען אויסנוצן צום גוטן, פּונקט ווי עס איז נישטאָ דאָס גוטע, וואָס אַ מענטש זאָל נישט קענען פאַרדאַרבן מיט די אייגענע הענט.

מיינע עלטערן האָב איך געהאַט פאַרזאָרגט. איך האָב זיי איבער־געלאָזט אַ הויז אין תל־אביב, וואָס דערפון האָבן זיי געקענט שעפּן זייער באַשיידענע הכנסה. מיין קינד איז געווען באַזאָרגט. מיין פרוי, וואָס

## איבער לענדער און שטעט

האָט קיינמאָל נישט אַרויסגעוויזן קיין פאַרשטענדעניש פאַר מיר, איז איצט געווען פריי. איך האָב מיך דערמאָנט אין מיינעם אַן אַלטן וואונטש.

ווען איך בין נאָך געווען אַ יונגער בחור; ווען איך האָב נאָך געלערנט אין דער קייזערלעכער קאָנסערוואַטאָריע אין אָדעס, האָב איך געהאַט אַ באַהאַלטענעם וואונטש. דער וואונטש איז געווען: צו דערציילן דער וועלט, וואָס איך פיל און וואָס איך לעב־איבער. איך האָב מקנא געווען די שריפט־שטעלער, וואָס קענען דורך זייער פען איבערגעבן זייער אינערלעכע וועלט. די דערנעענטערונג מיט דעם שריפטשטעלער גראַנאָווסקי, האָט נאָך מער דערוועקט אין מיר אָט דעם פאַרלאַנג.

די שפּעטערדיקע יאָרן האָבן מיך אַריינגעוואָרפן אין סאַמע קאָכעניש פון די וועלט־געשעענישן. מיין פּריוואַט לעבן איז געגאַנגען נישט בלויז גלייכצייטיק מיט די גרויסע היסטאָרישע געשעענישן, נאָר עס איז געווען אַ טייל פון זיי. איך האָב געקעמפט פאַרן צאַר און פאַר דער רעוואָלוציע; איך האָב געקעמפט קעגן פּעטליורען און די אַנדערע באַנדעס. איך בין פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט און בלויז דורך אַ נס געבליבן לעבן. אָפט, ווען איך האָב זיך געפונען אין אַ שוץ־גרוב, אין אַ גיהנום־נאַכט, וואָס איז באַלויכטן געווען פון שראַפּנעלן־פייער, אַרומגערינגלט מיט בלוט און טויט, — פלעגט מיר איינפאַלן: גאָט מיינער! ווען איך וואָלט געקענט דאָס אַלץ איבערגעבן אויף פּאַפּיר! ווען איך וואָלט געקענט אָפּשילדערן פאַר מיינע מיטמענטשן, פאַר די דורות, וואָס קומען נאָך מיר, אָט דאָס אַלץ, וואָס איך בין דורכגעגאַנגען! אין מיין אייגן לעבן האָב איך אָפט געצווייפלט. איך בין ווייט נישט געווען זיכער, אַז איך וועל אַרויס פון דעם אַלעמען מיט גאַנצעביינער. אָבער דער אויסטערלישער פאַרלאַנג עפּעס איבערצולאָזן נאָך מיר; נישט אָפּגעווישט צו ווערן אָן אַ וואָרט, — איז קיינמאָל אין מיר נישט פאַרלאָשן געוואָרן.

נאָך איידער איך האָב פאַרלאָזט רוסלאַנד, פלעג איך פון צייט צו צייט מיך אָוועקזעצן און פּרואוון שרייבן וועגן מיין אייגן לעבן. ווען איך בין צום ערשטן מאָל צוריקגעקומען קיין אָדעס און זיך אויסבאַהאַלטן אין מיין פאָטערס הויז, האָב איך שוין דעמאָלט געפּרואווט אָנהויבן שרייבן. אמת, פאַניע איז געווען מיט מיר אַ גאַנצן טאָג און ביז שפּעט אין דער

גאַכט. קיין ליבע־אַנטוישונגען האָב איך נאָך דעמאָלט נישט געהאַט. אָבער דער פאַרלאַנג צו שרייבן האָט שוין געהאַט אין מיר אויפגעוואַכט. שפּעטער, ווען פּאַניק האָט מיך אַזוי מיאוס פאַרלאָזט און נאָך צוגענומען דאָס צירונג פון אונדזער הויז, איז דער פאַרלאַנג אַרויסצושרייבן מיין פאַר־ביטערונג, מיין אַנטוישונג, געוואָרן נאָך גרעסער. אָנקומענדיק קיין תל־אביב און געפינענדיק רו פאַר אַ ווײַלע, האָב איך מיך גלייך גענומען צו דער פעדער.

איך האָב נישט געהאַט קיין אילוזיעס. איך האָב מיר קיינמאָל נישט איינגערעדט, אַז איך בין אַ גאָט־געבענטשטער קינסטלער. איך האָב גע־וואוסט מיין אייגענע ווערט. אָבער איך האָב געגלויבט, און גלויב נאָך ביז צום היינטיקן טאָג, אַז דאָס וואָרט געהערט נישט בלויז צו קינסטלער. דאָס וואָרט ווערט באַנוצט פון יעדן מענטשן כמעט פון וויגל ביז צום קבר. דאָס וואָרט איז דער אינסטרומענט, וואָס אָן אים קען זיך נישט באַגיין אפילו דער פרימיטיווסטער מענטש. דאָס וואָרט איז דאָס, וואָס אונטערשיידט אונדז, מענטשן, פון די שטומע באַשעפענישן, די חיות. דעריבער האַלט איך, אַז יעדער מענטש האָט דאָס רעכט זיך צו באַנוצן מיטן וואָרט, ווען ער האָט עפּעס וואָס צו דערציילן; ווען זיין לעבן איז נישט געווען דורכשניטלעך; ווען ער איז אַ סך דורכגעגאַנגען, און אפשר אויך אַ סך דורכגעטראַכט.

יאָ, איך האָב אָפּט גענומען זיך צו דער פען. אָבער אַזוי אָפט ווי איך האָב זיך גענומען צו איר, אַזוי אָפט האָב איך זי צוריק געמוזט אַוועק־לייגן. מיין לעבן איז נאָך אַלץ געווען פול מיט פּאַסירונגען. דאָס לעבן האָט מיך נאָך אַלץ געריסן אַהין און אַהער. דער קאַמף פאַרן שטיקל ברויט, דער קאַמף פאַר דער פרוי, די אָפטע און ווייטע רייזעס, וואָס איך האָב געמאַכט, האָבן מיר נישט געגעבן גענוג צייט און מעגלעכקייט, אַז איך זאָל קענען פאַרענדיקן מיין ווערק.

איצט, אָבער, אַז איך בין צום ערשטן מאָל נאָך יאָרן געוואָרן מער אָדער ווייניקער פריי — האָב איך אָנגענומען אַן אַנדער באַשלוס: צו וויד־מענען די נאָענטסטע עטלעכע יאָר מיין ווערק, דעם ווערק, אין וועלכן איך זאָל דערציילן די געשיכטע פון מיין לעבן.

## איבער לענדער און שטעט

געלט האָב איך געהאַט ווייניק. נאָכדעם ווי וועראַ האָט מיר גע־שריבן איר לעצטן בריוו (און איך האָב געוואוסט, אַז ער איזווירקלעך דער לעצטער), בין איך אַריבערגעפאָרן קיין ווין. דאָרטן האָב איך גענומען אַ צימער אין אַ צוויט־ראַנגיקן האָטעל, און געפּרואווט איבערטראַכטן וואָס איך האָב ווייטער צו טאָן, מיין נאָענטסטן שריט.

איך האָב געהאַט אַ ברירה זיך פונסנייַ אַריינצוואוואַרפן אין לעבן. ווין איז אַ לעבעדיקע שטאָט, אַ פריילעכע, אַ געמיטלעכע. ווינער מענער און פרויען האָבן אַלעמאָל מער געטראַכט וועגן פערזענלעכן גליק, וועגן ליבע, ווי אפשר אַלע אַנדערע מענער און פרויען אויף דער גאַנצער וועלט. אפילו די לופט אין ווין איז אָנגעזאַפּט מיט יענעם האַרבסטיק־זיסלעכן גערוך, וואָס רופט צו ליבע און גענוס. איבערהויפּט איז דאָס ווין נאָכן קריג געווען אַריינגעטאָן אין זינלעכקייט.

דאָס ווין פאַרן קריג איז געווען אַ הויפּט־שטאָט פון אַ גרויסער מלוכה. ווין האָט געשפּילט אַ גרויסע פּאָליטישע ראָלע. ווין איז געווען די שטאָט, וואָס האָט אין אַ געוויסן זין פאַרמיטלט צווישן דרום־אייראָפּע און מזרח און מערב; אין ווין זייגען זיך צונויפגעקומען אַלע פעדים פון דער אייראָפּייאישער פּאָליטיק.

גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען דאָס ווין נאָכן קריג. עסטרייך איז צעשמעטערט געוואָרן. אונגאַרן, טשעכסלאָוואַקיע, גאַליציע, טריעסט, און נאָך אַ סך געגענטן זייגען אָפּגעפאַלן. עסטרייך איז געוואָרן אַ קליין מלוכהלע. אָבער די שטאָט ווין איז געבליבן ווין. עס איז געווען גלייך ווי מען וואָלט צוגענומען ביי אַ רייכן מאַן אַלע זיינע געשעפטן און אים איבערגעלאָזט בלויז זיין גרויסע לוקסוסדיקע וואוינונג. דערצו זייגען הונדערטער טויזנטער ווינער מענער אומגעקומען אין וועלט־קריג. דער שטאָט ווין איז איצט געבליבן איין זאַך: פאַרגעסן אָן אַלעמען! אויפהערן לעבן מיט צו־גרויסע האָפענונגען און אַמביציעס; באַפרידיקן זיך מיט דער קעגנוואַרט.

ווין האָט נישט געטרויערט נאָך איר חורבן. ווין איז נישט אַ שטאָט פון טרויער און געוויין. דאָס ווין פון נאָכן קריג האָט געטאַנצט און זיך פריילעך געמאַכט.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין יאָר 1921 און אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען אין פופצן יאָר שפּעטער. אָפט, ווען איך האָב שפּאַצירט איבער די ווינער גאַסן, האָב איך געפילט אין דער לופט אַ געריך פון האַרבסטיקע בלעטער, כאָטש עס איז גראָד נישט געווען האַרבסט. ווין אַליין איז פאַר זיך אַ שטיק האַרבסט, פול מיט רייפע, צייטיקע באַגערן.

איך האָב זיך נישט אָפּגעזאָגט פון סעקסועלן לעבן. איך בין געווען צו־יונג און לעבנס־לוסטיק צו ווערן אַ פּרוש. אָבער איך האָב מער נישט געגלויבט אין קיין ליבע. איך האָב באַשלאָסן אויסצונוצן די צייט, וואָס איך בין געווען אין ווין, אָנצושרייבן מיין בוך.

איך בין געווען אַליין און נישט אַליין. אין ווין קען אַ מאַן נישט זיין אַליין. עס געפינט זיך אַלעמאָל אימיצער, וואָס זאָל אים נישט לאָזן זיין אינגאַנצן איינזאַם. אָבער איך בין געווען גענוג רואיק צו קענען טאָן מיין אַרבעט. אַ ספּעציעלע ווירקונג האָט ווין געהאַט אויף מיין געמיט. אַרומדרייענדיק זיך איבער די ווינער גאַסן, האָב איך זייער אָפט געמוזט טראַכטן וועגן דעם גרויסן העברייאישן פּאָעט ח. נ. ביאַליק, מיט וועלכן איך האָב געשלאָסן פריינטשאַפט אין פּאַלעסטינע, און וועלכער איז גע־שטאָרבן אין ווין.

איך האָב געוואוינט אין תל־אביב נישט ווייט פון ביאַליקן און בין געווען אַן אַריינגייער אין זיין הויז. ביאַליק האָט נישט געהערט צו יענעם סאָרט דיכטער, וואָס זיינען אַלעמאָל שווער, אָנגעלאָדן, פאַרשלאָסן אין זיך, שטענדיק אַריינגעטאָן אין דעם אייגענעם איך און אין די ליטעראַרישע אינטערעסן. ביאַליק איז געווען אַ שריפטשטעלער, וואָס האָט אַלעמאָל געהאַט אַ סך צייט פאַרן לעבן און פאַר וואָכעדיקע זאַכן. ער האָט זיך נישט אָנגעשטרענגט צו רעדן פּאָעטיש; ער האָט נישט געשאָטן מיט קיין הויכע מליצות, און אויב מען האָט נישט געוואוסט, אַז עס איז ביאַליק, האָט מען געקענט האָבן אַן איינדרוק, אַז מען האָט צו טאָן מיט אַ לעבנס־לוסטיקן רוסישן אידן, אַזעלכן, מיט וועלכע עס האָט געשוויבלט און געגריבלט אין אַמאָליקן אָדעס. ביאַליק האָט אַ סך גערעדט, אַ סך זיך געוויצלט, און זיינע וויצן האָט מען נאָכדערציילט אין אַלע לענדער, וואו

## איבער לענדער און שטעט

אידן האָבן זיך נאָר געפונען. דערצו איז ער געווען אַ מענטש אַ צוגעלאָ־
זענער און אַ היימישער. איך פלעג אָפט פאַרברענגען מיט ביאַליקן לאַנגע
שעהן, און עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו זיין אין זיין סביבה. אָפט
האָב איך מיך אַליין געפרעגט: וואו האָט דער מענטש גענומען צייט
אַזויפיל צו לערנען און שטודירן? ווען האָט ער אָנגעשריבן זיינע גלענצנ־
דיקע לידער? ווי אַזוי איז ער געוואָרן דער וועלט־באַרימטער ביאַליק,
די קרוין פון דער העברייאישער פאָעזיע? עס איז דעריבער לייכט זיך
פאָרצושטעלן דעם טרויער, וואָס עס האָט אַרומגעכאַפּט זיינע נאָענטע,
ווען ביאַליק איז שלאַף געוואָרן. מיר אַלע, זיינע פריינט, און אפילו נישט
די פריינט, האָבן מיט אים ווירקלעך מיטגעליטן. אַ מינוט האָט מען נישט
געקענט פאַרגעסן, אַז ביאַליק, אונדזער אַלעמענס נאָענטער און גרויסער
שריפטשטעלער, איז קראַנק און קעמפט מיטן טויט. אַ טאָג איידער ביאַ־
ליק איז אַרויסגעפאָרן קיין ווין, האָט ער מיט מיר געשמועסט, און כאָטש
ער האָט געוואוסט ווי שלעכט עס האַלט מיט אים, האָט ער געמאַכט אַ
שפּאַס און זיך געוויצלט. ער האָט מיר אויך איבערגעלאָזט אַ מתנה,
וואָס איז מיר טייערער פון אַלץ, וואָס איך האָב: אַן אייביקע פען. עס
איז געווען גלייך ווי ער וואָלט געוואוסט, אַז ער האַלט ביים שטאַרבן,
און ער האָט געוואָלט מיר איבערלאָזן אַן אָנדענק...

ווין האָט מיך נישט געלאָזט פאַרגעסן אָן ביאַליקן, און איך מעג
זאָגן, אַז אין אַ געוויסן זין, האָט די גייסטיקע נאָענטקייט פון אָט דעם
דיכטער, געווירקט אויף מיר, אַז איך זאָל נעמען שרייבן. ביאַליק אַליין
האָט מיר נישט איינמאָל געזאָגט, אַז עס וואָלט געווען נוצלעך, ווען איך
פאַרשרייב דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט.

איך בין אין ווין לאַנג נישט געבליבן. איך בין נאָך אַלץ געווען אַ
פאָרשטייער פון דער פאַלעסטינער אָרגאַניזאַציע צו פאַרקויפן באָדן, און
אין צוזאַמענהאַנג דערמיט, איז מיר אויסגעקומען צו רייזן. אויף אַ קורצער
צייט בין איך אַרויסגעפאָרן קיין פוילן און בין געווען אין וואַרשע. עס
איז געווען צום ערשטן מאָל, ווי איך בין געווען אין אָט דער גרויסער אידי־
שער שטאָט, און זי האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. פון איין
זייט האָט מיך וואַרשע דערמאָנט אין רוסלאַנד: דער זעלביקער געבוי

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

פון גאַסן, די זעלביקע גרויע הייזער, די זעלביקע הויפן, וואָס אַזעלכע זעט מען בלויז אין מזרח־אייראָפּייאישע שטעט. פון דער צווייטער זייט, האָט פּוילן אין זיך געהאַט עפּעס מערב־אייראָפּייאישעס, און דאָס אַלץ צוזאַמען מיט דער גרויסער צאָל אידן, וואָס געפינען זיך אין דער שטאָט, האָבן צוגעגעבן וואַרשע אַ מאָדנע אייגנאַרטיקייט. איך האָב אין וואַרשע געהאַט אַ פריינט און האָב דאָרטן זיך אפילו צונויפגעטראָפן מיט קרובים. צווישן אַנדערע האָב איך מיך דאָרטן געטראָפן מיט מיין געוועזענער פרויס אַ שוועסטער. עס איז נישט פאַראַן קיין מער טראַגישע באַגעגעניש ווי די באַגעגעניש צווישן אַ געוועזענעם שוואָגער מיט אַ געוועזענער שוועגערין. אַמאָל זיינען מיר געווען קרובים, משפחה. איצט, אַז איך האָב זיך געשידן מיט מיין פרוי, איז די שוועגערין געווען אויס שוועגערין. דאָך האָט זי מיך באַהאַנדלט ווי אַן אייגענעם און אַזוי איך זי. מיין שווער איז געהאַט געשטאָרבן אין וואַרשע און מיין שוועגערין האָט זיך אויסגע־דריקט, אַז זי האָט בלויז איין פאַרלאַנג: צו קענען שטעלן איר פאָטער אַ מצבה. זי האָט דאָס אַרויסגעזאָגט אַזוי רירנדיק, אַז איך האָב באַשלאָסן נאָכצוקומען איר וואונטש און איר געזאָגט, אַז זי קען לאָזן שטעלן אַ מצבה אויף מיין חשבון. אין אָנהויב האָט זי נישט געגלויבט די אייגענע אויערן. אַ מאַן, וואָס האָט זיך געגעט מיט זיין פרוי, זאָל וועלן שטעלן אַ מצבה זיין געוועזענעם שווער — דאָס איז איר פאַרגעקומען אומגלויב־לעך. מיין געוועזענער שווער איז אויך געווען מיין זונס אַ זיידע. די מצבה איז באַשטעלט געוואָרן און איך האָב זיך געפונען אויפן בית־עולם, אויף דער גענשע־גאַס, ווען זי איז געשטעלט געוואָרן. דאָס גרויסע אידישע בית־עולם אין וואַרשע האָט מיך דערשיטערט. עס האָט אויס־געזען נישט ווי אַ בית־עולם, נאָר ווי עפּעס אַ ריזיקע שטאָט פון מתים. שנאָרערס האָבן דאָ בוכשטעבלעך געריסן די פּאָלעס; אַלערליי קאַליקעס — בלינדע, שטומע, הויקערס, סיי מענער און סיי ווייבער, אָנגעטאָן אין שמאַטעס און אין טאָרבעס — האָבן געשאָטן סיי מיט ברכות, סיי מיט קללות, און זיך איבערגעשטיגן מיט זייערע פעלערן. לוויות האָבן געהאַלטן אין איין גיין און קומען, און איך האָב געהאַט אַ געפיל ווי אין וואַרשע וואָלט געהערשט אַ מגפה. ווי אויף אַלע בית־עולמס, האָבן אויך די רייכע

# איבער לענדער און שטעט

געהאַט זייערע אייגענע פּלעצער „אַלייען". די מצבות זיינען דאָרטן געווען גרויסע, מאַרמאָרנע, און אויף אַ סך פון זיי זיינען געווען בלויז פּוילישע אויפשריפטן. דאָרטן, אין דער רייכער געגנט פון בית־עולם, זיינען די קברים געווען אַרומגעצוימט מיט אייזערנע קראַטן און עס זיינען דאָרטן געלעגן קראַנצן פאַרוועלקטע בלומען. דאָ און דאָרטן האָט מען געזען אַ פרוי אָדער אַ יונג מיידל זיך איבערבויגן איבער אַ קבר. אַ שטיל געוויין האָט זיך געטראָגן איבער דעם בית־עולם און אָנגעפילט דאָס געמיט מיט טרויער.

אין אַלע שטעט, וואו עס הערשט גרויסער עלנט, הערשט אויך גרויסער לוקסוס, און וואַרשע איז אין אָט דער הינזיכט נישט געווען קיין אויסנאַם. עס איז זעלטן צו געפינען אַ שטאָט, וואו מען זעט אַזויפיל רייך־געקליידטע פרויען, אין טייערע פוטערס, באַפּוצט מיט בריליאַנטן. צווישן די דראָזש־קעס, וואָס זיינען איינגעשפּאַנט אין פערד, פאָרן אַרום פּריוואַטע לוקסוס־אויטאָמאָבילן, געטריבן פון עלעגאַנטע שאָפערן. די רייכערע געגענטן זיינען פול מיט פּרעכטיקע קאַפע־הייזער, קאַבאַרעטן, און דאָס אַלץ, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר יעדער גרויסער שטאָט. אָבער אַזאַ עלנט, ווי איך האָב געזען אין וואַרשע, האָב איך אין ערגעץ נישט געזען. די אידישע גאַסן איבערהויפּט מאַכן אַ שווידערלעכן איינדרוק מיט זייער ענגשאַפט, מיט די אָפּגעריסענע הייזער, מיט די געוועלבלעך, וואָס כמעט אין אַ העלפט פון זיי פאַרקויפט מען סאָדע־וואַסער, און מיט לאַנג־געקליידטע אידן, וואָס שטייען אין די גאַסן אין רעדלעך, סודן זיך, שמועסן שטיל־ערהייט, און עס דוכט זיך, ווי זיי וואָלטן אַלע צוזאַמען זיך געגרייט צו פאַרלאָזן די שטאָט, עפּעס, ווי מען וואָלט זיך דאָ געגרייט צו אַ גרוש, ווי אַמאָל אין שפּאַניע. די אידישע מיידלעך — שוואַרץ־האָריקע, שוואַרץ־אויגיקע — קוקן אָן יעדן פאַרבייגייער מיט טרויעריקע שטומע בליקן. יעדע פון זיי האָט איבערגעלעבט אַ וועלט מיט צרות. כמעט יעדע פון זיי געדענקט די צייט, ווען וואַרשע האָט געהערט צו רוסלאַנד, דעם קריג, די דייטשישע אָקופּאַציע, און נאָך אַלעמען — די מעשים פון די ווילדע פּוילישע אַנטיסעמיטן. סיי די אידישע בחורים, סיי די אידישע מיידלעך, לעבן מיט איין אידעאַל: אַוועקצופאָרן פון פּוילן. טייל חלומען וועגן

פּאַלעסטינע, אַנדערע וועגן אַמעריקע. אָבער די קאָנסולן פון אַלע מלוכות האָבן זיך פאַרשוואוירן נישט צו געבן די אידישע יוגנעלייט אין פּוילן קיין וויזעס. אַ שטילער טראַגיזם ליגט אויף אָט די מענטשן, וואָס פון איין זייט טרייבט מען זיי כסדר זיי זאָלן פאַרלאָזן דאָס לאַנד, און פון דער אַנדערער זייט — זיינען אַלע טויערן פאַר זיי פאַרמאַכט. וואָס איז דער וואונדער, וואָס די שוואַכערע האַלטן נישט אויס, און דאָס אידישע פּוילן האָט צו פאַרצייכענען אַ פּראָפּאָרציאָנעל ריזיקע צאָל זעלבסטמאָרדן. טויזנטער אידישע מיידלעך, וואָס וואָלטן ביי אַן אַנדער סיסטעם געווען נוצליכע מענטשן, פרויען פון מענער, מוטערס פון קינדער, פאַלן אַריין אין דער נעץ פון פּראָסטיטוציע. מען האָט מיר דערציילט, אַז צען טויזנט גאַסן־פרויען זיינען אָפיציעל רעגיסטרירט אין וואַרשע, און נאָך אַזאַ צאָל אָדער מער איז נישט רעגיסטרירט. אַלערליי אויסוואורפן פאָרן אַרום איבער די אידישע שטעטלעך און פאַנגען קרבנות אין זייערע נעצן. דער פאַרלאַנג אַרויסצופאָרן פון לאַנד איז ביים אידישן מיידל אַזוי גרויס, אַז ווען עס קומט אַן אויסלענדער און וויל מיט איר חתונה־האָבן, קלערט זי נישט קיין סך און ווערט זיין ווייב. אַ סך פון זיי ווערן שפּעטער אַוועקגעפירט קיין אַרגענטינע, עגיפּטן, אַלזשיר, וואו זיי ווערן פאַרקויפט צו שאַנד. דאָרטן, אין די ווייטע לענדער, אָפּגעריסן פון דער היים, פון דער פאַמיליע, צעבראָכן און אַנטוישט, פאַרלירן זיי די לעצטע מאָראַלישע קראַפט, און זינקען נאָך טיפער אין אומגליק און שמוץ.

קורץ איז געווען די צייט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין וואַרשע, אָבער דער איינדרוק איז געווען אַ מעכטיקער, נישט צום פאַרגעסן. אין ערגעץ זעט מען נישט אַזאַ געמיש פון טראַגיק און אידעאַליזם, ווי דאָרטן. איך בין געווען אין ישיבות, וואו אידישע יוגנעלייט דרייען זיך אַרום אין לאַנגע זשופּיצעס, מיט פּיאות ביז צו די אַקסלען, און לערנען מוסר־ספרים. זיי שמועסן צווישן זיך אַלעמאָל וועגן דעם אַז די וועלט און אירע פאַרגעניגנס זיינען גאָרנישט נישט ווערט; זיי לאַכן אויס אָפּט מיט הומאָר די יעניקע, וואָס יאָגן זיך נאָך גענוס, און אַליין לעבן זיי שיר נישט ווי אינדישע פאַקירן, עסנדיק בלויז צו דערהאַלטן דאָס לעבן און שלאָפנדיק אויף די בענק. פון דער אַנדערער זייט, טרעפט איר פּונקט

## איבער לענדער און שטעט

אַזעלכע מסירת־נפשדיקעס צווישן די קאָמוניסטן. פאַר אַ קאָמוניסטישער בראָשור, וואָס מען פאַקט ביי אַ יונגנמאַן, זעצט מען אים איין אויף פינף אָדער זיבן אָדער גאָר צען יאָר תפיסה. איר טרעפט יונגעלייט, וואָס כאָטש זיי זיינען נאָך נישט איבער די דרייסיק, האָבן זיי שוין הינטער זיך איבער צען יאָר שווערע תפיסה. אָבער נישט געקוקט אויף די שווערע שטראָפן און אויף דער פיין, וואָס די אַרעסטאַנטן ליידן אין די תפיסות, טוען אָט די יונגעלייט זייער אַרבעט מיט דעם גלויבן פון רעליגיעזע מענטשן, זיכער, אַז פריער אָדער שפּעטער וועט זיי געלינגען אויסצולייזן די וועלט. עס פעלן אויך נישט קיין אידעאַליסטן צווישן די חלוצים. יונ־געלייט און מיידלעך, וואָס זייערע עלטערן זיינען געווען קרעמערס, נעמען זיך צונויף, דינגען אָפּ ערד, לערנען זיך פעלד־אַרבעט, און כאָטש די כוחות זיינען שוואַכע און די באַדינגונגען מער ווי שווערע, — ליגט אויסגעגאָסן אויף די פּנימער פון אָט די יונגעלייט עפּעס אַ הייליקע באַ־גייסטערונג, אַ שיין פון גלויבן און האָפענונג. קוקט מען זיך צו צו די אַלע פאַרפייניקטע מענטשן פון אַ העכערן שטאַנדפּונקט, זעט מען, אַז אין גרונט ווילן זיי אַלע דאָס זעלביקע: אַ מעגלעכקייט צו לעבן. אָבער עס געפינען זיך אין פוילן, גלייך ווי אין אַלע אַנדערע לענדער, גענוג ביטערע רעאַקציאָנערן, פינצטערע פאַרשוינען, גיפט־מישער, וואָס טוען אַלדאָס־מעגלעכעס, אַז דאָס לעבן זאָל זיין שווער, אומדערטרעגלעך, ביטער. פאַבריקן שטייען פּוסט, מאַשינען זשאַווערן, מיליאָנען אַרבעטס־הענט ווערן געשוואַלן פון הונגער. די תבואה ווערט אַרויסגעפירט קיין אויס־לאַנד און פאַר דעם געלט קויפט מען צעבראָכענע האַרמאַטן, וואָס אין אַ צייט פון קריג וועלן זיי סיי־ווי נישט טויגן. אָנשטאָט צו זוכן די שולד אין דעם סיסטעם, טשעפּעט מען זיך צום אידן און מען רייצט אָן אויף אים דעם פּויער, כאָטש ביידע — סיי דער פּויער און סיי דער איד — זיינען קרבנות פון איין־און־דעם־זעלביקן סיסטעם. יעדער טאָג ברענגט מיט זיך נייע גזרות, נייע שטייערן, נייע געזעצן, וואָס אַלע האָבן זיי דעם זעלביקן ציל: צו דריקן שווער אויף די אומגליקלעכע און אָפּצוטעמפּן אין זיי דעם לעצטן דראַנג צו קעמפן פאַר אַ בעסערער עקזיסטענץ.

אַ סך אַן אָנגענעמערן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט טשעכאָסלאָ־

וואַקיע. טשעכאָסלאָוואַקיע איז אויך נישט קיין אידעאַל לאַנד. אויך דאָרטן איז פאַראַן אָרימקייט און נויט. אָבער עס איז כאָטש פאַראַן גוטער ווילן צו העלפן, און יענע געמיטלעכקייט, וואָס איז איבערגעגאַנגען קיין טשעכאָסלאָוואַקיע פון דעם פאַרמלחמהדיקן ווין. מאַסאַריק, דער פּרעזידענט פון דער טשעכישער רעפּובליק, איז אַ סאָציאַליסט, אַ פילאָ־זאָף, אַ ליבעראַל אין בעסטן זין פון דעם וואָרט. ווען איך האָב געשיקט מיין בוך צו מאַסאַריקן, האָט ער מיר נישט בלויז געענטפערט מיט אַ האַרציקן בריוו, נאָר ער האָט אויך אָנגעשריבן אויף מיין בוך אַ רעצענ־זיע. נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס לאַנד געפינט זיך פּאָליטיש אויף אַ וואולקאַן, זיינען די מענטשן דאָרטן גוטמוטיק, הילפרייך. נאָך דער היטלער־איבערקערעניש אין דייטשלאַנד, איז טשעכיע געוואָרן דער אַזיל פאַר טויזנטער דייטשישע און אידישע געלערנטע, שריפטשטעלער, קינסט־לער, פּאָליטיקער. טשעכיע איז ווי אַן אָאַזיס אין דער מזרח־ און מיטל־אייראָפּיאישער מדבר.

אָנדערהאַלבן יאָר בין איך אָפּגעזעסן אין דעם לאַנד. מיין בוך האָט דאָ געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג, סיי צווישן אידן און סיי צווישן די דייַ־טשישע פּאָליטישע עמיגראַנטן. איך האָב אויך באַזוכט די וואַרעם־בעדער — קאַרלסבאַד, פראַנצינסבאַד, מאַריענבאַד — און נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין געקומען אַהין מיט אַ פּאַרטיקן פּאַראורטייל, אַז די פּלעצער זיינען באַזוכט פון געלט־זעק, ווייבער, וואָס זוכן שידוכים פאַר די טעכטער א. אַז. וו. א. אַז. וו. בין איך אָנגענעם איבערראַשט געוואָרן צו זען, אַז די פּלעצער האָבן ווירקלעך פאַרדינט דעם נאָמען, וואָס זיי האָבן אויף דער וועלט. געטראָפן האָב איך דאָרטן נישט בלויז געלט־זעק און אַלטע אידן, נאָר אויך אַ סך סימפּאַטישע מענטשן פון פאַרשיידענע לענדער. קומט מען אַהין אין יענע מקומות, פאַרגעסט מען אויף אַ ווייל, אַז די וועלט גרייט זיך צו קריג; אַ אין האַלב אייראָפּע הערשן גרעסערע אָדער קלענערע דיקטאַטאָרן; אַז מיר לעבן אויף אַ וואולקאַן, וואָס קען יעדע מינוט אָנהויבן שפּייען מיט פייערדיקער לאַווע. אין די טשעכישע בעדער הערשט אַזאַ רו, אַזאַ שטילקייט, אַזאַ געמיטלעכקייט, אַז מען פאַרגעסט אַן אַלעמען. פיל דייטשישע שרייבער, געלערנטע, געוועזענע



אַ אידישער דאָקטאָר פון מעדיצי-
וואָס איז געוואָרן אַ חלוץ.











קרבנות פון די אַראַבישע רוצחים. דאָס ערשטע
בילד, רעכטס, איז פון דעם באַרימטן שריפט-
שטעלער חיים ברענער.



אַן אַראַבער, וואָס אַרבעט אין אַ
אידישן פּרדס.



אַ געשלעג צווישן אַראַבער און ענגלישן
מיליטער אין יפו.

# איבער לענדער און שטעט

אוניווערזיטעט־פּראָפעסאָרן, קומען אַהער און לעבן דאָ זייער באַשיידן לעבן, אין אַן אַטמאָספערע פון ביכער און קונסט.

איך בין צוליב מיין בוך צוגעפאָרן קיין בריסל. מיין בוך איז, נעמלעך, איבערגעזעצט געוואָרן אויף פראַנצויזיש און פלעמיש. בריסל וואָלט זיכער געווען געמאַכט אויף מיר דעם בעסטן איינדרוק, ווען נישט אַ געשעעניש, וואָס האָט מיך אויף אַ צייט אַרויסגעשטויסן פון גלייכגעוויכט. איך האָב אין בריסל געשלאָסן קענטשאַפט מיט אַ הויך־קולטורעלער אידישער פאַמיליע, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ מוטער, אַ טאָכטער און אַן אײדים. איך ווייס נישט, וואָס די פאַמיליע האָט געפונען אין מיר, אָבער איך האָב אין דער פאַמיליע געפונען אַ סך מעלות. איך האָב אָבער געמוזט באַמערקן, אַז צווישן דער טאָכטער און איר מאַן איז דאָס לעבן נישט אַזוי גלאַט און האַרמאָניש, ווי עס וואָלט באַדאַרפט זיין. נאַטירלעך, האָט מען זיך געהיט פאַר מיר, עס נישט אַרויסצואווייזן. אָבער ווען מאַן־און־ווייב לעבן שלעכט, איז עס נישט גרינג עס צו פאַרבאָרגן, איבערהויפּט פאַר אַ מענטשן, וואָס האָט דערפאַרונג אין אַזעלכע זאַכן. געענוי אין וואָס די קריגערייען צווישן דעם יונגן פּאָרפאָלק זיינען באַשטאַנען, ווייס איך נישט ביז צום היינטיקן טאָג. איינס איז אַ פאַקט: אַז די מוטער האָט אָפּט צוגעגעבן דעם אײדים גערעכט, און עס האָט געקענט מאַכן אַן איינדרוק גלייך ווי זי וואָלט געהאַט צו אים אַ באַזונדערע סימפּאַטיע.

אין איינעם אַן אָוונט האָט די פאַמיליע מיך איינגעלאַדן, איך זאָל גיין מיט זיי אין אַ נאַכט־לאָקאַל. עס איז געווען אַן ערשט־קלאַסיקער לאָקאַל, וואו עס קומען די בעסערע פאַמיליעס פון בריסל. פריער זיינען מיר אַלע געווען אין אַלגעמיינעם זאַל. מוזיק האָט געשפּילט, שיינע אַקטריסעס האָבן פאַרגעשטעלט און איך האָב אַביסל געטרונקען און זיך אַמוזירט. איך האָב אָבער געפילט, אַז די לופט איז אָנגעלאָדן. די יונגע פרוי האָט פון מאָל צו מאָל אַ קוק געטאָן מיט אַ טרויעריקן בליק, וואָס איז שווער געווען צו וויסן צו וועמען ער איז געווענדעט — צו דער מוטער, אָדער צום מאַן, אָדער צוביידע צוזאַמען. נאָך דער פאָרשטעלונג זיינען מיר אַרויפגעגאַנגען אין אַ ספּעציעלן זאַל, וואָס האָט זיך

געפונען אויבן, אויפן פערטן שטאָק. דאָרטן האָבן מיר געריוויכערט און אָנגעהויבן צו שמועסן. אָבער באַלד האָט אויסגעבראָכן אַ קריגערייַ צווישן דער יונגער פרוי און איר מאַן. איך האָב די קריגערייַ נישט גענומען זייער ערנסט. געקריגט האָט מען זיך צוליב עפּעס אַ קלייניקייט, אַ פאַמיליע־אָנגעלעגנהייט, וואָס איז פאַר אַ פרעמדן נישט אינגאַנצן קלאָר, און דורכגערעדט האָט מען זיך שאַרף, אָבער נישט גראָב, ווי עס פּאַסט פאַר אינטעליגענטע מענטשן. די מוטער האָט אין אָנהויב נישט גענומען קיין שום אנטייל. אָבער עס איז גענוג געווען אויף איר אַ קוק צו טאָן, צו זען מיט וועמען זי האַלט. זי האָט נערוועז געפּויקט מיט די פינגער אין טיש, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און פאַרצויגן די ברעמען. אַ ווײַלע האָב איך דערפילט, אַז איך בין דאָ אינגאַנצן אַן איבעריקער מענטש, און אַז איך וואָלט געטאָן גוט, ווען איך הויב מיך אויף און פאַרלאָז די געזעל־שאַפט. דאָס האָב איך, אָבער, נישט געקענט טאָן. נישט בלויז וואָלט דאָס נישט געווען פאַרבעסערט די סיטואַציע, נאָר, אין אַ געוויסן זין, זי נאָך פאַרערגערט. אַזוי אַלנפאַלס האָב איך געטראַכט. איך האָב אויך געטראַכט, אַז די מוטער וואָלט געטאָן גוט, ווען זי מישט זיך איצט נישט אַרײַן, ווײַל די יונגע פרוי האָט אויסגעזען אויפגערעגט און פאַר־ביטערט.

אָבער די מוטער האָט זיך נישט געקענט באַהערשן. זי האָט גלייך אָנגעהויבן צו רעדן וועגן דעם, אַז דער אײדים איז גערעכט. עס איז, איבעריקנס, געווען צום ערשטן מאָל, ווי איך האָב געזען, אַז אַ שוויגער זאָל האַלטן שטאָל און אייזן פאַר איר אײדים, און זיין קעגן דער אייגענער טאָכטער.

ווייזט אויס, אַז דער מוטערס רייד האָבן שוין איבערפילט דאָס מעסטל פון דער טאָכטערס פּיין איבערן דנאָ, ווײַל פּלוצלונג איז געשען אַ שרעקלעכע זאַך. די טאָכטער האָט זיך אויפגעהויבן פון אָרט און אַ רוף געטאָן:

— אַזוי? דו האַלסט ווייטער מיט אים? ער, הייסט עס, איז גערעכט? אַלעמאָל, אָן אויסנאָם?

און זאָגנדיק אָט די ווערטער, איז זי צוגעלאָפן צום אָפענעם פענצ־

## איבער לענדער און שטעט

טער. איך בין ווי פאַרגליווערט געוואָרן. פונקט אַזוי זיינען פאַרגליווערט געוואָרן די מוטער און דער אײדים. איידער איינער פון אונדז האָט באַ־וויזן זיך אויפצוהויבן פון אָרט, איז די יונגע פרוי אַרויסגעשפּרונגען...

עס איז אוממעגלעך איבערצוגעבן מיט ווערטער די שוידערלעכע סצענע, וואָס דאָרטן האָט זיך אָפּגעשפּילט. איך האָב געמאַכט אַ גוואַלד און בין אַראָפּגעלאָפן אונטן, אָבער די אומגליקלעכע איז שוין געווען אַ צעשמעטערטע. די מוטער איז געוואָרן היסטעריש. דער יונגערמאַן האָט זיך אַזוי פאַרלוירן, אַז ער האָט נישט געקענט עפענען דאָס מויל. דער דאָקטאָר פון דער גיכער הילף, וואָס איז אַרויסגערופן געוואָרן, האָט בלויז באַשטעטיקט דעם טויט.

כאָטש איך האָב נישט גענומען קיין דירעקטן און אויך נישט קיין אומדירעקטן אָנטייל אין דער גאַנצער זאַך און איך ווייס נישט ביז צום היינטיקן טאָג וואָס פאַר אַ טראַגעדיע דאָרטן האָט זיך אָפּגעשפּילט, — האָט דער דאָזיקער פאַקט אויף מיר געהאַט אַן אומגעהויערע ווירקונג. איך האָב מער נישט געקענט זיין אין בריסל און זיך געאײַלט וואָס־גיכער צו פאַרלאָזן די שטאָט. נאָך אַ קורצער צייט בין איך איינגעלאַדן גע־וואָרן קיין פּאַריז, אין צוזאַמענהאַנג מיטן איבערזעצן פון מיין בוך אויף פראַנצויזיש, און איך האָב געדאַנקט גאָט, וואָס איך קען פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, וואו איך האָב געהאַט אַזאַ שווערע איבערלעבונג.

איך בין נישט געווען גענוג לאַנג אין פּאַריז, אַז איך זאָל קענען מיר מאַכן אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן דער שטאָט אַלס אַ גאַנצע. אָבער דער ערשטער איינדרוק איז אַ געוואַלטיקער. נאָכדעם ווי מען זעט פּאַריז, האָט מען אַ געפיל גלייך ווי אַלע גרויסע שטעט, וואָס מען האָט געזען ביז איצט, וואָלטן געווען קאָפּיעס, נאָכמאַכונגען, און די אמתע גרויסע שטאָט, דער אָריגינאַל, איז פּאַריז. עס איז אָבער שווער אין אַ קורצער צייט איינצוזאַפּן אין זיך די אַלע אוצרות פון קונסט און שיינקייט, וואָס ליגן צעוואָרפן איבער דער שטאָט. פונקט ווי אַ מענטש קען נישט עסן מער וויפיל זיין מאָגן פאָדערט, אַזוי קענען מיר נישט געניסן פון קונסט אין צו־גרויסע פּאָרציעס. איך בין אַרומגעגאַנגען איבער דעם לוּווער און געהאַט אַ געפיל, ווי מען וואָלט פאַר מיר אַוועקגעשטעלט מיט

איינמאָל טויזנטער טייערע מאכלים, וואָס כאָטש יעדעס פון זיי, קען זיין גוט און אָנגענעם, זיינען אָבער אַלע צוזאַמען איבער די כוחות פון דעם געניסער. דאָ, אין פּאַריז, האָב איך זיך צום ערשטן מאָל דערפילט, אַז די אַלטע קולטורן פון גריכנלאַנד און רוים זיינען נישט געבליבן אָן אַ יורש. אפילו די אויסגעלאַסנקייט פון פּאַריז, וועגן וועלכער מען רעדט אַזויפיל אויף דער וועלט, איז נישט סתם אויסגעלאַסנקייט. אין קאַאיראָ, אַלעקסאַנדריע און אין אַנדערע אָריענטאַלישע פּלעצער, איז די אויסגע־לאַסנקייט אַ רויע, אַן אָפענע. איר קענט טרעפן אין קאַאיראָ גאַסן־פרויען, וואָס ליגן נאַקעטערהייט אין שטייגן, און אַן אַלטער מאַן מיט אַ ווייסער באָרד איז דער יעניקער, וואָס נעמט־אויף „קונים". די אויסגעלאַסנקייט אין פּאַריז איז אָנגעזאַפּט מיט קולטור און אפילו מיט טראַדיציע. איר פילט דאָ אַ פאַרבאָרגענע פילאָזאָפיע, מיט וועלכער די אַטמאָספערע איז אָנגעזאַפּט. עס איז די פילאָזאָפיע פון די עפּיקורעער, וואָס האָבן גע־לערנט, אַז דער איינציקער זין פון לעבן איז גענוס; עס איז די פילאָ־זאָפיע, וואָס דרינגט דורך די ווערק פון אַ וואָלטעיר, אַנאַטאָל פראַנס און אפילו גואי דע מאָפּאַסאַן. אָפט ווירקט פּאַריז מעלאַנכאָליש. עס דוכט זיך, אַז די פּאַריזער זיינען מיד, שרעקלעך מיד, און אַז כאָטש די שטאָט רוישט, לאַכט, הילכט, — איז זי איינגעהילט אין אַ נעפּל און אין אַ שטילקייט נישט פון דער־וועלט. ווען איך בין געשטאַנען אויפן טורעם פון נאָטער־דאַם און האָב אַראָפּגעקוקט אויף דעם אומענדלעכן פּאַריז, איז מיר פאָרגעקומען, גלייך ווי איך וואָלט דורך עפּעס אַ גס געזען אַ שטאָט, וואָס איז שוין לאַנג אונטערגאַנגען; אַ שטאָט, וואָס כאָטש זי איז טויט, ווייסט זי אַליין נישט וועגן דעם; אַ שטאָט, וואָס לעבט אין עולם־התוהו...

אַ גאַנץ אַנדער איינדרוק מאַכט לאָנדאָן. דאָס ערשטע געפיל, ווען מען קומט קיין לאָנדאָן, איז: ווי מען וואָלט נישט געקענט דערגיין וואו איינגטלעך עס איז די שטאָט און וואו די פּעריפעריעס. לאָנדאָן איז נישט איין שטאָט, נאָר אַ זאַמלונג פון שטעט, וואָס זיינען צוגעטשעפּעט געוואָרן צו זיך מעכאַניש. אויב פּאַריז איז אָנגעזאַפּט מיט דער קולטור פון אַלטערטום, איז לאָנדאָן פול מיט יענער טריבקייט, וואָס דערמאָנט אין

# איבער לענדער און שטעט

מיטלאַלטער. עס שטערן נישט די גרויסע בילדינגס, די באָסעס, די אויטאָמאָבילן. עס דוכט זיך: אין לאָנדאָן האָט די קולטור פֿון מיטל־אַלטער און די מאָדערנע ציוויליזאַציע זיך צונויפֿגעגאָסן אין איינס, און עס איז שווער אונטערצושיידן וואו איינס הויבט זיך אָן און וואו דאָס אַנדערע ענדיקט זיך. איך האָב געהאַט אין לאָנדאָן אַ קוזין. נאָכדעם ווי איך האָב מיך אָפּגעשטעלט אין אַ האָטעל, בין איך אַוועק צו מיין קוזין. מיין קוזין האָט געשטאַמט פֿון רוסלאַנד, און איך האָב אים געזען אין מיין פֿאַנטאַזיע, ווי ער האָט אויסגעזען מיט אַ סך יאָרן צוריק, איידער ער האָט עמיגרירט. אָבער גלייך דער ערשטער אויגנבליק האָט מיך איבערצייגט, אַז דאָס קאַלטע נעפּלדיקע לאָנדאָן האָט איבערגעאַנדערשט מיין קוזין, מיין בלוט־און־פֿלייש, נישט צום דערקענען. פֿאַר מיר איז געשטאַנען אַ מיטל־יאָריקער קאַלטער ענגלענדער, וואָס כאָטש ער האָט צו מיר גערעדט אידיש און רוסיש, און אָנגערופֿן באַקאַנטע היימישע נעמען, האָבן זיי געקלונגען אין זיין מויל פֿרעמד און עפּעס נישט נאַטירלעך. מען רעדט אָפּט וועגן דעם, אַז די ענגלענדער זיינען גרויסע שווייגערס. איך וואָלט געזאָגט, אַז די ענגלענדער זיינען שווייגערס אויך דעמאָלט, ווען זיי רעדן. ווען אַ רוסישער מענטש רעדט, ווערט ער דורך דעם רעדן נעענטער, היימישער, אינטימער. ווען דער ענגלענדער רעדט, ווירקן זיינע רייד נאָך מער אָפּפֿרעמדנדיק. מען פֿילט, אַז יעדעס וואָרט וויל אונטערשטרייכן די פֿרעמדקייט, וואָס עס הערשט צווישן מענטש און מענטש. איך האָב געפֿילט די קאַלטקייט אין מיין קוזין נישט בלויז אין באַצוג צו מיר, נאָר אויך אין באַצוג צו דער אייגענער פֿאַמיליע. נישט געקוקט דערויף, וואָס מיין קוזין האָט מיך איינגעלאַדן איך זאָל בלייבן וואוינען ביי אים, האָב איך זיך דערפֿון אָפּגעזאָגט. איך האָב גיכער געוואָלט וואוינען אין אַ האָטעל און זיין מיט זיך, איידער פֿילן די קעלט, וואָס האָט געשטראָמט פֿון מיין אַנגליזירטן קוזין.

# אין שפּיטאָל

אין לאָנדאָן האָט מיט מיר געטראָפן עפּעס, וואָס האָט מיך טיף דערשיטערט. עס איז נישטאָ עפּעס ערגערס פאַר אַן איינזאַמען מענטשן ווי זיין שלאָף. אָבער גראָד אין דעם קאַלטן לאָנדאָן האָט דער גורל געוואָלט, אַז איך זאָל איבערקומען אַ שווערע געפערלעכע קראַנקהייט און נאָך דערצו אין אויסערגעוויינלעכע אומשטענדן. עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ „פלו". די „פלו" איז גראָד אומגעגאַנגען איבער לאָנדאָן און די צאָל טויט־פאַלן איז געווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ גרויסע. ווער עס קען די געשיכטע פון לאָנדאָן, ווייסט, אַז אין לאָנדאָן זיינען מגפות נישט קיין בייעס. פון וואָס פאַר אַ שלאַק און פּרעניות האָט לאָנדאָן שוין נישט געליטן! פון דעם „שוואַרצן טויט" און פון כאָליערע, פון טיפוס, געלן פיבער און נאָך אַנדערע קראַנקהייטן! די שיפן, וואָס קומען קיין לאָנדאָן פון דער גאַנצער וועלט, האָבן אָפט געבראַכט מיט זיך קראַנקהייטן פון ווייטע מדינות און ווייטע אינדזלען. וואָס־זשע פאַר אַ ראָלע שפּילט פאַר לאָנדאָן אַן אינפלוענציע! אָבער טויזנטער מענטשן האָבן דורך איר פאַרלוירן זייערע לעבנס. די שפּיטאָלן זיינען געווען געפּאַקט. טויזנטער יתומים זיינען צוגעקומען. דער טויט האָט געהאַט אַ רייכן שניט.

אין אַ געווויסן אָוונט, ווען איך בין אַהיימגעקומען אין מיין האָטעל־צימער, האָב איך דערפילט אַ קעלט אין די ביינער און גלייכצייטיק אַ וואַרימקייט. די נאַכט בין איך איבערגעשלאָפן אומרואיק, און צומאָרגנס אינדערפרי האָב איך געפילט אַ ווייטיק אין קאָפּ, אַ ברעכעניש הינטער די קניען און אַ שווידער אין רוקן. איך האָב געוואָלט איגנאָרירן די קראַנקהייט, זיך אָפּטרייסלען פון איר, זיך מאַכן גלייך ווי זי וואָלט נישט עקזיסטירט. אָבער זי האָט וועגן זיך גלייך געגעבן צו וויסן אין אַ שטאַרקער פאָרם. די עטלעכע פריינט, מיט וועלכע איך האָב געשלאָסן קענטשאַפט, אין לאָנדאָן, האָבן מיך געראַטן צו גיין אין שפּיטאָל אַריין. אַזוי

## אין שפּיטאָל

ווי איך בין אַ איד, איז געווען מער ווי נאַטירלעך, אַז איך האָב געוואָלט גיכער ליגן אין אַ אידישן שפּיטאָל.

מיינע פריינט האָבן זיך וועגן מיר געמיט און מען האָט מיך אָנגענומען אין דעם לאָנדאָנער אידישן שפּיטאָל. מיין פיבער האָט זיך דערווייל געשטאַרקט און דערגאַנגען ביז הונדערט און פיר גראַד. דער דאָקטאָר, וואָס האָט מיך באַטראַכט ביי מיין אָנקומען, האָט דערקלערט, אַז צו דער „פלו" האָט זיך צוגעטשעפּעט „דאָבל־ניומאָניע", לונגען־אָנטצינדונג, אויף ביידע זייטן. די שאַנסן צו שטאַרבן זיינען געווען נישט קלענער ווי די שאַנסן צו בלייבן לעבן. איך האָב עס גאַנץ גוט געוואוסט.

עס איז שווער איבערצוגעבן די שטימונג, וואָס כאַפּט אַרום אַ מענטשן, און דערצו אַ פרעמדן, ווען מען גיט אים מיט איינמאָל אַ שיק־אַוועק אין שפּיטאָל, צווישן שווער־שלאָפע. איך האָב ווי דערפילט דעם גערוך פון טויט. דער זאַל, אין וועלכן איך בין געלעגן, איז געווען אַ גרויסער און עס זיינען דאָרטן געשטאַנען נאָך אַ סך בעטן. אין יעדן בעט האָט אַן אַנדער מענטש זיך געמאַטערט מיט אַ שווערער שלאַפקייט. אָט דאָס צונויפנעמען אַ סך שלאָפע אין איין זאַל שאַפט אַ שרעקלעכע אַטמאָספערע. איינער הוסט און איינער קרעכצט, איינער רעדט עפּעס פון היץ אומפאַרשטענדלעכע ווערטער און דער אַנדערער מוטשעט זיך שוין מיט די לעצטע כוחות און פירט אַן אומזיסטן קאַמף מיט דעם טויט, וואָס איז שטאַרקער פון אים. בלויז די אַטמאָספערע, וואָס הערשט אין אַזאַ זאַל, קען קראַנק מאַכן אַ מענטשן. דער מענטש דערפילט זיך נאָך קלענער ווי ער איז, נישטיק, נעבעכדיק, שפלדיק.

די אמתע באַלעבאַטים איבער יעדן שפּיטאָל זיינען נישט די דאָקטוירים און ניט די וואוילטעטיקע גבאים, נאָר די אַזוי־גערופענע באַרמהאַרציקע שוועסטער. זיי דאַרפן מיט זייער געדולד, מיט זייער גוטהאַרציקייט, לינדערן די פּיין, אויף וועלכער די שלאָפע זיינען אויסגעזעצט. אָבער עס איז צום באַוואונדערן, ווי נישט־איבערקלייבעריש עס זיינען די יעניקע, וועלכע נעמען צו „נוירסעס", באַרמהאַרציקע שוועסטער אין שפּיטאָל. ווי אין אַלע אינסטיטוציעס הערשט דאָ פּראָטעקציע, פּאָליטיק און טובה־טועריי. עס איז גענוג געווען פאַר מיר אַ קוק צו טאָן

אויף עטלעכע פון די „שוועסטער", אַז עס זאָל מיר קאַלט ווערן אין די גלידער. דאָס אינטערעסאַנטסטע, אָבער, איז, אַז די נוירסעס פון אידישן שפּיטאָל, אַלנפאַלס פון מיין אָפּטיילונג, זיינען ס׳רוב נישט געווען קיין אידישע, נאָר דייטשקעס — שטייפע, עלטערע מוידן, וואָס דער אַנטי־סעמיטיזם איז זיי געלעגן אויף די פּנימער.

צומאָרגנס, נאָכדעם ווי איך בין אָנגעקומען אין שפּיטאָל, איז איינע פון די „שוועסטער" צוגעקומען צו מיין בעט און מיר דערקלערט, אַז דער דאָקטאָר האָט איר געהייסן נעמען בלוט פון מיינע אָדערן, אויף אַן אַנאַליז. פון מיין דערפאַרונג האָב איך געוואוסט, אַז מען קען זיך אויף די „שוועסטער" נישט שטאַרק פאַרלאָזן ווען עס האַנדלט זיך וועגן נעמען בלוט פון די אָדערן, ווייל אָפט טרעפט, אַז זיי טוען עס נישט אַזוי ווי עס באַדאַרף צו זיין, טרעפן נישט אויפן ריכטיקן פלאַץ, און דער קראַנקער האָט דערנאָך צו זינגען און צו זאָגן. איך האָב דערקלערט דער „שוועס־טער", אַז איך וואָלט געוואָלט, אַז דער דאָקטאָר אַליין זאָל נעמען דאָס בלוט, און איך האָב זיך פאַר איר אַנטשולדיקט. איך בין זיכער געווען, אַז זי וועט אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן. נאָך אַלעמען, האָט דאָך יעדער קראַנקער רעכט צו זיין פאַרזיכטיק, אָדער אפילו אַרויסצואווייזן אַ קאַפּריז.

די „שוועסטער" האָט אויסגעהערט מיינע ווערטער און אָנשטאָט אַן ענטפער האָט זי אויף מיר געוואָרפן אַ פיינטלעכן בליק. זי האָט איבערגעגעבן דעם דאָקטאָר מיין פאַרלאַנג און דער דאָקטאָר איז געקומען נעמען ביי מיר דאָס בלוט. אָבער גלייכצייטיק האָב איך דערפילט, אַז די אַלטע מויד, די דייטשקע, וועט מיר מיין „זינד" נישט מוחל זיין, און אַז זי וועט זוכן אין מיר נקמה צו נעמען.

אַזוי ווי איך האָב פאָראויסגעזען, אַזוי איז געווען.

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט קליינע צולהכעיסן. עס איז נישט שווער אַרויסצואווייזן אימיצן שנאה, ווען מען וויל. איבערהויפּט איז לייכט צו פייניקן אַ קראַנקן, וואָס איז מער עמפּינדלעך פון יעדן אַנדערן. אָבער די דייטשקע האָט זיך נישט באַנוגנט מיט אַרויסווייזן איר פאַראַכטונג זי האָט אומבאַדינגט געוואָלט מיר שעדיקן. דער דאָקטאָר האָט פאַר־

# אין שפּיטאָל

אָרדנט מען זאָל מיר צולייגן הייסע קאָמפּרעסן צו די זייטן. אָבער אַלעמאָל איז אויסגעקומען אַזוי, אַז „גראָד" ווען מען האָט מיר צוגעלייגט די הייסע קאָמפּרעסן, האָט די „שוועסטער" געעפנט דאָס פענצטער אַקעגנאיבער מיין בעט. די טעג זיינען געווען קאַלטע, ווינטיקע, און איך האָב געזען קלאָר דעם ציל, וואָס די „שוועסטער" האָט זיך געשטעלט: מיך צו פאַר־קילן און מיך צו באַשטראָפן מיט טויט־שטראָף, אַלץ דערפאַר, ווייל איך האָב געוואַגט צו צווייפלען אין אירע קענטעניש. ווען איך האָב געבעטן ביי דער „שוועסטער" זי זאָל מיר דערלאַנגען דאָס געפעס פאַר נויטיקע באַדערפעניש, האָט זי זיך געמאַכט נישט־הערנדיק און איך האָב געמוזט וואַרטן אַ שעה אָדער מער ביז זי האָט ענדלעך מיר צוגעבראַכט, וואָס איך האָב געבעטן. באַלד האָב איך איינגעזען, אַז די דייטשקע האָט קעגן מיר געמאַכט אַ גאַנצע פאַרשווערונג. איינמאָל, ווען איך האָב געבעטן ביי דער „שוועסטער" דאָס געפעס און זי האָט עס מיר פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט געבן, האָב איך מער נישט געקענט באַהערשן מיינע יסורים און אָנגעהויבן צו שרייען. די „שוועסטער" איז צוגעקומען און געפירט מיט זיך די „אויבער־שוועסטער", וואָס איז אויך געווען אַ דייטשקע. יענע האָט מיר דערקלערט, נישט מער און נישט ווייניקער, אַז: אויב איך וועל נאָך רעדן איין וואָרט, וועט מען מיך גלייך אַרומרינגלען מיט אַן אייזערנער וואַנט, וואָס מען נוצט פאַר שלאָפע, ווען די היץ מאַכט זיי ווילד און משוגע. איך האָב איינגעזען, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין גרויזאַמע הענט, און דער אינסטינקט האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז אין פאַל ווען איך וועל שווייגן, וועט מען מיך ביסלעכווייז דאָ אומברענגען. איך האָב דעריבער נאָך העכער געשריען און פאַרלאַנגט מען זאָל מיר געבן דאָס געפעס. דעמאָלט זיינען ביידע „שוועסטער" אַוועק און נישט לאַנג דערנאָך צוגעקומען מיט צוויי דינער, וואָס האָבן געטראָגן אַן אייזערן ווענטל. איינער פון די שלאָפע איז דערווייל געהאַט אַראָפּגע־שפּרונגען פון בעט און מיר דערלאַנגט דאָס געפעס, וואָס איך האָב אַזוי לאַנג געבעטן. אַלע שלאָפע האָבן אָנערקענט ווי איינער, אַז איך בין גע־רעכט, און אַז די „שוועסטער" באַהאַנדלען מיך גרויזאַם און פאַרברעכעריש.

ווען איינער פון די דינער האָט געפּרואווט אַוועקשטעלן לעבן מיין

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

בעט דאָס ווענטל, האָב איך זיך אויפגעריסן און עס אָפּגעשטופּט פון מיר. עס איז אַרויפגעפאַלן גלייך אויף דער „שוועסטער", מיין שונא. זי האָט געמאַכט אַ געשריי און דער הויפּט־דאָקטאָר איז געקומען. איך האָב דערקלערט דעם דאָקטאָר, וואָס איך מוז דאָ איבערטראָגן. איך האָב פאַרלאַנגט, ערשטנס, אַז מען זאָל צו מיר אַרויסרופן טעלעפאָניש מיינעם אַ פריינט, אַ בארימטן פּראָפעסאָר פון לאָנדאָן, יענער זאָל פעסטשטעלן ווי עס האָלט מיט מיר און צי האָב איך ווירקלעך פאַרדינט די באַהאַנד־לונג, וואָס איך באַקום. צווייטנס, האָב איך פאַרלאַנגט, מען זאָל אויך טעלעפאָנירן צו מיינעם אַ פריינט, אַ רעדאַקטאָר פון אַ אידישער צייטונג אין לאָנדאָן. דער פּראָפעסאָר האָט געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס מיך צו באַרואיקן, אָבער מיין אויפרעגונג איז געווען גרויס. די „שוועסטער", די דייטשקע, איז גלייך אין דער זעלביקער נאַכט אָפּגעזאָגט געוואָרן פון איר פּאָסטן.

כדי מיך צו באַרואיקן און לינדערן מיינע שמערצן האָט דער דאָקטאָר פאַראָרדנט מיר צו געבן ביז זעקס און דרייסיק גראַם מאָרפיום. דאַן האָט ער באַפוילן, מען זאָל מיך איבערלייגן אין אַן אַנדער צימער. איך האָב פון דעם לעצטן באַפעל נישט געוואוסט. פּלוצלונג זיינען צוויי באַדינער צוגעקומען צו מיר מיט אַ טיש אויף רעדלעך, וואָס אויף אים פירט מען אין אָפּעראַציע־צימער, און מיך איבערגעטראָגן ערגעץ אין אַ ווייטן צימער, וואו עס איז נישט געווען אַנגעצונדן קיין לאָמפּ. איך האָב געפרעגט די לייט, וואוהין זיי פירן מיך, אָבער זיי האָבן נישט געענטפערט. אַ גאַנצע נאַכט האָב איך נישט צוגעטאָן קיין אויג. אין דעם צימער איז געווען קאַלט, די לופט איז געווען דומפּיק און איך האָב געהאַט מינוטן, ווען מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איך מוז שוין זיין טויט און אַז איך געפין זיך אין מתים־שטיבל. דאָס אַלץ איז געווען ספּעציעל איינגעאָרדנט דורך דער „הויפּט־שוועסטער", וואָס איז אויך געווען אַ דייטשקע און אַ חברטע פון דער יעניקער, וואָס דער דאָקטאָר האָט אָפּגעזאָגט. צומאָרגנס האָט דער הויפּט־דאָקטאָר זיך דערוואוסט, ווי אַזוי מען האָט „אויסגעפירט" זיין באַפעל, און דער סוף איז געווען, אַז אויך די צווייטע שוועסטער איז אָפּ־געזאָגט געוואָרן.

# אין שפּיטאָל

איך בין נאָך אָפּגעלעגן פינף וואָכן אין דעם זעלביקן שפּיטאָל. כאָטש די באַציאונג צו מיר מצד די „שוועסטער" איז געוואָרן אַביסל בעסער, האָב איך מיך נאָך אַלץ דאָ געפילט ווי אין אַ טורמע. אין צוזאַמענהאַנג דערמיט האָב איך פיל געטראַכט וועגן די אַלע גראָבקייטן און רציחות וואָס ווערן אָפּגעטאָן אין שפּיטאָלן צו קראַנקע, און וואָס מען לייענט וועגן זיי אין די צייטונגען. עס איז אַ חרפּה צו זאָגן, אַז גראָד די וועכטער און שוועסטער אין די אידישע שפּיטאָלן צייכענען זיך אויס מיט אַ נישט־גוטער באַציאונג צו קראַנקע. די אידישע פּרעסע שרייבט אָפּט וועגן דעם. מען דערציילט פון פאַלן, ווי וועכטער שלאָגן די קראַנקע; ווען קינפּעטאָרינס ווערן איבערגעלאָזט אַליין און זיי שטאַרבן בלויז צוליב דעם ווייל קיינער קומט זיי נישט צו הילף, און וועגן שווער־שלאָפּע פון דער פּראָווינץ, וואָס צוליב עפּעס אַ נאַרישער פאָרמאַליטעט, אַ שטיקל פּאַפּיר, קענען זיי נישט אָנקומען אין שפּיטאָל און גייען־אויס נישט באַקומענדיק די נויטיקע הילף. מענטשן, וואָס פאַרנעמען זיך מיט וואוילטעטיקייט, די יעניקע, וואָס געבן גרויסע סומען פאַר שפּיטאָלן, וואָלטן געמעגט זיך מער אינטערעסירן ווי אַזוי די קראַנקע ווערן באַהאַנדלט און צי האָט מען נישט פאַרוואַנדלט די וואוילטעטיקע אינסטיטוציע אין אַ ביוראָקראַטיש קלייזל, וואו יעדער איינער וואַרפט אַרויף די אַרבעט אויפן צווייטן. איך גלויב קוים צי היינט, אין דער צייט היטלעריזם, קען מען אָנפאַרטרויען אידישע קראַנקע צו דייטשקעס, וואָס זיינען אָפּט פאַרבאָרגענערהייט אָנגעזאַפּט מיט דעם גיפט פון אַנטיסעמיטיזם.

ווען איך בין אַרויסגעקומען פון שפּיטאָל האָט מיך דערוואַרט אַן אָנגענעמע נייעס. אַ באַרימטע האָליוואודער פילם־געזעלשאַפט האָט זיך דערוואוסט וועגן מיין בוך און באַשלאָסן צו מאַכן דערפון אַ פילם. איך האָב באַקומען אַן איינלאַדונג צו קומען קיין אַמעריקע און אַ שיפס־קאַרטע ערשטע קלאַס.

דאָס וואָרט אַמעריקע האָט געהאַט פאַר מיר אַ רייץ שוין זינט אַ לאַנגע צייט. אייראָפּע האָב איך געקענט. עס זיינען מיר אויך נישט פרעמד געוועזן אַזיע און אַפריקע. אָבער דאָס אָרט לעבן פון אַמעריקע איז ביז איצט געוועזן פאַר מיר אַ פאַרשלאָסן בוך.

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

איך האָב געלייענט וועגן אַמעריקע אין ביכער. אָבער מיין דער־פאַרונג האָט מיך געלערנט, אַז עס זיינען נישטאָ יענע ביכער, וואָס זאָלן קענען געבן אַ באַגריף וועגן אַ לאַנד, אויב מען האָט עס נישט געזען מיט די אייגענע אויגן און אויב מען האָט אין דעם לאַנד נישט געלעבט. מען מוז אַליין אָנקוקן די גאַסן, די הייזער, די מענטשן; מען מוז אַרייג־קומען אין שטיבער, אין געשעפטן, רעדן מיט דערוואַקסענע און קינדער, כדי צו האָבן וועלכע עס איז פאַרשטעלונג וועגן דעם לאַנד וואו מען איז.

אין די ביכער שרייבט מען אַ סך וועגן די וואָלקן־קראַצערס, וועגן די אויטאָמאָביל־פאַבריקן, וועגן האָליוואוד. אָבער אַמעריקע באַשטייט נישט בלויז פון וואָלקן־קראַצערס, אויטאָמאָביל־פאַבריקן און פילם־געזעל־שאַפטן. איך האָב געוואָלט זען דאָס אַמעריקע פון גרויען מענטשן, דאָס אַמעריקע פון די יעניקע, וואָס קעמפן שווער און ביטער פאַר אַ שטיקל ברויט; דאָס אַמעריקע, וואו מען בויט הייזער און האָטעלן ענלעך צו מיטלאַלטערלעכע תפיסות; דאָס אַמעריקע וואו הונדערטער טויזנטער און מיליאָנען געבן אַוועק זייערע בעסטע כוחות, כדי עטלעכע לײדיק־גייער זאָלן קענען זיך באַצירן מיט דעם שיינעם טיטל מיליאָנער. איך ווייס נישט וואָס עס דערוואַרט מיך דאָ, אָבער איך האָף אַז דאָ וועט זיין מיין לעצטער קאַפּיטל אין מיין וואַנדערונג.

# דער לעצטער סך־הכל

די מענטשלעכע נשמה איז פֿאַר־
שקלאַפֿט. זי איז טויזנטפֿאַך געבונדן און קען זיך נישט באַפֿרייען פֿון איר
נעץ. זי קעמפֿט פֿאַר דעם גוטן און שיינעם. זי וויל ווערן פֿריי; זי
שטרעבט נאָך בילדונג, נאָך פֿאַרפֿיינערונג און פֿולקאָמנהייט. אָבער אין
גרונט גענומען בלייבט זי טיף פֿאַראַנקערט אין דעם מאַטעריעלן, ווייל זי
קען זיך נישט אויפֿהויבן איבער דעם שמוציקן, וואָס ציט זי אַראָפּ. אָבער
די וועלט געהערט צו דעם יעניקן, וואָס שטרענגט זיך אָן, אַז דאָס גייס־
טיקע זאָל הערשן איבער דעם מאַטעריעלן. אין דער ערשטער פּעריאָדע
פֿון דער אויפֿקלערונג־עפּאָכע האָט מען געגלויבט, אַז די קולטור וועט
באַהערשן די וועלט. שפּעטער, אין דער פּעריאָדע פֿון טעכנישן אויפֿבוי,
האָט מען זיך איינגערעדט, אַז די מאַשין וועט אַלץ באַהערשן. אָבער
דאָס מענטשלעכע האַרץ, דער כאַראַקטער, איז געבליבן הינטערשטעליק.
מען האָט אויסגענוצט די געזעצן פֿון דער נאַטור און אירע סודות כּדי
צו פּראָדוצירן האַרמאַטן און דערמיט האָט מען געוויזן, אַז מען גלויבט
בלויז אין די רעכט פֿון געוואַלדטאַט.

פֿאַר אַן אויגנבליק האָט אויסגעוויזן, אַז די האַרצלאָזע טעכניק וועט
ווירקלעך טריאומפֿירן איבער דעם מענטשלעכן האַרץ און אויף אייביק
אָפּשטעלן דעם לויף פֿון זיינע העכערע געפֿילן. אָבער דאַן איז געקומען
די ווירטשאַפֿטלעכע קאַטאַסטראָפֿע, דער צוזאַמענברוך פֿון אַלע עקספּאַנ־
סיעס. דער מענטש האָט ווידער דערזען זיין אומבאַהאָלפֿנקייט און פֿאַר־
שטאַנען ווי ווייניק די גאַנצע טעכניק איז און ווי קליין עס איז די ראָל,
וואָס ער שפּילט אין איר.

אין מיין קאַמף פֿאַר ברויט און מענטשלעכקייט האָב איך זיך אויף
מיין פּרימיטיוון שטייגער צו עפּעס דערטראַכט. ווער ווייסט? אפֿשר איז
דער גאַנצער קאַמף אין לעבן נישט מער ווי אַ קאַמף פֿאַר דערקענטעניש?
אָבער ווי מיזאַם דער טאָג זאָל נישט זיין, וועט אַלץ די נאַכט ברענגען

מיט זיך דאָס פאַרגעסן, און איך האָב געטאָן אַלדאָס־מעגלעכעס, אַז אַ סך טרויעריקע שאָטן־בילדער זאָלן אָפּגעווישט ווערן פון מיין זכרון. אפשר איז עס בלויז געווען גייסטיקע פּחדנות, אַ צוריקטריט פון געוואַל־טיקן קאַמף.

איך האָב נישט געמוזט קעמפן פאַר דער ליבע. אָבער עס איז אַ סך לייכטער צו געווינען די ליבע פון אַ פרוי אידער די ליבע צו דערהאַלטן אויף אַ לענגערער צייט. ווען מיר שענקען אַוועק אַ פרוי אונדזער האַרץ, געבן מיר איר דאָס טייערסטע, וואָס מיר פאַרמאָגן. אין מיין ביז־איצטיק לעבן האָב איך פאַר דער ליבע באַצאָלט מיט דעם בלוט פון מיין האַרץ. נאָך יעדער אַנטוישונג בין איך געבליבן שטיין ווי אויסגעליידיקט.

אָבער עס איז פאַראַן אַ פייער, וואָס איז העכער און הייסער ווי די ליבע צו דער פרוי, און דאָס איז: די ליבע צו דער מענטשהייט, די צונויפגעוואַקסנקייט מיט דעם אייגענעם פאָלקס־קערפּער. קיינמאָל איז עס מיר נישט געווען אַזוי קלאָר, ווי גראָד אין דעם מאָמענט, ווען איך האָב מיך געמוזט אַנטשליסן צו פאַרלאָזן פּאַלעסטינע. פון איין זייט האָב איך מיך געוואָלט באַפרייען פון די אינטימע דערינערונגען, וואָס האָבן מיך פאַרקניפּט מיט אָט דעם לאַנד. פון דער אַנדערער זייט האָב איך געפילט, אַז איך בין שטאַרק פאַרבונדן מיט אָט דער ערד, וואָס איז אַנגעזאַפּט מיט בלוט און טרערן, אַז איך בין זיכער געווען, אַז איך וועל מיך קיינמאָל נישט קענען אַקלימאַטיזירן אין אַן אַנדער לאַנד.

עס איז געווען אַ צייט, ווען איך האָב געשטרעבט נאָך בילדונג און נאָך וויסן. איך האָב געוואָלט זיך באַפרייען פון אַלע העמונגען און פון יעדן געפיל פון מינדערוויכטיקייט. אין פּאַלעסטינע האָב איך איינגעזען, אַז איך טראָג מיט שטאָלץ אין מיר דאָס געפיל פון צוגעהעריקייט צו אַ פאָלק, צו אַ ראַסע, וואָס כאָטש זי ווערט אין דייטשלאַנד דערקלערט פאַר מינדערוויכטיק, טראָגט זי אין אמתן אויף איר רוקן אַלעליידן פון מענטשלעכן מין. מאַרטירער מוזן ליידן, אָבער זיי שטאַרבן פאַר אַ גרויסער, הייליקער אידייע. מיר אידן טראָגן אין זיך דאָס מאַרטירערטום פון דער פאַרווירטער און פאַרבלאָנדזשעטער מענטשהייט, וואָס אירע טיילן האָסן זיך און פאַראַכטן זיך נישט וויסנדיק אַליין פאַרוואָס. מיך האָט די

## דער לעצטער סך־הכל

צוגעהעריקייט צו אַט דער ראַסע געמאַכט שטאַרק און שטאָלץ. איך ווייס, אַז מען קען נישט ענדערן די פּאַרהעלטעניסן פון היינטיקן טאָג דורך רעוואָלוציע אָדער טעראָר, נאָר דורך דעם גרויסן ווערק פון ליבע און פאַרשטענדיקונג.

איך האָב אין אַט דעם בוך צופּויגעגעבן די געשעענישן, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אין מיין לעבן, איך האָב געשילדערט מיין גאַנצן גאַנג, און צום סוף דערזען, אַז איך שטיי ווידער אין אָנהויב פון דעם גרויסן קרייז־לויף. איך האָב דערביי דערפילט וויפיל אומנוצלעכע ענער־גיע, וויפיל אומזיסטע כוחות, איך האָב געפּטרט אין מיין לעבן. איך האָב געזוכט די מאָראַל ביי מיינע מיטמענטשן, ביי מיינע פריינט, ביי פרויען. איך האָב געהאָפט, אַז די פרויען, וועלכע איך האָב אַוועקגעשאָנקען מיין האַרץ, זיינען זייער מאָראַליש און פולקאָם. אָבער איך האָב באַלד געמוזט אָנערקענען ווי וויט זיי זיינען פון פולקאָמענהייט. יאָ, עס זיינען פאַראַן אויסנאַמען. אָבער וואו געפינט מען זיי? זיי זיינען אַזוי זעלטן ווי ווייסע קראָען. אויך די צאָל גוטע מענטשן איז זעלטן. איך האָב אָט די פעסט־שטעלונג געמאַכט שוין נישט איינמאָל, אָבער יעדעס מאָל מוז איך צו איר צוריקקומען. איך האָב געמוזט איבערלעבן אַ סך ביטערע שעהן, ביז איך האָב מיך איינגעלעבט מיט אַט דעם געדאַנק.

דאָס מענטשלעכע האַרץ איז באַרופן דערצו, עס זאָל געבן דער מאַטעריע אידעאַלן און געדאַנקען, גרויסע געדאַנקען, אָבער נישט קיין מאָדע־איינפאַלן און משוגענע שטימונגען. אינדרויסן, אויף דער גאַס, לויערט דער טויט, דאָס אומגליק, די פאַרניכטונג. דער מענטש איז אויס־געזעצט אויף אַלע יענע געפאַרן, אויב ער רייסט זיך נישט צום העכערן. פאַרהאַלטן אַט דעם פאַרניכטונגס־פּראָצעס איז אַ גרויסע מיסיע, אַ הויכע שליחות. קיין שום פאָלק און קיין שום נאַציע האָט מען נישט אַזוי ביטער באַקעמפט, אַזוי פאַראַכטעט און דערנידעריקט, ווי מיין פאָלק, וואָס האָט געשאָנקען דער וועלט דעם מאָנאָטעאיזם, די ברידערלעכע ליבע, און וואָס האָט אַרויסגעגעבן אַזויפיל דערהויבענע גייסטער. אָבער די זיבן־מייליקע שטיוול פון דער ציוויליזאַציע האָבן צעטראָטן אַט דאָס פאָלק און זיינע מתנות פאַר דער מענטשהייט. לעבן דער אויפגייענדיקער שפע

איז אָנגעוואָקסן אומקום, וואָס איז אַ געפאַר פאַר די געזונטע און נוצלעכע שפּראָצונגען, אויב עס ווערט נישט פּריציייטיק אויסגעראַטן. דאָס אידישע פאָלק האָט שוין געהאַלטן ביים פאַרלירן זיין נאַציאָנאַלן באַוואוסטזיין און זיך אינגאַנצן איבערצוגעבן דער אַסימילאַציע. אָבער סוף־כל־סוף האָט די נאַציאָנאַלע טאָט דאָך אָפּגעהאַלטן אַ נצחון.

דאָס אַלט־נייע לאַנד אויפן מיטללענדישן ברעג, דער ציל פון דער גרויסער אידישער בעקנשאַפט, האָט באַוויזן, אַז מיר, די פאַרשקלאַפטע און אונטערדריקטע אידן, זיינען פייאיק צו פירן אַן אייגן מלוכה־לעבן; אַז מיר קענען קעמפן פאַר אונדזער אידייע און דערגרייכן טאַטן, וואָס זאָלן אַרויסרופן באַוואונדערונג ביי אונדזערע גרעסטע קעגנער.

פון די אויסגעקרימטע אידישע געטאָ־געשטאַלטן זיינען אויסגעוואָקסן גלייכע מענער און פרויען, וואָס האָבן מיט זייערע געזונטע הענט אויסגעריסן דאָס ווילד־גראָז פון דער אידישער געשיכטע. די טרוימער פון יאָרטויזנטער זיינען געוואָרן רעאַליסטן, און דערביי האָבן זייערע גייסטער נישט פאַרלוירן דעם אַלטן שיינעם אינהאַלט. אויף דער האַרטער, אור־אַלטער זינט־דורות נישט־באַאַרבעטער ערד, איז אויפגעגאַנגען אַ נייע ברכה. די אידישע מאַסן, וואָס האָבן אין זייערע לענדער נישט געהאַט קיין היים און קיין צוקונפט, האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך אַ דראַנג צו געניסן פון לעבן, צו פאַרלאַנגען פון לעבן דאָס, וואָס עס קען ווירקלעך געבן, און נישט אָפּצוקומען בלויז מיט פוסטע חלומות און מיט זעלבסט־פאַרגעסונג.

אין דעם נייעם לאַנד האָט דער אידישער וואַנדערער געפונען זיין באָדן, ווייל אַ פאָלק קען נישט עקזיסטירן אָן קיין לאַנד. פריער זיינען געקומען צו אָט דער איבערצייגונג די אידישע מאַסן אין מזרח־אייראָפּע. שפּעטער זיינען אויך אַ סך אידן פון מערב געצוואונגען געוואָרן צו קומען צו אָט דער דערקענטעניש. דער איד דאַרף פאַלעסטינע און פאַלעסטינע דאַרף האָבן דעם אידן.

דאָס לאַנד דאַרף האָבן אַ אידישע מאַיאָריטעט. בלויז דעמאָלט, מיט דער הילף פון דעם אידישן אויפבוי־ווילן, קען פאַלעסטינע זיך אַנטוויקלען צו דער מדרגה פון אַ דעמאָקראַטיש לאַנד, וואו די פאַרשיידנסטע ראַסעס



פראָפעסאָר אַלבערט איינשטיין



דער 12יאָריקער זון פונעם מחבר



ל. גלאַזערס עלטערן נאָך זייער אָנ־
קומען קיין ארץ ישראל



ל. גלאַזער, אין דינסט פון
דער רעוואָלוציע אין 1918.

און רעליגיעס זאָלן קענען הויזן צוזאַמען. קריסטן, אידן און מאַכמע־דאַנער וועלן דאָ נישט מוזן זיך באַקעמפן קעגנזייטיק, נאָר פּראָפּיטירן פון דער פרידלעכער צוזאַמענאַרבעט. בלויז אָט דער ביבלישער באָדן קען ווערן דאָס פּלאַץ, וואו די פאַרלוירענע זין פון ישראל זאָלן ווידער צונויפגענומען ווערן.

אָבער דער מענטש וואַנדלט אַרום מיט געשלאָסענע אויגן ווי אין חלום, ביז דער אומברחמנותדיקער רוף פון רויען לעבן רייסט אים אויף פון זיין דרימל. דאָס פאַרגאַנגענע און איבערגעלעבטע הויבט אָן צו דריקן ווי אַ באַרג. אפילו די געטין פון גערעכטיקייט האָט געמוזט טראָגן אַ שלייער איבער אירע אויגן, ווייל דער מענטש קען קיינמאָל נישט משפּטן אָן פאַראורטיילן. יעדער אורטייל איז אַלעמאָל אָפּהענגיק פון דער שטע־לונג, וואָס דער אורטייל־געבער נעמט־אָן אין דער געזעלשאַפט, און פון זיין אייגענער באַקוועמלעכקייט. אָפט איז דאָס די אורזאַך פאַרוואָס דער זעלביקער ווערט צוזאַמענגעבראָכן אינמיטן פון זיין לעבנס־וועג, אין די סאַמע בעסטע יאָרן; ווייל ער האָט פאַרלוירן דעם אייגנטלעכן ציל. דער קערפּער, מיט וועלכן ער האָט מיסגעברויכט, זאָגט זיך אָפּ צו דינען. ער ווערט קינדיש, אומבאַהאָלפן, הויבט אָן זוכן מיטלייד, רחמנות און פאַרמיאוסט אַזוי אַרום זיין אייגענע ווירדע. אָבער עס איז קיינמאָל נישט צו־שפּעט זיך אומצוקערן צו דעם קוואַל פון לעבן, צו דעם טאַט, וואָס שטאַרקט און פירט אַרויף אויף דעם ריכטיקן און אמתן וועג. דעם מענטשנס האַרץ איז זיין קאָמפּאַס, וואָס ווייזט די אמתע ריכטונג.

די רייד קלינגען אפשר ווי פון אַ מאָראַל־פּריידיקער. אָבער איך ווייס, אַז די מאָראַל קען מען נישט פּריידיקן, מען מוז זי פילן. איך האָב דאָ געגעבן די וידוי פון מיין לעבן און אָנגעצייכנטע זיינע מער־אָנזעעוו־דיקע פּעריאָדן. איך האָב אויפגעוויקלט דעם גאַנג פון אַן אַרומיקן מענטש־לעכן גורל און געוויזן זיין וועג. היינט ווייס איך, אַז דער וועג איז געווען פול מיט טעותים. איצט, ווען איך שרייב אָט די ווערטער, וויל איך דינען מיט מיין דערציילונג די יעניקע, וואָס קענען אפשר פון מיין וועג עפּעס אָפּלערנען.

דאָרטן, וואו דער ירדן פליסט, ביים מיטללענדישן ים, ליגט די

אידישע היים. דאָרטן פולסירט דאָס לעבן פון מיין פאָלק. איך זאָג עס אַלעמען, אידן, קריסטן, און מאַכמעדאַנער, אַז דאָרטן ליגן די מאַרק־שטיינער פון דער מענטשלעכער קולטור און ציוויליזאַציע, יענע ווערטן צו וועלכע אַלע שטרעבן. דאָרטן ליגט אַ נייער צענטער פון קראַפט, אַן אַנטריבונג פאַר די יעניקע, וואָס זיינען שוין געווען נאָענט צו דער פאַר־צווייפלונג. דאָרטן, ביים הייסן ברעג פון יפו און ביים איינגוס פון חיפה, לאַנדן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער, וואָס האָבן געליטן פון שיף־ברוך. פון דאָרטן, פון דער גליענדיק־הייסער ערד, ווייעט אַ הייסער, אָבער וואויל־טוענדיקער ווינט, וואָס טרייבט די נייע זעגלען צו אַ זיכערן האַפן. עס איז דאָס לאַנד, וואָס וועט באַפרייען די וועלט פון נאַציאָנאַלער שנאה.

די מענטשן פירן דאָרטן אַ שווער מיזאַם לעבן, אָבער זיי זיינען גליקלעך. די פאַמיליע איז דאָרטן אַ צונויפבונד פון צוויי מענטשן, וואָס באַגעגענען זיך אויפריכטיק און חבריש און זיינען גרייט און ווילן אויפ־צובויען אַ ניי לעבן אין דער נייער היים. זיי באַפעלקערן די טאָלן, באַ־פרוכפּערן דעם שטייניקן באָדן און געבן אים דאָס פאַרביקע נאַטור־קלייד, וואָס איז באַצירט מיט בליטן און פרוכטן. דעריבער גיט פאַלעסטינע נייע האָפענונגען די מיליאָנען אידן, וואָס זיינען צעשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט, און ברענגט אַריין זון־שיין אין זייערע נידעריקע, אומגעזונטע און טונקעלע הייזער. אויך מיר אידן ווילן האָבן אַ פּלאַץ אונטער דער זון! קנאַפּע צוויי טויזנט יאָר, אַז די זון איז נישט אַריינגעקומען אין אונדזערע פענצטער. איצט הויבט זיך אָן אַ נייע עפּאָכע פאַר דעם אידן. ער, דער איד, וואָס איז גליקלעך געווען, ווען ער האָט באַקומען בירגער־רעכט אין אַן אַנדער לאַנד און איז פאַררעכענט געוואָרן אַלס זון פון אַן אַנדער נאַציע, — דער זעלביקער איד האָט איצט געלאָזט וויסן מיט שטאָלץ, אַז ער איז אַ איד. ער שליסט זיך אָן אין דעם גאַנצן נאַציאָנאַל־אידישן כלל און ווערט אַ טייל פון דעם פאָלק, וואָס איז דערווייל נאָך צעוואָרפן איבער דער גאַנצער וועלט. דער נאַציאָנאַלער באַוואוסטזיין, וואָס איז אויפגעקומען אַ דאַנק דער האָפענונג צוריקצוקריגן פאַלעסטינע, פאַרבינדט אים מיט זיינע איבעריקע ברידער. אַלדאָס־שיינע און איידעלע,

## דער לעצטער סך־הכל

אַלדאָס־שעפערישע אין זיין וועזן, זוכט אַן אויסדרוק. ער דערפילט אַ ביז־איצט אומבאַקאַנטן דראַנג צו טאַט, אַ הייסע כוואַליע פון מסירת־נפש און איבעריקער גייסטיקער פאַרבונדנקייט.

דער רענאָסאַנס פון אידנטום איז פאַר קיין פאַל נישט געווען קיין פלוצלונדיקע ענדערונג, נאָר אַ רעוואָלוציאָנערער טאַט, וואָס איז גע־קומען נאָך אַן עוואָלוציאָנעלן פּראָצעס. דער ראָמאַנטישער און סענטי־מענטאַלער ציוניזם האָט זיך אויסגעדריקט פאַרשידן אין די פאַרשיידענע שיכטן פון פאָלק און איז אַריין אין דעם בלוט פון דער אידישער מאַסע. די פאַרשיידענע ריכטונגען אין ציוניזם באַקעמפן זיך קעגנזייטיק און אָפט נעמען־אָן זייערע קאַמפן שאַרפע פאָרמען. דערביי גייט פאַרלוירן צייט און ענערגיע, וואָס מען וואָלט געקענט אויסנוצן אויף צו העלפן די נויט־ליידנדיקע אידישע מאַסן. אָבער כאָטש די פאַרשיידענע ריכטונגען באַ־קעמפן זיך, ווילן זיי מסתמא איינס און דאָס זעלביקע: רו און מעגלעכקייטן פאַר זייער גייסטיקער אוןווירטשאַפטלעכער אַנטוויקלונג; די מעגלעכקייט צו נעמען פון לעבן דאָס, וואָס עס גיט און וואָס מען קען זיך אָן דעם נישט באַגיין.

אין פּאַלעסטינע, אין אָט דעם אייגנאַרטיקן לאַנד, וואָס איז דורכ־גענומען פון אידעאַליזם און מענטשן־ליבע, האַלטן זיך די פּאַרטייען באַ־זונדער, כאָטש זיי זיינען אַלע די זיילן פון אידישן לעבן. אָבער נישט געקוקט דערויף, ליגט אויף זייערע אַקסלען דאָס ווערק פון הומאַניטעט: די באַשאַפונג פון דער אידישער נאַציאָנאַלער היים.

איך בין אין מיין גאַנצער יוגנט געווען אַ רעוואָלוציאָנער און איך בין נאָך היינט אַ מענטש פון טאַט. די טאַט איז די גרעסטע רעוואָלוציע, אויב זי שטאַמט פון האַרצן. אונדזער האַרץ שטרעבט און בענקט נאָך לעבן, שלום און רו. אָבער אין פּאַלעסטינע און אין די אידישע קיבוצים אין אַנדערע לענדער פלאַקערט דער פּאַרטיי־קאַמף און נעמט צו ביי די אידן די ענערגיע, וואָס איז נויטיק פאַר דעם אויפבוי־ווערק. זיי מיינען, אַז זיי טוען אויף גרויסע זאַכן, ווען זיי טייטשן אויס דעם ציוניזם אַזוי אָדער אַנדערש. ווען זייערע אַרגומענטן זיינען שוואַך, באַנוצן זיי זיך מיט די שלאָג־ווערטער פון די ברידער־קאַמפן, וואָס קומען פאַר

צווישן אַנדערע פעלקער. ווער עס איז נישט מיט אונדז, איז קעגן אונדז! זיי אַטאַקירן דעם אידישן לאַגער און שפּאַלטן אים. די פּאַרטיי־אָנהענגער כאַפּן זיך אָן אין אָט די אויסגעטראָטענע לאָזונגען, וואָס האָבן גאָרנישט צו טאָן מיט דעם ווילן פון די אידישע מאַסן און מיט זייער געזונטן צוגאַנג צו דעם נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. ניין, מען טאָר נישט אַריינטראָגן אין די מוחות פון אָט די קינדער די דעמאַגאָגיע פון פּאַרטיי־פּאָליטיק; מען טאָר נישט פאַרפּעסטן זייערע נשמות. און זיי מאַכן אומפּייאיק אויפצונעמען דאָס נייע, נאַציאָנאַל־אידישע לעבן. געוויס דאַרף מען זיי אויך דערציען פּאָליטיש, כדי זיי זאָלן וויסן די באַדינגונגען פון זייער עקזיסטענץ. די וויטאַליטעט פון די אידישע מאַסן מוז צונויפגעזאַמלט ווערן אין אַ רעזערוואואַר פון נאַציאָנאַלן טאַט און בילדן אַ קראַפט־צענטער, וואָס אַלע זיינע צווייגן זאָלן דינען דעם אויפבוי פון דער אידישער היים. אָט די קראַפט וועט אויך ווערן די בריק צווישן די אידן אין פּאַלעסטינע און די אידן, וואָס לעבן דערווייל אַלס מינדערהייטן אין אַנדערע לענדער. אַזוי אַרום וועלן מיר לייגן אַ בריק פון פאַרשטענדיקונג נישט נאָר צווישן איד און איד, נאָר אויך צווישן איד און נישט־איד. אָבער אָט די בריק פון פאַרשטענדיקונג מוז זיך קודם־כל שטיצן אויף אונדזער אייגענער אחדות, ווייל גראָד מיר, פאַרפאָלגטע און פאַראַכטעטע אידן, מיר, וואָס ווערן באַטראַכט ווי מיר וואָלטן געווען אויסער די ראַמען פון דער מענטשהייט, — גראָד מיר זיינען באַרופן צו געבן דער מענטשהייט אַ נייע רעליגיע; די רעליגיע פון האַרץ, פון מענטשן־ליבע, פון קעגנזייטיקער פאַרשטענדיקונג. אויב דאָס ווערק פון דער ליבע זאָל געלינגען — און עס וועט געלינגען, אויב מיר וועלן אַריינלייגן דערין אונדזער ווילן — דעמאָלט וועלן די מענטשן אָפּטאָן פון זיך זייערע מיאוסע געוואוינהייטן, די געמיינהייט און דעם עגאָאיזם. ערשט דעמאָלט וועלן מענטשן קומען צום באַוואוסטזיין ווי עקלהאַפט און שענדלעך עס איז געווען צו פאַרניכטן מענטשן און עקזיסטענצן און זיי וועלן ווערן פול מיט חרטה. די ליבע, די אמתע מענטשן־ליבע, וועט פייערן איר נצחון. די מענטשן־ליבע וועט אויך ענדערן און שענער מאַכן די מענטשלעכע פערזענלעכקייטן. מענער און

# דער לעצטער סך־הכל

פרויען וועלן פאַרשטיין, אַז תאווה און פרייד זיינען פאַרגענגלעך און אַז זיי זיינען באַרופן צו פאַרשענערן דאָס לעבן, נישט צו פאַרוואַנדלען די מענטשן אין בעסטיעס. די מענטשן וועלן זיך דעמאָלט קעגנזייטיק אַכטן און גלויבן סיי אין זייער אייגענער קראַפט, סיי אין דער קראַפט פון זייערע מיטמענטשן. זיי וועלן זיך מער נישט באַקעמפן דורך פאַרדאַרבונג און פאַרניכטונג, נאָר זיי וועלן זיך קעגנזייטיק העלפן אַרויפצושטייגן אויפן שפּיץ פון מענטשלעכן אויפבוי; צו דערגרייכן צו דעם פולסירנדיקן הייסן האַרצן פון דער וועלט. מען מוז נישט האָבן פאַר זיך קיין מיאוסקייט, כדי צו פאַרשטיין די שיינקייט, ווייל דאָס עסטעטישע און פריידיקע טראָגט זיין קריטעריום אין זיך אַליין. מען דאַרף אויך נישט קיין געמיינהייטן, כדי דאָס גוטע זאָל פאַרשטאַנען ווערן. צו אָט דעם זין קען בלויז דערגיין די מענטשהייט. מיר אידן זיינען אויסגעוויילט געוואָרן צו זיין די פּיאָנערן און די פאָרלויפער פון דער ציוויליזאַציע, אָבער ביז איצט האָבן מיר געהאַט ווייניק פרוכט פון אונזערע באַמיאונגען. אָבער מיר ווילן ווייטער גיין אויפן זעלביקן וועג. מיר ווילן קלאָר מאַכן ווי נידעריק עס איז דאָס געפיל פון האַס, מיט וועלכן מען צאָלט אונדז אָפּ. מיר ווילן דער געשיכטע פון היינט און פון מאָרגן צושטעלן אַ באַווייז פון אונדזער נאַציאָנאַלער און מלוכהשער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג. די געשיכטע פון מענטשלעכן מין איז געשריבן געוואָרן מיט בלוט. אָבער די כראָניק פון דער מענטשהייט וועט אין דער צוקונפט געשריבן ווערן מיט דער גאָלדענער שריפט פון שיינע טאַטן. דער גרונטשטיין צו דעם בוי פון דער מענטשן־ליבע איז געלייגט געוואָרן אין משך פון בלוטיקע יאָרטויזנטער; אָבער די דורות, וואָס וועלן קומען, וועלן דאָך דעם בנין פאַרענדיקן. איך וויל צו אָט דעם בנין צוטראָגן יענע פיל־קאַנטיקע שטיינער, וועלכע דאָס לעבן האָט מיר אַריינגעשליידערט. איך וועל מסתמא אויך נישט פאַרגעסן צו ברענגען יענעם שטיין, וואָס איז מיר אַראָפּגעפאַלן פון מיין האַרצן. יאָ, דער בנין וועט זיין די פעסטונג פון דער מענטשהייט. פאַר אונדז, אידן, וועט ער זיין דאָס בית־המקדש, צו וועלכן אונדזערע אבות פלעגן עולה־רגל זיין. דאָס בית־המקדש איז חרוב געוואָרן צוליב אינטריגעס און געוואַלד־טאַטן. לאָמיר האָפן, אַז אונדזערע אידן וועלן נישט איבערחזרן זייערע אַמאָ־

## פון מאָסקווע ביז ירושלים

ליקע זינד און נישט דערפירן צו אַ דריטן חורבן. ווייל אינטריגע און שנאַת-חנם איז אונדזער גרעסטע געפאַר. לאָמיר האָפן, אַז די מלוכה, וואָס מיר ווילן איצט בויען, וועט זיין אַ מלוכה פון גליק און פרייהייט, און אַז די מאָראַל וועט נאָך איר טיפער געזונקענקייט און געפאַלנקייט ווידער אויפשטיין תחית-המתים.

# אַנשטאָט אַ שלום־וואָרט

איך האָב געענדיקט דאָס בוך אין
האַרבסט 1937. אין דער צייט, ווען איך האָב געשריבן וועגן דער מלחמה
וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין דער פאַרגאַנגענהייט, האָט דערווייל איי־
ראָפּע פונסניי אָנגעצונדן דעם בלוטיקן פאַקל פון קריג און פאַרניכטונג.

איראָפּע האָט פון דעם פריערדיקן קריג, ווי פון אַלע אַנדערע קריגן,
גאָרנישט געלערנט.

דאָס זעלביקע דייטשלאַנד, וואָס איז דורך דעם קריג רואינירט גע־
וואָרן, האָט אויסגעקליבן פאַר איר פּרעזידענט הינדענבורגן, דעם פעלד־
מאַרשאַל, וואָס איז געווען דער סימבאָל פון איר קאַמפּלוסט. ווי ווייט,
אייגנטלעך, איז געווען פון הינדענבורגן צו היטלערן?

פאַר אונדזערע אויגן, אין משך פון עטלעכע יאָר, האָבן מיר געזען
ווי איינס פון די ציוויליזירטסטע לענדער האָט אָפּגעטרייסלט פון זיך
אַלע דערגרייכונגען פון דער קולטור און אומגעקערט זיך צו מיטלאַל־
טערלעכער פינצטערניש מיט אַן אומגעווייניקלעכער שנעלקייט. דער צוקונפ־
טיקער היסטאָריקער וועט זיך וואונדערן און צום וויפלטן מאָל פרעגן
די זעלביקע פראַגע: ווען איז דאָס אַלץ געשען? ווען און ווי אַזוי?
שוין־זשע איז די קראַפט פון פינצטערניש אַזוי גרויס, אַז עטלעכע יאָר
קענען אָפּווישן דאָס, וואָס עס איז דערגרייכט געוואָרן אין הונדערטער
יאָרן? שוין־זשע קען אַדאָלף היטלער אויסרייסן מיטן וואָרצל דאָס, וואָס
עס האָבן פאַרפלאַנצט לעסינג און געטהע, לייבניטץ און קאַנט, שילער
און שאָפּענהויער, היינע און ניטשע? איז דאָס דייטשישע פאָלק פון זינען
אַראָפּ? און אויב עס איז ווירקלעך מעגלעך אויסצורייסן אַלדאָס־גוטעס
און אַלדאָס־שיינעס, — צו וואָס זיך באַמיען? צו וואָס שאַפן? איז דען
נישט גלייכער איינמאָל פאַר אַלעמאָל צו רעזיגנירן און מער נישט צו
מאַכן קיין פאַרצווייפלטע פּרואוון צו פאַרבעסערן און פאַרשענערן די
וועלט?

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

קיין שום היסטאָרישער פֿאַקט האָט נישט אַזויפֿיל באַשטעטיקט די פּעסימיסטישע וועלט־אַנשויאונג ווי די געשעענישן אין היינטיקן דייטשלאַנד. אָט דאָס איז דער רעזולטאַט פֿון יאָרהונדערטער אויפֿקלערונג, וויסנשאַפֿט, מאָראַל־פּריידיקונג און דערציאונג! אויף דעם גוט־געפֿלעגטן, מיט בלוט־און־שווייס באַאַרבעטן גאָרטן פֿון אייראָפּע איז אויסגעוואָקסן אַ מאָדערנער דזשינגיס כאַן, אַ ווילדער פֿאַנאַטיקער, אַ פֿאַרשוין, וואָס אפילו אין דער צייט פֿון קרייץ־צוגן וואָלט ער געווען צו־פֿינצטער און צו־גרויזאַם. היינט, אויב אַזוי, צו וואָס זייען און צו וואָס אַקערן? דאַרף מען דען נישט ליבער קוקן דעם פּאַטום גלייך אין די אויגן און נישט ווידערשטעלן זיך? איז דען נישט אונדזער אַרבעט, אונדזער מסירת־נפש א סיזיף־אַרבעט, אַ גיסן וואַסער אין אַ געלעכערטן עמער?

דער אָנהויב פֿון ניינצנטן יאָרהונדערט האָט געבראַכט מיט זיך אַ סך האָפֿענונגען. עס איז נאָך נישט געווען אויסגעלאָשן דער גלויבן אין דעם מענטשלעכן פֿאַרשטאַנד, אין דער אויפֿקלערונג. מיליאָנען האָבן נאָך אַלץ געגלויבט, אַז מען קען מיט דער הילף פֿון אַ בוך, אַ צייטונג, אַ טעאַטער־שפּיל, ליכטיקער מאַכן די מאַסן, אויסוואָרצלען פֿון זיי אַלדאָס־גראָבעס, אונטערטעניקעס, טונקעלעס. אין רוסלאַנד זייַנען טויזנטער אַוועק „צום פֿאָלק". די אויפֿקלערער פֿון גאַנץ אייראָפּע האָבן געפּריידיקט מאַסן־בילדונג. גרויסע גייסטער זייַנען געבוירן געוואָרן. עס איז געקומען אַ גרויסער רענעסאַנס, וואָס האָט געוואָלט ליכטיק מאַכן די וועלט און פֿאַרווירקלעכן אַלע יענע חלומות, וואָס יאָר־טויזנטער האָבן געחלומט. אין דער ליטעראַטור, אין דער מאַלעריי, אין דער מוזיק, אין טעאַטער און אויף אַלע אַנדערע געביטן פֿון דער קונסט זייַנען געשאַפֿן געוואָרן גרויסע ווערק. די וויסנשאַפֿט האָט אָפּגעהאַלטן מעכטיקע זיגן. אויפֿן אָרט פֿון די אוטאָפּיסטן, די טרוימער, איז געקומען דער וויסנשאַפֿטלעכער סאָציאַליזם, דער מאַרקסיזם. פֿון אַלע זייטן האָט מען געהערט ווי די זיילן, אויף וועלכע די אַלטע וועלט האָט זיך געהאַלטן, ברעכן זיך. וואויל איז געווען צו די יעניקע, וואָס האָבן געלעבט און געשאַפֿן — אין יענער צייט! די לופֿט איז געווען פֿול מיט גלויבן. די גרעסטע שוואַרץ־זעער האָבן געמוזט מודה־זיין, אַז דער מענטש האָט זיך אַ רוק געטאָן פֿאָראויס — פֿלוצלונג, ווייט,

# אַנשטאָט אַ שלום־וואָרט

אומפּאָראויסגעזען — און אַז קיין וועג צוריק איז שוין נישטאָ. אַלע בריקן, וואָס האָבן געפירט פון דער נייער צייט צו דער אַלטער, האָבן אויסגעזען צו זיין פאַרברענט. דערביי איז צווישן ציוויליזאַציע און קולטור געווען אַזאַ האַרמאָניע, וואָס אַזעלכע האָט אפשר בלויז געהערשט אין אַלטן גריכנלאַנד.

אָבער עס האָבן אויך דעמאָלט זיך געפונען קלוגע גייסטער, גרויסע סקעפּטיקער, וואָס זיינען נישט צופיל נתפּעל געוואָרן פון די אַלע דערגרייכונגען. זיי האָבן געוואוסט דורך אַ טיפן אינערלעכן אינסטינקט דעם גרויסן אמת פון קהלת, אַז „אין חדש תחת השמש“, נישטאָ קיין נייעס אונטער דער זון. דער מענטשלעכער שיקזאַל וועט אין גרונט אַלעמאָל בלייבן דער זעלביקער, און נאָך יעדן פלוצלונדיקן אויפשטייג, מוז קומען אַ באַרג־אַראָפּ. די מענטשהייט גייט אויף קרומער ליניע, וואָס זעט אויס גלייך בלויז צו די קורצזיכטיקע. עס וועלן אַלעמאָל זיין שטאַרקע און שוואַכע, צדיקים און רשעים, טיראַנען און מאַרטירער, וועלף און שעפּעלעך. עס איז נישט וויכטיק, וואָס די נעמען וועלן זיך ענדערן. עס איז נישט וויכטיק, וואָס די וועלף וועלן איבערבייטן זייער פעל. די ציין וועלן בלייבן די זעלביקע.

די וועלט האָט די שוואַרץ־זעער. מען האָט פיינט דעם אמת זייערן. די וועלט מוז האָבן אילוזיעס, גלויבן. אָבער בלויז געציילטע קענען זיך פאַרגינען צו קוקן דעם אמת גלייך אין די אויגן אַריין.

אָבער קיינער האָט זיך נישט גערעכנט, אַז דער באַרג־אַראָפּ פון דער מאָדערנער קולטור וועט קומען אַזוי גיך; אַז דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט, אויף וועלכן מען האָט געלייגט אַזויפיל האָפענונגען, וועט אַזוי שענדלעך פאַרראַטן.

דער וועלט־קריג, וואו צען מיליאָן מענטשן זיינען אומגעקומען, און נאָכאַמאָל אַזויפיל זיינען פאַרקריפּלט און פאַראומגליקט געוואָרן, איז געווען דער ערשטער פאַטש אין פנים, וואָס די קולטור האָט באַקומען. דער קריג איז נישט געפירט געוואָרן דורך אָפּגעשטאַנענע פעלקער. עס האָבן אין אים אָנטיילגענומען דייטשלאַנד און פראַנקרייך, ענגלאַנד און איטאַליע, רוסלאַנד, עסטרייך און אַמעריקע. די מערדערייען, וואָס זיינען

אָפּגעטאָן געוואָרן אין נאָמען פון פּאַטריאָטיזם, די קריגס־געריכטן, די גיפּטיקע גאַזן, דער גאַנצער סיסטעם פון אויסראָטונג און פאַרניכטונג האָט געמאַכט אויפציטערן אַלע יענע, וואָס האָבן זיך איינגעוויגט אין זיסע צוקונפט־חלומות. די מענטשהייט האָט זיך אַ וויז געטאָן אין איר גאַנצער נאַקעטקייט; זי האָט אויף אַ ווײַלע אויפגעדעקט אַלע אירע סאַדיסטישע געפילן, וואָס אין אַ נאָרמאַלער צייט זײַנען זיי טיף באַהאַלטן אין אונטערבאַוואוסטזיין.

יאָרן נאָכן וועלט־קריג האָט מען געפירט דיסקוסיעס און זיך גע־חקרנט ווער עס איז שולדיק געווען אין וועלט־קריג, וועלכער גענעראַל, וועלכער קעניג. אָבער ווען קריג וואָלט געווען עפּעס, וואָס איז פרעמד דער מענטשהייט, וואָלט קיין שום גענעראַל און קיין שום קעניג נישט געקענט אָרגאַניזירן דאָס בלוט־באַד, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט. נאָכן קריג זײַנען אָנגעשריבן געוואָרן טויזנטער ביכער, וואָס האָבן געשילדערט די גרויזאַמקייט פון דעם קריג. די יוגנט האָט אָט די ביכער געלייענט. מען האָט נישט געמאַכט פאַר קיינעם קיין סוד, מיט וואָסערע רציחות און פּיין קריג איז פאַרבונדן. אַ ווײַלע האָט אויסגעזען, אַז אייראָפּע האָט זיך ווירקלעך אָפּגעטרייסלט פון דעם קאָש־מאַר פון קריג. דער גרויסער דערפאָלג פון רעמאַרקס בוך „אויפן מערב־פראָנט קיין נייעס" איז געווען ווי אַ באַשטעטיקונג דערויף. אָבער באַלד האָבן פונסניי געגומען בלאָזן פאַרפעסטעטע ווינטן. דער פאַשיזם איז געווען קריגעריש באַלד אין אָנהויב פון זיין אַנשטייאונג. „מיר גלויבן נישט אין קיין שלום" — דאָס איז געווען דער לאָזונג פון מוסאָליני, און דאָס איז דער לאָזונג פון היטלערן. ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, מוזן אויך די דעמאָקראַטישע מלוכות ליקווידירן די פאַציפיסטישע שטי־מונגען, וואָס האָבן אַרומגעכאַפּט די מאַסן אין די ערשטע יאָרן נאָכן קריג. אויב דײַטשלאַנד און איטאַליע קענען מאָביליזירן אַן אַרמיי פון צוועלף מיליאָן סאָלדאַטן, קענען פראַנקרייך און ענגלאַנד מער זיך נישט אָפּגעבן מיט פאַציפיסטישע טעאָריעס. סאָוועט־רוסלאַנד איז אין דער הינזיכט ווייט נישט קיין אויסנאַם. היינט, צוואַנציק יאָר נאָכן וועלט־קריג, איז די וועלט באַוואָפנט פון קאָפּ ביז די פיס. מיליאָנען יונגעלייט קריגן זייער

# אַנשטאָט אַ שלום־וואָרט

דערציאונג אין די קאַזאַרמעס. די מאַסן גיבן־אַוועק זייער געלט אויף צו בויען קריגס־שיפן, צו פּאַבריצירן עראָפּלאַנען און אַמוניציע. איידער די וועלט האָט זיך אַרומגעזען, האָט זי דער טייוול פון קריג שוין ווידער אַריינגענאַרט אין זיין נעץ. די פעלקער־ליגע, אויף וועלכער פיל האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען, האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר בוצלאָז. די פירער פון דער אייראָפּייאישער פּאָליטיק קענען זיך נישט פּאַראייניקן, כל זמן יעדע רעגירונג האָט אירע אייגענע אינטערעסן, וואָס שטייען אָפט אין פולן ווידערשפּרוך צו די אינטערעסן פון אַן אַנדער רעגירונג. ענגלאַנד, וואָס שפּילט די ערשטע פידל אין דער פעלקער־ליגע, האָט פיל מיטגעהאָלפן צו דער אַנשטייאונג פון היטלעריזם. אויס מורא, אַז פראַנקרייך זאָל נישט ווערן צו־שטאַרק, האָט זי געלאָזט אויפקומען היט־לערן און מוסאָליניען, וואָס איצט דראָען זיי זי איינצושלינגען. אָבער אויך איצט פירט ענגלאַנד נאָך אַלץ אַ פּאָליטיק, וואָס אין איר קומען צום אויסדרוק אַלע מיאוסע זייטן פון אַ קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג. ענגלאַנד איז שטענדיק גרייט צו פאַרראַטן; ענגלאַנד ווייסט נישט פון קיין גרויס־מוטיקייט, פון קיין אַמביציע. כאָטש יעדער ענגלענדער פאַר זיך שפּילט די ראָל פון דעם שטאָלצן דזשענטלמאַן, איז די ענגלישע פּאָליטיק קרי־כעריש. ווער, אויב נישט ענגלאַנד, האָט געלאָזט אויפקומען פראַנקאָן, דעם „פירער" פון די רעבעלן אין שפּאַניע? פריידיקנדיק דעמאָקראַטיע ביי זיך אין דער היים, העלפט ענגלאַנד פּאַקטיש אונטער אַלע גאַנצע און האַלבע דיקטאַטורן אין אייראָפּע. די קאָנסערוואַטיוון, וואָס הערשן אין ענגלאַנד, זיינען כמעט פאַר פאַשיזם, כאָטש קיינער וועט נישט אַזויפיל ליידן פון די פאַשיסטישע איבערפאַלער ווי ענגלאַנד.

וואו איז דער אויסגאַנג? איז טאַקע גאָרנישט געבליבן אויסער צו פאַרצווייפלען? דאַרף מען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אַראָפּלאָזן די הענט און רעזיגנירן? און די הויפּט־זאַך: איז מעגלעך צו רעזיגנירן?

ניין, עס איז אוממעגלעך.

אַן איינציקער מענטש קען רעזיגנירן אויף אַ געוויסער צייט. אָבער נישט אַ פאָלק און נישט די מענטשהייט קענען רעזיגנירן. רעזיגנאַציע איז אַן אינדיווידועלע דערשיינונג און אין אינדיווידוום שעפּט זי זיך אויס.

מעגן געציילטע מענטשן זיך האַלטן ביי דער מיינונג, אַז די קראַנקהייטן פון דער מענטשהייט זיינען אומהיילבאַר. קיין מאַסן־אידיאָלאָגיע קען דאָס נישט ווערן. עס איז דעריבער אינגאַנצן נאַטירלעך, אַז די יעניקע, וואָס זיינען נאָך נישט אינגאַנצן פאַרבלענדט פון דער פאַשיסטישער אידעאָלאָגיע און וואָס קענען זיך נישט אויסלעבן אויסשליסלעך אין די אייגענע פּרי־וואַטע אינטערעסן, מוזן פריער אָדער שפּעטער קומען צום סאָציאַליזם.

שווערע אַנטוישונגען האָבן די מאַסן געהאַט די לעצטע יאָרן. מענטשן, וואָס האָבן געגלייבט אין נאָמען פון סאָציאַליזם, האָבן די לעצטע מינוט פאַרלאָזט די רייען און איבערגעגאַנגען צום שונא. אידעאַלן, וואָס זיינען געוואָרן געפּריידיקט און פאַרהייליקט דורך דורות, זיינען אָפט געוואָרן פאַרשוועכט דורך די יעניקע, וואָס האָבן זיי געפּריידיקט. די מאַסן האָבן זיך אין אַלע צייטן אויסגעצייכנט מיט געדולד און גלויבן. בלויז די יעניקע, וואָס לײַדן, זיינען פעיאיק צו האָפן און צו לעבן מיט דער צוקונפט. דאָך האָט אויך דאָס געדולד פון די מאַסן אַ ברעג. מען פרעגט אָפט די פראַגע: ווי אַזוי האָט עס געקענט געשען, אַז אין אַזעלכע לענדער ווי אין דייטשלאַנד און איטאַליע, וואו די סאָציאַליסטן האָבן געהאַט פאַרן קריג אַזאַ שטאַרקע קראַפט, זאָלן גרויסע מאַסן איבערגיין צום פאַשיזם? מיין ענטפער איז: אַ גרויסע טייל פון דער שולד טראָגן די סאָציאַליסטישע פירער. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל האָט אַלעמאָל באַפליגלט די מאַסן. אָן דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל האָט זיך נישט געקענט באַגיין קיין שום רעליגיע, קיין שום סעקטע, קיין שום מאַסן־פירער. דער סאָציאַליסטישער אידעאַל איז אויסגענוצט געוואָרן אין אַלע צייטן. אָן אים קען קיינער די מאַסן נישט באַגייסטערן. אָבער עס האָט אַלעמאָל געטראָפן אַזוי, אַז די יעניקע, וואָס האָבן געפּריידיקט דעם סאָ־ציאַליסטישן אידעאַל, האָבן אויסגענוצט די באַגייסטערונג פון די מאַסן פאַר גאַנץ אַנדערע צוועקן. דאָס קריסטנטום האָט אורשפּרינגלעך גע־שעפּט פון דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. אין אַלע רעוואָלוציעס און מלחמות, האָט מען די מאַסן צוגעזאָגט מער אָדער ווייניקער דאָס, וועגן וועלכן עס האָבן געחלומט די סאָציאַלע טרוימער. אָבער ווען עס איז געקומען צו דער פּראַקטיק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די מאַסן זיינען

## אַנשטאָט אַ שלום-וואָרט

אָפּגעגאַרט געוואָרן. די סאָציאַליסטישע פירער פון סוף ניינצנטן יאָר־הונדערט און פון אָנהויב צוואַנציקסטן, האָבן געהאַט אַ קלאָרערן ציל ווי די אוטאָפּיסטן און סאָציאַלע בעלי־חלומות פון די פריערדיקע דורות, אָבער זיי האָבן פאַרגעסן, אַז דער סאָציאַליזם קען זיך נישט אויסשעפּן בלויז אין טעאָריע; אַז דער סאָציאַליזם מוז זיך כסדר שטיצן אויף דעם געפיל פון יושר און עטיק, פון וועלכן ער איז אַרויסגעוואָקסן. דער סאָציאַליזם איז און מוז בלייבן אַ רעליגיע, אַ רעליגיע פון די יעניקע, וואָס גלויבן אין דעם מענטשן און אין זיין צוקונפט. דער סאָציאַליזם מוז האָבן זיינע נביאים, זיינע פּריידיקער, זיינע מאַרטירער. אַ סאָציאַליזם, וואָס ווערט געמאַכט דורך קאַלטע פּראָפעסיאָנאַליסטן, דורך צייטונגס-לייט, דורך אויסגערעכנטע פּאָליטיקער האָט נישט קיין שאַנס צו דויערן לאַנג. אַזאַ סאָציאַליזם האָט אויך נישט געהאַט גענוג שאַנסן זיך קעגנשטעלן דעם פאַשיזם, וואָס ווערט געשמידט אין אַ טייוולאָניש פייער, דורך פאַנאַטיקער, האַלבע משוגעים, וואָס גלויבן אָפּט זייער שטאַרק אין זייערע פירער און אין זייערע פאַרקריפּלטע אידעאַלן.

דייטשלאַנד און איטאַליע זיינען געווען אַ פּאַטש אין פּנים פונעם סאָציאַליסטישן אידעאַל. דייטשלאַנד און איטאַליע האָבן ווידעראַמאָל באַוויזן ווי געפערלעך די דעמאַגאָגיע קען זיין; וויפל שאָדן עס קענען ברענגען די יעניקע, וואָס נוצן אויס דעם סאָציאַליסטישן אידעאַל פאַר זייערע מיאוסע צוועקן; דייטשלאַנד און איטאַליע האָבן אויך באַוויזן, אַז אַ סאָציאַליזם, וואָס ווערט געמאַכט אָן פייער, אָן גרויסער באַגייסטערונג; אַ סאָציאַליזם, וואָס פּרעטענדירט צו זיין נישט מער ווי אַ וויסנשאַפטלעכע טעאָריע — אַזאַ סאָציאַליזם קען נישט זיך קעגנשטעלן קעגן קיין סאָציאַלע שטורמען. דער סאָציאַליזם קען נישט וואַקסן אויף קיין טרוקענעם, פאַרשטיינערטן באָדן. ער מוז האָבן לעבעדיקע זאַפטן, פון וואַנען צו זויגן. דער סאָציאַליזם מוז כסדר וואַקסן אויף אונדזער גרויסער בענקשאַפט פאַר אַ שענערער און בעסערער וועלט. אָבער צי וועלן די אַנטוישונגען איינמאָל פאַר אַלעמאָל אָפּשטויסן די מענטשן פון גוטן ווילן פון סאָציאַליסטישן אידעאַל? — ניין, דאָס זיכער נישט. דער מענטש גייט מיט דער האָפענונג אפילו אין קבר אַריין, ווי שילער דריקט זיך

אויס. קיין שום קלאַפּ וועט נישט דערהרגענען אין די מאַסן דעם אידעאַל פאַר אַ בעסערן מאָרגן. די אַנטוישונגען וועלן אים בלויז לערנען צו זיין מער פּראַקטיש; אונטערצושיידן גענויער צווישן דעם קערן און דעם שאָלעכץ.

אַ שווערער טרויער כאַפּט אַרום, ווען מען קוקט זיך צו, וואָס עס טוט זיך היינט אָפּ אויף דער וועלט. פון אַלע זייטן הערט מען טרויעריקע בשורות. די מאַסן זייגען ווי פאַרבלאָנדזשעט. די אינערלעכע קאַמפן אין סאָוויעט־רוסלאַנד — דאָס לאַנד וואָס סימבאָליזירט דעם זין פון פּראָלעטאַריאַט, וועלכע האָט געגעבן מיליאָנען מענטשלעכע קרבנות פאַר דער הייליקער רעוואָלוציע אום צו באַפרייען די מענטשהייט — האָבן זיך געלייגט ווי אַ שווערער שאָטן. אַ פינצטערער אומעט כאַפּט אַרום ווען מען לייענט אין די צייטונגען, אַז די נעכטיקע פירער, לערער, וועגווייזער ווערן היינט דערשאָסן. דאָס צעטומלט די געדאַנקען פון די מענטשן וועלכע גלויבן אין דער הייליקער רעוואָלוציע פון סאָוויעט־רוסלאַנד. איך גיב אָבער רוסלאַנד דעם גרעסטן רעספּעקט פאַר דעם וואָס אין אַזאַ קורצער צייט האָט זי געקענט דערגרייכן צו באַשאַפן אַזאַ טעכניק, וויסנשאַפט, קולטור און פרייהייט, וואו יעדער פילט זיך אַז ער איז אַ טייל פון דער שאַפנדיקער מענטשהייט.

אָפּט ווערט מען באַפאַלן פון אַ געפיל, אַז די וועלט וועט שוין קיינמאָל נישט אויפוואַכן פון איר קאָשמאַר; אַז די מאָראַל איז ווירקלעך געשטאָרבן איינמאָל פאַר אַלעמאָל און אַז דער מענטש וועט זיך קיינמאָל נישט אַרויספּלאָנטערן פון דער טרויעריקער נעץ, אין וועלכער ער פּלאָנטערט זיך. אָבער ווי אַזוי די שטימונגען זאָלן נישט זיין, וועלן די מענטשן פון גוטן ווילן, די גלויביקע אין רעכט און פרייהייט, פאַר קיין פאַל נישט אויפגעבן זייער גלויבן אין סאָציאַליזם. (נישט געקוקט אויף אַלע אַנטוישונגען, וועט די מענטשהייט, אַלס גאַנצע, נישט אויפגעבן איר גרויסן סאָציאַליסטישן אידעאַל, וואָס קעגן זיין ליכט שפּאַנען זיי פאַראויס זינט טויזנטער יאָרן).

איך האָב אָנגעקלאָגט די מענטשהייט, זי באַשולדיקט אין געפיל־לאָזיקייט, געדאַנקענלאָזיקייט, און איך גלויב, אַז מיט רעכט. מיינע עדות

## אָנשטאָט אַ שלום־וואָרט

זיינען געוועזן די מיליאָנען, וועלכע זיינען גרויזאַם דערמאָרדעט געוואָרן דורך דער מאָדערנער טעכניק. דער שטאָלץ פון דער מענטשהייט... איר גרויסהאַלטן זיך מיט איר רייכקייט, וויסן, קענטעניש האָט זיך אַרויס־געוויזן ביי קריטישער באַטראַכטונג, ווי אַ פוסטע איינרעדעניש. דאָס לעבן האָט מער אומצופרידענע ווי צופרידענע, מער אומגליקלעכע ווי גליקלעכע, מער געטריבענע פון שיקזאַל ווי די יעניקע, וואָס האָבן דעם מוט זיך קעגנצושטעלן דעם שיקזאַל. די אינטריגע איז דער אומנאַטירלעכער באַנד דורך וועלכן די געזעלשאַפט ווערט צוזאַמענגעהאַלטן. איז עס נישט אַ שפּאַס, אַז דער אומגליק פון איינעם איז אָפט אַ געווינס און אַ גליק פאַר אַן אַנדערן? דאָס שלעכטס האָט די גרעסטע שאַנסן אין לעבן, און אין מיטן דעם אַלעמען — אַ מבול פון ווערטער, ווערטער, וואָס באַ־טויבן ווי קאָקאַאין, ווערטער גרויסע, באָמבאַסטישע, וואָס ווערן פאַר־קויפט פאַר געלט. מען פאַררופט זיך אויף דער ביבל, אויף בודאַן, קריס־טוסן, מען רעדט אין נאָמען פון מאָראַל, פון אויפקלערונג, פון סאָציאַ־ליזם, פון פרייהייט, מען ציטירט שפּינאָזאַן, קאַנטן, היינען, וואָלטערן. אָבער מען נוצט אָט די ווערטער פון די גרויסע מענטשן פאַר ליגנערישע צוועקן און אַזוי אַרום באַשמוצט מען די גייסטיקע ירושה פון די יעניקע, וואָס האָבן געוואָלט געבן דער מענטשהייט אַ טיפן זין דורך זייער חכמה און דערקענטעניש.

אָבער דאָס קליינע גוטע וואָרט, דאָס וואָרט פון דער ליבע און פריינטשאַפט, איז אויסגעשלאָסן געוואָרן. עס ווערט איבערגעשריען דורך די שרייענדיקע קעפּ פון ציימונגס־אַרטיקלען. מיט אַ ווילדער שנעלקייט רוישט דער מאָטאָר, וואָס קען יעדע מינוט אָוועקפירן די מענטשלעכע געזעלשאַפט צו אַ נייער קאַטאַסטראָפע.

מיר זעען און פילן די טראַגעדיע, ווי עס ווערט פאַרניכטעט דאָס לעבן פון ברידערלעכע טויזנטער מענטשן, אין כינע, יאַפּאַן, שפּאַניע, אַביסיניע און איטאַליע. אָבער מיט דעם ענדיקט זיך נאָך ניט. מיר קענען יעדע מינוט דערוואַרטן אַ וועלט־קריג אין וועלכן עס וועלן ווערן פאַר־ניכטעט מיליאָנען אומשולדיקע מענטשן.

# פון מאָסקווע ביז ירושלים

איך וויל דאָ איבערגעבן אין ציפערן די צאָל קרבנות פון דער לעצ־טער וועלט־מלחמה: יעדע מינוט זיינען געפאַלן 4 מענטשן, און יעדן טאָג — 6,400 געהרגעטע. פון די יאָרן 1914 ביז 1918 זיינען געהרגעט געוואָרן 10 מיליאָן מענטשן; 9 מיליאָן זיינען פארוואונדעט געוואָרן; 13 מיליאָן — פאַרקריפּלט. יתומים — 9 מיליאָן; אלמנות — 5 מיליאָן.

אָט דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דער בלוטיקער טראַגעדיע, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט פאר אונדזערע אויגן, אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט.

די נאַטור איז אַזוי רייך, אַז זי קען געבן אַ שענער און בעסער לעבן פאַר דריי־פיר מאָל אַזויפיל מענטשן וויפיל עס געפינען זיך אויף דעם ערד־קוגל, אַז די מענטשן זאָלן ניט דאַרפן קעמפן און זיך פאַרניכטן ווי די ווילדע בעסטיעס.

איך בין זייער גליקלעך, ווען איך אָב געפונען אין פּרעזידענט רוזוועלט, אַן אויפריכטיקן מענטשן, מיט גוטן ווילן, אַן אמתן געגנער פון פאַשיזם און ראַסן־האַס, אַ הייסער אָנהענגער פון וועלט־שלום.

דאָס אָנשרייבן אָט דאָס בוך איז געווען פאַר מיר מער פּיין ווי פרייד. איך האָב נישט אָנגעשריבן אָט די זכרונות פאַר אַ זעלבסט־צוועק. איך האָב בלויז געוואָלט וויזן וועלכע פאָנן די מענטשהייט האָט צו טראָגן, ווען די מאָראָל שטאַרבט. מער האָב איך נישט געוואָלט.

## וואָס די קריטיקער פון פאַרשיידענע ליטעראַרישע זשורנאַלן און צייטונגען האָבן געשריבן וועגן לעאָן ס. גלאַזערס בוך „פון מאָסקווע קיין ירושלים“

# די אידישע פרעסע

## ל. ליליפוט אין „פאָרווערטס"

האָבן מיר גענומען לעזן דעם בוך און... מיר האָבן זיך נישט געקענט אָפּרייסן, ביז מיר האָבן געענדיקט די לעצטע זייט, און ווען מיר האָבן געענדיקט, האָבן מיר נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל געמוזט איבערלעזן...

דאָס אינטערעסאַנטסטע פון דעם בוך איז, וואָס לייענענדיק פילט מען, אַז אַלע בילדער, אַלע סצענעס, אַלע באַשרייבונגען זיינען נישט קיין אויסגעטראַכטע, זיינען נישט גענומען פון דעם פאַרפאַסערס פאַנטאַזיע, נאָר פון פאַקטן, פון פּאַסירונגען פון אמתן לעבן און זיינען פאַרוויקלט און פאַרפלאָכטן געוואָרן מיט זיינע באַגריפן פון אמתער מאָראַל, אמתער ליבע און אמתער שיינקייט.

## „דער טאָג", ניו יאָרק

יאָרנלאַנג האָט לעאָן גלאַזער געאַרבעט אויף דעם מאַנוסקריפּט פון זיין בוך, וועלכער האָט אין אָריגינאַל געהייסן „די מאָראַל שטאַרבט". ער האָט אין זיין שטורמישן לעבן געזען איין זאַך, און דאָס איז, אַז די ציוויליזירטע וועלט האָט פאַרלוירן איר גלייכגעוויכט און דעם מאָראַלן באָדן. אָט דער געדאַנק שלענגלט זיך אין דעם בוך די גאַנצע צייט.

## מ. ערעלבוים, „די צייט", לאָנדאָן

לעאָן גלאַזער איז דאָס בוך — ער איז דער איוב פון דער עפּאָכע... זיין „איכה" איז גאַנץ זיכער דערפאַר נאָך שטאַרקער, ווייל ער איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער ליטעראַט. ער קען נישט און ווייסט נישט די קונסט פון ווערטער, פון אַרומשניידן, אויסשעגערן און פאַרפיינערן זיינע געדאַנקען. זיי קומען דערפאַר אַרויס נאַטירלעך, רוי, נאַקעט און גרויזאַם, ווי זיי האָבן געמוזט דערשיינען פאַר זיינע אויגן.

... עס איז אַ נייער „איכה" פון דעם נייעם חורבן, וואָס אַנטוויקלט זיך פאַר אונדזערע אויגן, אַזאַ איכה ווערט אויפגעשריבן נאָר אין גרויסע היסטאָרישע עפּאָכן.

## אָפּרוף פון דער פּרעסע

### וואַכנצייטונג (דזשוּאיש וויקלי), לאָנדאָן

...אַז איר ווילט, זעט איר אין דעם מחבר דעם אמתן סימבאָל פון גאַנצן אידישן פאָלק, וואָס לעבט־איבער אַלע אומגליקן און אַלע געפאַרן און בלייבט גאַנץ און טעטיק און זעצט פאָרט דאָס לעבן, דאָס אידישע לעבן.

...עס לעזט זיך ווי דער בעסטער שפּאַנענדיקער ראָמאַן, הגם דער ראָמאַן פון מחבר פאַרנעמט דאָרט אַ גאַנץ קליינעם טייל, און ווען איר לעזט און ווילט נישט אויפהערן, פרעגט איר זיך אַליין: וואָס אַזוינס האָט מיך דאָס בוך אַזוי צוגעצויגן און באַגייסטערט?

און באַלד מוזט איר זיך אַליין ענטפערן: די איינפאַכקייט, אין וועלכן דער אמת ווערט אַרויסגעזאָגט, די אומשולד און נאַאיוויטעט פון מחבר, וואָס גיסט אויס זיין וואַרים הארץ און זיינע טיפע רירנדיקע געפילן.

### „דער נייער מאָרגן", פּוילן

דער ראָמאַן איז אָנגעשריבן אויסערסט שפּאַנענדיק און שטעלט מיט זיך פאָר אַן אינטערעסאַנטן מענטשלעכן דאָקומענט, וואָס שפּיגלט אָפּ די שווערע איבערלעבונגען און נסיונות פון די אידן פאַר די לעצטע פאַר צענדליק יאָר.

### „די אידישע פּרעסע", אַנטווערפּן

אין דעם דאָזיקן ווערק שילדערט דער אויטאָר אין אַ שפּאַנענדיקער פאָרם דעם קריג אין אייראָפּע, דעם ליידנס־וועג פון אידישן פאָלק און דאָס אָפּשטאַרבן פון דער מאָראַל. דאָס בוך איז אויפגענומען געוואָרן דורך דער וועלט־פּרעסע מיט די וואַרימסטע שבחים.

# די פּרעסע אין אַנדערע שפּראַכן

### דר. אַנטאָן מונדינג, אין ווינער טאַגעבלאַט

דאָס בוך פון לעאָן ס. גלאַזער „פון מאָסקווע קיין ירושלים" איז פול־שטענדיק אָריגינעל. דאָס בוך שמעקט מיט מוטער־ערד, מיט נאַטור. עס איז נישט געמאַכט און נישט פאַרדאַרבן. דער שריפטשטעלער פאַר־

מאַגט אַ געוואַלדיקע באַאָבאַכטונגס־קראַפט און וואָס ער באַשרייבט, איז טיף איגערלעך דורכגעלעבט.

זיין פאַנטאַזיע איז רייך און דאָך פול מיט אמתן רעאַליזם... דאָס בוך קען זיין אַ וועג־ווייזער פאַר יעדן מאָדערנעם מענטשן.

## דהי סטאַר, לאָנדאָן

מיר באַקומען אַן אַריינבליק אין אַ פייערדיקן גייסט, וועמענס ברייטע געדאַנקען און טאַטן זיינען דורכגעזאַפט מיט דער אידייע פון אויסלייזן די מענטשהייט פון כאַאָס, וואָס פולט אָן דאָס מאָדערנע לעבן.

## פּראַגער מיטטאָג

דאָס בוך איז געשריבן שפּאַנענדיק. גלאַזערס איבערלעבונגען זיי־נען ווערט געוועזן אויפגעשריבן צו ווערן און זיין בוך וועט זיכער געפינען אַ ברייטן קרייז לעזער.

## פּראָפעסאָר ראַבינאָוויטש (טריעסט)

דאָס בוך פון דעם אידישן שריפטשטעלער לעאָן ס. גלאַזער איז אַ רייזע איבער דעם דאַנטישן גיהנום. עס איז אַ בוך, וואָס קלאָגט־אָן אונדזער צייט און פאָדערט דין־וחשבון פון דעם דור, אין וועלכן מיר לעבן.

## „די וועלט אים בוך", פּאַריז

דאָ שרייבט אַ מענטש, וואָס איז נישט קיין פּראָפעסיאָנעלער שריפט־שטעלער און דיכטער, אָבער דאָך פאַרמאָגט ער קינסטלערישע געשטאַל־טונגס־קראַפט. עס איז די לעבנס־געשיכטע פון אַן אַלטעגלעכן מענטשן, וועלכן דער שיקזאַל האָט געשלאָגן מיט דעם האַמער אויף זיין קאָוואַדלע. דאָס בוך לייענט זיך ווי אַ ראָמאַן און דער לייענער איז ביז צו דער לעצטער מינוט געפאַנגען פון דעם בוך. ווייל נישט בלויז איינצלנע פּאַ־סירונגען ווערן דאָ באַשריבן, נאָר מיר האָבן דאָ פאַר זיך דעם שיקזאַל פון אַ מענטשן, וואָס האָט דורכגעוואַנדערט דעם גאַנצן זומפּ פון דער ציוויליזאַציע און געפּרואווט געפינען אַ זין און צוועק אין לעבן... פּונקט ווי קינס פאַרגאָסענע בלוט האָט געשריען פון דער ערד, אַזוי פאָדערט דער דיכטער דין־וחשבון פון דער פאַרניכטעטער מענטשלעכער מאָראַל, פון זיך און פון אַנדערע... זיין רוף וועט געפינען אַן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון די יעניקע, וואָס מוזן היינט שווייגן...

## אָפּרוף פון דער פּרעסע

### דהי דזשוּאיש קראָניקל, לאָנדאָן

דער מחבר באַשרייבט דאָ זיינע דערפאַרונגען אין דער צייט פון דער רוסישער רעוואָלוציע אין וועלכער ער האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל, וואָס האָט געבראַכט גרויסן נוצן פאַר דער פרייהייט.

### די בריקע, פּראַג

עס איז אַ בוך, וואָס איז ווערט געלעזן צו ווערן און וואָס וועט אין פיל מענטשן אויפוועקן דערינערונגען פון פאַקטן, וועלכע זיי האָבן אַליין איבערגעלעבט און וואָס זיינען, נישט געקוקט אויף זייער גרויזאַמקייט, שוין האַלב פאַרגעסן.

### פּראַגער טאַגעבלאַט

דער אינהאַלט פון אָט דעם שפּאַנענדיקן און אינטערעסאַנטן בוך ווייזט אונדז דעם לעבנס־לויף פון גלאַזערס לעבן און האַלט דעם לעזער אין אַזאַ שפּאַנונג, אַז ער קען נישט אַוועקלייגן דאָס בוך ביז וואַנען ער ענדיקט עס נישט.

### די נויע וועלט־ביהנע

דאָס בוך, וואָס איז מיט עטלעכע טעג צוריק דערשינען אין ווין, איז אויסערגעוויינלעך אַקטועל און שפּאַנענדיק.

### די וועלט, פּראַג

עס איז אַ לעבנס־ווידוי פון אַ רוסישן רעוואָלוציאָנער, וואָס שילדערט זיינע איבערלעבונגען און קאַמפן, אין וועלכע ער האָט אַקטיוו גענומען אַנטייל און אויך ווי אַזוי ער איז שפּעטער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ פּיאָנער פון פּאַלעסטינע. דאָס בוך איז הויך אינטערעסאַנט.

### זעלבסטוועהר, פּראַג

דאָס בוך איז נישט קיין ווערק, וואָס איז אויסגעדיכטעט געוואָרן. עס איז אַן אויטאָביאָגראַפיע. זיין סטיל איז דער סטיל פון לעבן. עס איז געשריבן פון אַ הייסן טעמפּעראַמענט ; עס איז פול מיט פאַנטאַסטיק

און דאָך פול מיט אמת און ווירקלעכקייט; עס איז ליידנשאַפטלעך און פול מיט ניכטערער זע־קראַפט, צאַרט און פול מיט דעם שמייכל פון די יעניקע, וואָס קיין שום קאַטאַסטראָפע קען זיי נישט ברעכן.

## יודישע רונדשאו, בערלין

דאָס בוך איז אַן אָדיסיי פון דער שרעקלעכער צייט, אין וועלכער מיר לעבן.

## פּאַריזער טאָגע־בלאַט

דאָס בוך האָט דערוועקט גרויס אינטערעס אין ברייטע און פאַרשיידנאַרטיקע קרייזן. פיל פּראָמינענטע פּערזענלעכקייטן האָבן אויסגעדריקט זייערע מיינונגען, אַז דאָס בוך שטייט העכער פון אַלע נאָך־מלחמהדיקע ראָמאַנען.

## פּאל עפּטינא, איליוסטרעיטעד ניוס

ווי אַלע רוסישע ביאָגראַפיעס, איז דאָס בוך אַן אינטערעסאַנטער דאָקומענט, וואָס פאַרכאַפּט די אויפמערקזאַמקייט פון לייענער. מיסטער גלאַזער שרייבט ווי אַ איד און אַ נאַציאָנאַליסט, אָבער ווי אַ סך אַנדערע אידן, קען ער זיין אַ נאַציאָנאַליסט און אַן אינטערנאַציאָנאַליסט אין איין און דער זעלביקער צייט, איינזעענדיק, אַז דאָס גליק פון דער מענטשהייט שטייט אין צוזאַמענהאַנג מיט דעם וואוילזיין פון אירע באַזונדערע טיילן.

## א. וואַני, „רוסקלי גאָלאָס", ניו יאָרק

דאָס בוך איז זייער אַן ערנסטע באַשרייבונג פון דעם וועלט־קריג, דער רעוואָלוציע, די פּעטליורע־קאַמפּן. דער שריפטשטעלער וויל דאָ נישט געבן קיין נייע לערע אָדער פילאָזאָפיע, אָבער די געוויינלעכע און נאַטירלעכע באַשרייבונג שילדערט דאָס מענטשלעכע לעבן אַזוי, אַז יעדער קען דערפון עפּעס לערנען. דאָס בוך איז רוי, נאַקעט, און פול מיט דעם ריח פון ערד.